


# יעקב גאָרדין דער פאָלקס־לעהרער

(אַן איינלייטונג צו זיינע שריפטען)

דאַכט זיך נאָך נעכטען איז דאָס געווען:

אין דעם גאַנצען ניו יאָרקער אידישען קוואַרטאַל האָט עס זיך געפיהלט, אַז ערגיץ־וואו ארום אונז געפינט זיך —

עין רואה — אַן אויג וואָס זעהט אַלץ,

אזן שומעת — אַן אויער וואָס הערט אַלץ און אייגער דעם אַנדערן האָט אָהן ווערטער געזאָגט —

וכל מעשיך — און אַלץ וואָס דו טוסט

בספר נכתבים — ווערן פערשריעבען אין אַ בוך, אַלץ וואָס מיר אַלע טוען און רעדען און פיהלען און דענקען: צו גוטען, אָדער צו בייזען, שכל'דיג אָדער דום, זיך מאַכענדיג בעריהמט אָדער לעכערליך.

יעדע היפּאָקריטסטווא, יעדע ניעדערטרעכטיגקייט, יעדע גרויסע דומהייט בעגאַנגען סאַי פון אַ כלל סאַי פון אַ יחיד, יעדעס אונרעכט, פון וואַנען עס זאָל ניט שטאַמען, האָט מיט זיכערהייט געקענט ערוואַרטען צו ווערען בעמערקט פון יענעם שאַרפען אויג, יענעם קריטישען אויער און צו ווערען רעגיסטרירט אין דעם דאָזיגען ספר, — פריהער אָדער שפּעטער.

און עס שיינט, אַז פּלוצלונג איז ארויסגעפאַלען פון דעם „רעגיסטראַטאָרס" האַנד די פעדער, און עס איז אין דעם אויג פערלאָשען געוואָרען דאָס ליכט, און טויב איז געוואָרען דער עדעלער הער־אינסטרומענט, אין וועלכען יעדע מענשליכע רעגונג האָט געפונען אַן אָבקלאַנג. איך זאָג „עס שיינט", מחמת ניט אַכטענדיג אויף די פּופּצעהן חדשים, וואָס טהיילען אָב דעם בעגראָבענעם פון דעם ניט־גע־

## III.

געווים, אויב עס איז דאָ האַרמאָניע און אַ ריטהם אין אַ רייהע פון ־ונערשלעג; אויב עס איז דאָ אַ בילד אין דעם סך־הכל פון אַ רייהע פון בליק־שטראַהלען אין אַ שטורמדיגע נאַכט; אויב עס איז דאָ מעלאָדיע אין דעם רויש פון די ים־וועלען בעת זיי גרייפען אָן מיט וואוטה דעם ברעג, פערצעהרען זייער כעס און ציעהען זיך צוריק; אויב עס איז פאַראַן קונסט אין דער ראָזע און דער ליליע און אין מיליאָנען אַנדערע קווייטעלעך און בלעטעלעך אין דער גרויסער נאַטור, — אויב דאָס אַלץ איז אזוי, דאַן איז קיין צווייפעל ניטאָ, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי קונסט צוליעב קונסט. אין דעם גלויבט ער.

זיין קען דאָס אויך אַ בילד פון דער נאַטור, אַ לאַנדשאַפט, א בעשרייבונג פון אַ באַרג, אַ פייגעל'ס געזאַנג — הגם דאָס איז ניט גאַנץ זיכער אין אַלע פעלע — אַ ליעבעסגעדיכט — אויך ניט אימער — און אַנדערע אַזעלכע זאַכען.

אָבער משה רבנו'ס „האזינו", אַ לייכטענדער פּאָעטישער ברוליאַנט אין אונזער רייכער ירושה פון די אַלטע צייטען, איז געווען טענדענציעז; ישעיה הנביא'ס „כרם היה לדודי" איז דאָס געווען; דוד'ס „למה רגשו גוים" איז דאָס אויך געווען; די שעהנע לעגענדען פון די ערשטע יאָהרהונדערטע אין גלות זיינען געווען טענדענציעז; די אַלטע דראַמאַ „איוב" און די מעשה מיט רות און נעמי און די גאַנצע פּאָעזיע פון אַלע פּראָפּעטען איז דאָס געווען ניט ווענינער ווי שעללי'ס „קווין מעב" און שילער'ס „גלאָקע" און געטהע'ס „פויסט" און הונדערטער אַנדערע זאַכען וואָס מען קען אָנרופען.

און אפילו אויב עס איז אמת, אַז קונסט איז נור די קונסט, וועלכע טראָגט אין זיך ניט קיין שום מוסר־השכל, וועלכע רעט וואָס מעהר צו די חושים, ספּעציעל צום אויער און צום אויג און וואָס ווענינער צום מאָראַלישען געפיהל אין מענשליכע הערצער; אויב עס איז אפילו אמת, אַז די קונסט דאַרף ווייזען און ניט לערנען, דאַרף האַלטען אַ שפּיגעל אין האַנד און ניט אַ טייטעל, דאַרף קיצלען און ניט שמייסען, דאַרף מאָלען און ניט שרייבען, דאַרף אָנערקענען העכסטענס אַן „אַז ישיר", אָבער אויף קיין פאַל ניט קיין „תוכחה", דאַן זאָגט אייך יעקב גאָרדין:

צעהלט מיך ניט מיט צווישען אייערע גדולים, צווישען די כהנים פון אייערע געטליכע מוזען, צווישען אייערע בילדהויער, וואָס פערשטעהען

## II.

שטאַרבענדיק י ע ק ב  ג אָ ר ד י ן איז דאָס געשלאָסענע אויג, דער פערשטאָפּטער אויער און די אָבגענומענע האַנד נאָך אַלץ נים קיין אַלגעמיין אַנערקאַנטע ווירקליכקייט: עס דוכט זיך נאָך עד היום, אַז מען לעבט אין אַ מין קאָשמאַר, אַז דער בייזער חלום מוז איבערגעהן און באַלד וועט מען ערוואַכען צו געפינען נעבען זיך, אין איהר גאַנצער גרויס, די געליעבטע אַלטע פיגור, מיט דעם אַלטען בעקאַנטען סאַרקאַסטישען שמייכעל אויף די ליפּען, און מען וועט דערהערען דעם געמאַכטען מעפיסטאָ־לאַך, דורך וועלכען עס ברעכען זיך דורך די ווערטער:

„שעהן אָבגענאַררט אייך, איהר יאָלדעס! אָט בין איך דאָך!"

פון דעסטוועגען איז טאַקע דאָס וואָס שיינט צו זיין, און מעהר איז טאַקע ניטאָ נים די „עין רואָה", נים דער „אוזן שומעת", נים די „יד כותבת" פון אַמאָל.

געבליעבען איז דער ספר, דער אָפענער בוך, מיט אַלץ וואָס די איצטער טויטע האַנד האָט אין איהם אריינגעשריעבען.

דיעזער ספר ערשיינט ביסלעכווייז אַ געדרוקטער פאַר די אידישע וועלט און וועגען דעם טהייל פון איהם, וועלכען מיר דערלאַנגען היינט דעם לע־זער, וועלען דאָ געזאָגט ווערן איניגע ווערטער.

---

צו קענען ריכטיג בעגרייפען און אָבשעצען דיעזען קליינעם טהייל פון יעקב גאָרדינ'ס ריעזען־אַרבייט דאַרף מען, פריהער פאַר אַלץ, געדענקען, אַז דער מאַן און זיין ווערק קענען אויפגעפאַסט ווערן אַלס אַ לעהרער און זיין לעהרע. סאַי אין די ווערטער, וועלכע זיינען געגאַנגען דירעקט פון זיי־נע ליפּען צו זיינע צוהערער, סאַי אין די ווערטער, וועלכע ער האָט געלאָזט הערן דורך די ליפּען פון שוישפּיעלער אויף דער ביהנע, סאַי אין די ווער־טער, וועלכע ער האָט צום פובליקום געשיקט אין דער געשטאַלט פון סקיצ־צען און פובליציסטישע אַרטיקלען,—בקיצור, סאַי אַלס לעקטשורער, סאַי אַלס דראַמאַטורג, סאַי אַלס נאָוועליסט און פובליציסט איז זיין עובדאָ אימער געווען צו בעלעהרען, צו שטראָפען, צו בילדען, אויפצוקלערען דעם עולם.

טענדענציעז? געוויס. אין קונסט לשם קונסט האָט ער ווענינ־וואָס גע־גלויבט, יעדענפאַלס נים אויף דעם געביעט פון ליטעראַטור.

און אַרבייטער, פּרומאַקעס און סאָציאַליסטען—אַלע אין איין הויפען אויף עטליכע קוואַדראַטנע מיילען, די מייסטע פון זיי טאַקע אויף איין אייני־ציגע מייל.

און דאָ האָט זיך פאַר איהם מיט אַמאָל בעוויזען די מעגליכקייט צו רעדען צום גאַנצען כלל ישראל און צו רעדען אויף דריי פערשיעדענע אופנים:

ערשטענס, שטעהענדיג פנים אל פנים צו זיי און זיי לערנענדיג „תורה" און דרך־ארץ;

צווייטענס, רעדענדיג דירעקט צו זיי, אָבער שוין ניט מעהר געזיכט צו געזיכט און בענוצענדיג דיעזע פאָרמע פון זיין טהעטיגקייט כדי זיי צו מונטערן, צו וועקען, צו בילדען, צו קריטיזירען, צו שטראָפען, און

דריטענס, שטעהענדיג גאַר אָן אַ זייט אַלס דראַמאַטורג, וואָס זיין נאָמען קען זיין אויף די פּלאַקאַטען, אָבער ניט אין זיין ווערק. אין דיע־זער טהעטיגקייט אָבער זיך שוין צו בעשעפטיגען מיט גרויסע פּראָבלעמען, וואָס זיינען נוגע צום אידען ענטוועדער אַלס איד, אָדער אַלס מענש, אָדער אַלס אַרבייטער.

פאַר דעם ערשטען סאָרט אַרבייט האָט ער געהאַט הויפּטזעכליך די עדיוּ־קיישיאָנאַל ליג, פאַר דעם צווייטען די פּרעסע, פאַר דעם דריטען דעם טהעאַטער.

פון די דריי אינטערעסירט אונז אין דיעזעם אויגענבליק דער צוויי־טער.

אויף איהם וועלען מיר זיך אָבשטעלען.

---

די פּיער בענדער, וועלכע דער לעזער האָט היינט פאַר זיך, ענטהאַלטען אַלץ וואָס מיר האָבען געקענט צונויפזוכען אין אַ פערהעלטניסמעסיג קורצע צייט. אַזוי ווי דער מאַטעריאַל איז אין די הענד פון דעם רעדאַקטאָר אריינ־געקומען ביסלעכווייז און ער האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט זיך אָוועק־צוזעצען אויף עטליכע חדשים און איבער זיי כסדר אַרבייטען, איז די סאָר־טירונג ניט אומעטום אויסגעהאַלטען. דעם לעזער וועט דאָס ווייניג שטע־רען, אָבער פאַר די וואָס וועלען דורך דיעזע ביכער שטודירען יעקב גאָר־דינ'ס ווערק אויף דעם געביעט פון ערצעהלענדע אין פּובּליציסטישע ליטע־

זיך בלויז אויף שעהנהיים. איך האָב אַ פאָלק צו בילדען, מותות צו וועקען, הערצער צו ריהרען, זיטען צו מילדערן, אַ תורה צו געבען און א בשורה צו פערקינדיגען. איך קען נים דיענען דער קונסט אליין.

---

און ער איז געבליעבען קאָנסעקווענט.

יעקב גאָרדין אין די גאַנצע דרייסיג יאָהר, פון דעם טאָג ווען ער האָט געגרינדעט די „דוכאָוונאָ־ביבלייסקאָיע בראַטסטוואָ“, ביז ער האָט געשריעבען (אין 1892) זיין „סיביריא“ פאר'ן טהעאַטער; דורך „טירעלע אפרת“ און „גאָט מענש און טייוועל“ ביז די לעצטע אַרבייט זיינע „דעמענ־טיא אַמעריקאַנאַ“; דורך אַלע זיינע סקיצצען און אַרטיקלען, איז אימער דערזעלביגער: דער לעהרער, דער מוכיח, דער פאָלקס אויפקלערער, דער טריבון.

און ווי ער האָט אין קליינע קרייזען אין יעליסאַוועטגראַד אין 1875 און שפעטער געשטראָפט זיינע ברידער, זיי געלערנט און געבילדעט, אַזוי האָט ער אין זיין דערמאָנטען לעצטען דראַמאַטישען ווערק דאָס געטאָן, הגם אויף אַנאַנדער אופן, אויף אַן אופן, וועלכען יעדער מענש מיט אַ מוח, וואָס איז געבליעבען אַ האָרעלע פערשאַנעוועט פון דער מגפה דעקאַדענץ, וועט אַנערקענען פאַר קונסט־עהנליך, אפשר פאַר קונסט אליין, א קשיא אויף א מעשה.

און ווי ער האָט פאַר דעם פריהערדיגען דור דאָרטען אין רוסלאַנד קלאָר און דייטליך ארויסגעזאָגט אַלץ וואָס ער דענקט וועגען דעם אידישען פאָלק מיט זיינע גוטע און העסליכע מדות, ספעציעל די העסליכע, אַזוי האָט ער דאָס זעלבע געטאָן קומענדיג אַהער קיין אַמעריקאַ.

מעהר נים, מים אַנדערע מעטהאָדען, אויף אַנאַנדער אופן. די אומ־שטענדען, דער אָרט און די צייטען זיינען איצט געווען אַנדערע.

דאָ אין אַמעריקאַ האָט גאָרדי'ן פאַר זיך געפונען אַנשטאָט זיינע אַמאָ־ליגע בלויז זיד־רוסישע אידען, דאָס רוב פון יעליסאַוועטגראַד, אדעסא און עטליכע אַנדערע שטעדט,—אַנשטאָט דיעזע, זאָג איך, דעם גאַנצען כלל ישראל, אָדער ריכטיגער, מוסטערס (סאַמפעלס) פון דעם גאַנצע יודענטהום. אשכנזים און ספרדים, ליטוואַקעס און זיד־רוסישע, רוסיש־פוילישע אידען און גאַליציאַנער, אַמעריקאַנער געבאָרענע און נאָך גאַנץ גרינע, בטלנים

שפּראַך איז ערטערווייז ניט גלאַט. אָבער דערביי איז געווען אַנאַנדער אומשטאַנד.

מיט צוואַנציג יאָהר צוריק האָט ניט נור גאָרדין, וועלכער איז געווען, אָדער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַן אַסימיליאַטאָר—אָרום דעם וועלען מיר נאָך רעדען—נור אפילו שעהנע עטליכע פון היינטיגע נאַציאָנאַליסטען, ניט געהאַט קיין גרויסע אמונה אין די צוקונפט פון אונזער אָרעמען מאַמע־לשון. מענשען, וואָס האָבען געלעגט געוויכט אויף רעגעלמעסיגקייט און שעהנהייט אין „זשאַרגאָן", האָט מען געהאַלטען פאַר פעדאַנטען כמעט משוגעים. גוּיטיג, אַ שטייגער, איז געווען צו שרייבען אידיש פאַר'ן המון, ווייל ער, דער המון נעביך, פערשטעהט ניט קיין רוסיש און ניט קיין ענגליש,—ניט, הייסט דאָס, די שפּראַך פון דער אַלטער היים און ניט דעם לשון פון דער נייער. כל־זמן ווי דער המון, האָט מען געקלערט, פערשטעהט וואָס מען רעט צו איהם איז גלייכגילטיג צי די שפּראַך איז גראַמאַטיקאַליש, געטאָקט אָדער ניט. מאַי בהאַי ?

און דערצו איז נאָך גאָרדינ'ס נאַטוראַליסטישע טהעטיגקייט געווען פערבונדען אין די ערשטע יאָהרען מיט אַזעלכע פּעריאָדישע אויסגאַבען, וואָס ביי זיי האָבען געקענט זיין פינף דיאַלעקטען אין יעדען נומער.

דאָס אַלעס ווערט געזאָגט ניט בתורת ענטשולדיגונג לגבי די קריטיקער, נור אלס אויפקלערונג פאַר דעם צוקינפטיגען פאָרשער אין דער אידישער ליטעראַטור.

---

עס איז ביי מיר קיין שום ספק ניטאָ, אַז ווען גאָרדין וואָלט אויסגע־לעבט זיינע יאָהרען און וואָלט פאַר זיין נאַטירליכען—אַנשטאָט דעם פאַר־דער־צייטיגען—טויט אליין ארויסגעגעבען זיינע שריפטען, וואָלט ער פּיע־לייכט פערבראַקירט אייניגע זאַכען, וועלכע מיר האָבען אריינגענומען אין דיעזע אויסגאַבע און וואָלט, דאַגעגען, איבערגעדרוקט אַזעלכע אַרטיקלען און סקיצצען, וועלכע מיר האָבען פאָרלויפיג אויסגעלאָזען.

וועגען די און וועגען יענע קומט דעם לעזער אַן ערקלערונג.

צוערשט בנוגע צו די אויסגעלאָזענע.

דאָס זיינען געווען מייסטענס זאַכען, וואָס האָבען געהאַט א שייכות מיט יענער צייט, ווען גאָרדין, הגם שטעהענדיג פון דער זייט האָט זיך

ראַטור וואָלט געוויס געווען בעסער ווען עס וואָלט געלונגען די שריפטען שטרענגער צו קלאַסיפיצירען.

בנוגע צו דער שפּראַך און דעם סטיל האָט מען זיך זעלטען, זעלטען וואו ערלויבט אַ בעדייטענדע ענדערונג. אין די מייסטע פעללע זיינען די אָבווייכונגען פונ'ם אָריגינאַל געשעהען ענטוועדער דאָרטען וואו עס זיינען געווען אונצווייפעלהאַפטע דרוקפעהלערן, אָדער וואו א זאַץ, אריינגעשטעלט אין אַן אַרטיקעל אָדער אַ סקיצצע אַלס רמז אויף אַ טאַגעספראַגע, אָדער אַ לאָקאַלען סכסוך, האָט ניט מעהר געהאַט קיין זין און קיין פּלאַץ אין אַ זאַמלונג וואָס ערשיינט אין בוכ־פאָרם. בדרך כלל האָט זיך דער רעדאַקטאָר נור גענומען אַזעלכע פרייהייטען, וועלכע גאָרדין וואָלט איהם אליין געגעבען ווען די זאַכען וואָלטען ערשיענען אין דער „צוקונפט" אָדער אין דעם באָסטאָנער „אמת" מיט אַ יאָהר, אָדער מיט יאָהרען צוריק.

און אַז מיר האַלטען שוין יא ביין פרק שפראַך און סטיל, איז נויטיג צו מאַכען אייניגע בעמערקונגען.

ווען גאָרדין איז מיט אַ יאָהר צוואַנציג צוריק אָנגעקומען אַהער פון רוסלאַנד, האָט ער געפונען אַזאַ מין לאַגע:

אַ גרויסער טהייל פון דער אידישער אינטעליגענץ, קומענדיג פון זיד־רוסלאַנד און פון פוילען, האָט גערעט און געשריעבען דעם מעהר אָדער וועניגער פּוילישען דיאַלעקט.

די פּרעסע דאַגעגען, איז כמעט אין גאַנצען געווען בעהערשט פון ליטוואַקעס און דער דיאַלעקט איז געווען דער ליטווישער ווי ער האָט זיך געהאַט אויסגעאַרבייט אין לאָנדאָן.

אויף דער ביהנע האָט מען גערעדט „טייטש"—ניט אין קיין אידישע הויז געדאַכט—אָבער די „טייטשען" זיינען געווען רומעניש, זיד־רוסישע און גאַליציאַנער און זייער לשון איז געווען אַ מישמאַש צווישען דעם דיאַלעקט פון גאָרדין, פון זיין היים, און פון גאָלדפאַדען און לאַטיינער פון זייער היים.

געגען דיעזע „טייטש" האָט גאָרדין פון ערשטען טאָג אָן גענומען פיהרען אַ קאַמפּף, אָבער דעם זיד־רוסישען אַקצענט פונ'ם טהעאַטער אין זיין קאָנפליקט מיט דעם ליטווישען אידיש פון דער פּרעסע, האָט ער ניט געקענט בייקומען פאַר אַ לאַנגע צייט, אין מאַנכע פּרטים ביז'ן טויט.

דאָס אליין וואָלט שוין גענוג זיין צו ערקלערען דעם פאַקט, וואָס זיין

טען אַלגעמיינעם פּלאַן, ווי דאָס איז דער פאַל ביי אַזעלכע זאַכען ווי למשל, די „זעקס טעג" און אַנדערע שריפטען.

און דער ווערטה זייערער בעשטעהט אין דעם, וואָס, מיט אַלע זייערע חסרונות, זיינען זיי אויב ניט סקיצצען, יעדענפאַלס מאַטעריאַל פאַר סקיצצען און, וואָס איז נאָך וויכטיגער, האַסטיג אויפגעצייכענטע איינ־דריקע, האַסטיג אויפגענומענע כמעט פאָטאָגראַפישע בילדער פונ'ם לעבען, וועלכע טאָרען ניט פערלאָרען געהן און וועלכע מען האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו אונטערדריקען נור דערפאר ווייל ער אליין האָט ניט קיין צייט געהאַט זיי צו רעטושירען.

אייניגע, ווידער, ווי, צום ביישפּיעל, אַ קורצע אָבשאַצונג פון צוויי אינגערע דראַמענדיכטער אין דיעזער זאַמלונג, וועלכע ער אליין וואָלט אפשר אין דער איצטיגער געשטאַלט ניט געלאָזען איבערדרוקען, האָט זיך אונז אויסגעוויזען צו פערדיענען אַן אָרט ביי אונז, הויפּטזעכליך דערפאר, וואָס זיי בעווייזען ווי קלאָר און ווי טיעף אונזער אונפערגרעסליכער פריינד האָט אריינגעבליקט אין די מענשען און זאַכען פון זיין צייט.

און דאָ איז פיעללייכט דער פּלאַץ צו זאָגען, אַז אין דער פראַגע וואָס מען וואָלט דאַרפען אריינשטעלען און וואָס ניט—און דאָס איז געווען אין דעם פרט פון אַלץ וואָס איז געווען איבערגעבליעבען פאַר'ן לעצטען באַנד—האָט דער רעדאַקטאָר געהאַט די פריינדליכע און ווערטהפולע אונטערשטי־צונג פון הערין יואל ענטין.

---

עס וואָלט זיך וועלען געבען אַן אַלגעמיינעם אורטהייל איבער דעם אינהאַלט פון דיעזע פיער בענדער. צום אונגליק אָדער צום גליק איז דאָס ניט מעגליך צוליעב דריי גרינדע:

ערשטענס, מחמת דער שמאַף איז אַזוי רייך און פערשיעדענאַרטיג, אַז אפילו אַן אויבערפלעכליכע בעאורטהיילונג פון יעדער אָבטהיילונג וואָלט אונז ארויסגעבראַכט וויים, וויים פון דער ראַהמקע פון אַ קורצע איינ־לייטונג.

צווייטענס, ווייל אין דעם פאַל פון די סקיצצען וואָלט דאָס גוימיג געמאַכט אַ מין דורכרעדען־זיך מיט די „דערצעהלער" פון היינטיגע צייטען, און דאָס וואָלט ווידער געפיהרט צו וויים. ענדליך,

אָבגערופען אויף די ניו יאָרקער אידישע פּאַרטיי־קעמפּפע אין דער אַרבייטער בעוועגונג. דיעזע אַרטיקלען זיינען געוועזען אי אינטערעסאַנט אי כאַראַקטעריסטיש פאַר איהם, אָבער זיי איבערדרוקען ווי זיי שטעהען און געהען היינטיגען טאָג, ווען די אַמאָליגע מלחמות מיט די זיעג־געקרוינטע, אַזוי גוט ווי די געשלאָגענע גענעראַלען; מיט דער לאַנג שוין צושטרייטער און צוזייהטער אַרמעע; מיט די גאַלאַינדלעך און די עפּאָלעטען, וועלכע ליעגען שוין לאַנג ענטוועדער אין פּאָן־שאָפּ, אָדער ביי אַן אַלטוואַרגהענדלער; מיט די לאַנג שוין פערשאָלענע און פערהילכטע שלאַכטרופען און לאָזונגען, — דיעזע אַרטיקלען, אַלזאָ, איצט פשוט איבערגעדרוקט וואָלט קיין שום זין ניט געהאַט. מאַכען אָבער פּירושים אויף זיי וואָלט געהאַט צו בעטייטען: שרייבען אַ געשיכטע פון יענער פּעריאָדע, און דערצו איז נאָך די צייט ניט געקומען, חוץ וואָס דער פּירוש וואָלט געדאַרפט פערנעהמען פיעל מאָל אַזוי פיעל אָרט ווי דער טעקסט אליין.

דאָסזעלבע איז דער פאַל בנוגע צו די אַרטיקלען וואָס ער האָט געשריעבען אַלס ענטפער צו זיינע קריטיקער. אין ערגעץ אין זיינע שריפטען איז ער ניט אַזוי אויסגעשפּראָכען, אַזוי עמפּאַטיש, אַזוי קלאָר ער אליין — יעקב גאָרדין מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות, מיט זיין גאַנצען שאַרפזין, מיט זיין גאַנצער, גרויסער נשמה, אָבער אויך מיט זיין רייצבאַרקייט און זיין אָפּט ניט קאָנטראָלירטען צאָרן — אין ערגיץ, זאָג איך, קומט דאָס אַלץ ניט ארויס אַזוי דייטליך ווי גראָד אין יענע אַרטיקלען. אָבער כדי זיי זאָלען זיין פערשטענדליך פאַרן אַלגעמיינעם לעזער, וואָלטען זיי אויך מוזען ווערן בעגלייטעט פון לאַנגע פּירושים, וואָס אויך דערפאַר איז דערווייל נאָך די צייט ניט געקומען.

דאָס איז בנוגע צו די אויסגעלאָזענע. וואָס איז שייך צו די אַרטיקלען, וועלכע ער אליין וואָלט אפשר פערבראַקירט און מיר האָבען זיי אריינגענומען, האָבען מיר פאָלגענדעס צו זאָגען:

דיעזע אַרטיקלען און סקיצצען — און מיר האָבען הויפּטזעכליך אין אויג די סקיצצען — אפילו ווען זיי זאָלען קיין הויכען ליטעראַרישען ווערטה ניט האָבען, זיינען זיי פון דעסטוועגען זעהר וויכטיג אין אַ זאַמלונג ווי דיעזע. זיי צייגען גאָרדין'ס טאַלענט, זיין האַרץ און זיין בליק אונטער זעהר שווערע אומשטענדען. זיי צייגען זיינע שריפטען כמעט אלס „טשערנאָוויעס", אַלס האַסטיג אויפגעוואָרפענע בילדער, וועלכע ער האָט קיין צייט ניט געהאַט צו „פינישען", צו טאָקען, אויסצואַרבייטען נאָך אַ בעשטימ־

## XI.

קיינער האָט מעהר ווי ער ניט דורכגעלעבט אין זיין אייגענער פערזאָן דעם אידענ'ס שמאַך און אונגליק, דעם אידענ'ס גרויסקייט און ניעדריגקייט, דעם אידענ'ס גדולה און צרות.

מיט זיין גאַנצע כלומרשט אַסימיליאַטאָרשע שטעלונג צום יודענטהום, איז ער אומעטום אין זיינע שריפטען, אפילו אין די אַמאָליגע רוסישע, פריהער פאַר אַלץ אַ איד, איינער וואָס לעבט און ליעבט און ליידעט, וואָס פיהלט און וויינט און לאַכט מיט זיין פאָלק.

ער האָט ניט בעדאַרפט אַזאַ דונערשלאַג ווי דער קישינעווער פאָגראָם, ווי די אָדעסער שחיטה אָדער די להשמיד־להרוג־ולאַבד טעג פון ביאַליסטאָק און סיעדליץ כדי אַז די אידישקייט אין איהם זאָל אויפגעוועקט ווערן אין איהם, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט פיעלע אַנדערע אַרום אונז.

פאַר איהם איז ניט נויטיג געווען אַ ספּעציעלער בליצשטראַהל אַלס בעגלייטער פון אַזאַ דונערטראַסקעריי כדי צו דערזעהן די פינסטערע נאַכט מיט אל' די חשך'דיגע ברואים וואָס נוצען זי אויס אום ארויסצוקריכען פון זייערע לעכער, פון זייערע העהלען, פון דער אונטעראירדישער טוכל'ע־קייט און בעהעלטעניסען. אין די פרייע לופט אריין,—אהין וואו זיי וואָגען ניט ארויסצוקומען בשעת די זון שיינט און די גערעכטיגקייט וואַכט און נור אַן אונגעוואוינליכער געוויטער, אָדער אַ ספּעציעלער טומאַן קען אויף אַ ווײַלע ברענגען חשך אויף דער וועלט.

און ער האָט דערפאַר אין די רוהיגסטע צייטען געפיהלט און געזעהן די קומעדיגע אכזריות און די נאָהענטע מאַסאַקערס אויף זיין פאָלק און דאָס האָט איהם שטענדיג געהאַלטען אויף דער וואַך און דאָס האָט שטענדיג געפיהרט זיין פעדער.

„עינים להם ולא יראו“, האָט ער געזאָגט זיי האָבען אויגען און זעהען ניט—די אונגליקליכע אייניקלעך פון אברהם יצחק ויעקב, אָט וועל איך זיין אויג פאַר זיי.

זיי זעהען ניט זייער לעכערליכקייט און ער בעשרייבט זי פאַר זיי. ער זעהט, נעמליך, אַז זיי האָבען דאָ אין זייער נייער היים אוועקגעוואָרפען פיעלע פון די היימישע גוטע מדות און האָבען זיך אָנגעשאַפט נייע העס־ליכקייטען. ער פיהלט די פאָלגען דערפון און ער פרובירט זיי ווייזען זייער אייגענעם פנים אין זיין שפּיעגעל. ער לאַכט ניט פון זיי: איהם שמערצט זייער לעכערליכקייט, אָבער ער ווייזט זיי וואָס זיי טוען.

דריטענס, דערפאר, ווייל דער וואָס שרייבט דיעזע צײלען ליעבט צופיעל זיין געגענשטאַנד און געטרויט זיך פשוט ניט קיין ניכטערן, רוהיגען, אונ־פּארטייאישען אורטהייל. דערביי וואָלט, פון דעסטוועגען זיין די געפאהר ניט אַז די ליעבע צו גאָרדינען זאָל דעם שרייבער דיקטירען איבערטריבענע בעוואונדערונג, זאָגדערן פערקעהרט, אַז ער, פיהלענדיג און האָבענדיג פאַר די אויגען דיעזע ליעבע צום אַלטען פריינד, זאָל ניט, כדי צו זיין אונפּאַר־טייאיש, צו שטאַרק אַריבערבויגען אויף די אַנדערע זייט.

אָבער ניט פערנעהמענדיג זיך צו וויים און צו ברייט, וועלען מיר זיך ערלויבען אייניגע קורצע בעמערקונגען.

---

יעקב גאָרדין האָט געהאַט ניט נור אַן אונגעוואוינליך שאַרפעס אויג נור אויך אַ גרויסע האַרץ. ער האָט ניט נור געזעהן מעהר און קלאָרער און טיעפער פאַר פיעלע אַנדערע, וועלכע האָבען ביי אונז מיט איהם זיך גע־מאָסטען אַלס שרייבער נור ער האָט געפיהלט שאַרפער און שטאַרקער ווי זיי. זיין האַרץ האָט זיך תוך כדי דיבור אָבגערופען אויף אַלץ, וואָס זיין אויג האָט דערזעהן און זיין פעדער האָט גלייך געגעבען אויסדרוק צו אַלץ וואָס ער האָט איבערגעלעבט.

און אלץ האָט ער אין זיך, ווען אויך נור אויף אַ קורצע רגע, ווירקליך איבערגעלעבט. ער האָט ניט געקענט גלייכגילטיג אויפנעהמען מיט'ן אויג אַן ערשיינונג, אַ פּאַסירונג, אַ פערברעכען, אַ לעכערליכקייט כדי עס שפּעטער אויפ'ן פּאַפּיער ווידער צו געבען, אַ שטייגער ווי דאָס טוט אַ גובקע מיט וואַסער, אָדער אַ פאָטאָגראַפישער אַפּפּאַראַט.

ער האָט אַזוי ווי דורכגעליטען און איבערגעלעבט יעדעס אונגליק, וועלכעס ער האָט בעשריעבען. ער האָט דורכגעלעבט און אליין הערצליך אויסגעלאַכט יעדע לעכערליכקייט, וואָס האָט געפונען אַן אויסדרוק דורך זיין פעדער.

דאָס איז וואָס מען דאַרף פערשטעהן כדי ריכטיג אָבצושאַצען זיין לעבענסווערק סאַי אין דאָס וואָס ער האָט געשאַפען פאַר'ן טהעאַטער סאַי אין דאָס וואָס ער האָט געשריעבען פאַר'ן לעזע־צימער. און האַלט מען דאָס אין אויג, דאַן וועט מען חוץ אַלעמען בעגרייפען אַנאַנדער זאַך, אויף וואָס עס איז געוואָרען אַנגעדייטעט פריהער אין דיעזע בלעטער. הײנו: זיין אַסימיליאַטאָרסטוואָ אַלס איד.

עס איז ניטאָ קיין צעהנדליג בלעטער אָהן אַ געפיהל פון ליידענשאַפט, פון אמת'ע ליעבע פון פריינדשאַפט אָדער פיינדשאַפט וואָס איז ניט געצייכענט מיט אַ מייסטער־האַנד.

ועל כולם איז אין דיעזע בענדער דאָ כמעט דער גאַנצער אידישער לעבען אין אַמעריקאַ פון די נײַנציגער יאָהרען פונ'ם פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט.

עס איז דארין דאָ מאַטעריאל פאַר דעם קינפטיגען קולטור־היסטאָריקער אָדער דעם עטהנאָלאָג, וועלכער וועט קומען ערפאָרשען די איינוואַנדערער פון גלות־רוסלאַנד.

עס איז אויך דאַרין דאָ מאַטעריאל פאַר דראַמען, אַזוינע ווי ער האָט געשריעבען, לאָז זיך נור בעווייזען אַ טאַלענט ווי זיינער.

מ. ווינטשעווסקי.

ניו יאָרק, 1 אָקטאָבער, 1910.



זיי זעהען ניט זייערע לײדען און די קוועלען פון די ליידען און ער ווייזט זיי.

זיי האָבען ניט קיין זין און קיין פערשטענדניס פאַר די ערליכע נאַטור אַרום זיך און ער וועקט דיעזען זין און דיעזעס פערשטענדניס.

און אין זיינע „פאַמיליען־בילדער", אין זיינע בעשרייבונגען פון די „עלענדע און אונגליקליכע", אין זיינע סאַטירען, פאַנטאַזיעס און ביל־דער ווי אין די שילדערונגען פון „כלי־קדש און לאַדזשען־ברידער" אין אַלץ וואָס זיין אויג דערזעהט אין דער נייער היום,—אין אַלץ איז דער „אַסימיליאַטאָר" אַ איד, מיט אַ אידישע הארץ, מיט אַ טיעפע ליעבע פאַר זיין אונגליקליכע ראַסע. אפילו ווען עס בייסט זיין סאַטירע און זיין סאַרקאַזם לאָזט רויטע פאַסען אויפ'ן געשטראָפטען קערפער, זעהט מען אַז די סאַטירע און דער סאַרקאַזם שטאַמען פון אַ וועהטאָג אין הארצען פאַר דעם בעליעבטען געשטראָפטען געגענשטאַנד.

און אין זיינען קריטיקען פונ'ם טהעאַטער, למשל. אין די אַרטיקלען וועגען די קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ איז דאָ דערזעלביגער גרונדטאָן. ווען ער בעוואונדערט די קונסט פון די רוסישע שוישפיעלער קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ און בראַווימש איז דער גרונדגעדאַנק אימער: „אַך, ווי ווייט מיר זיינען נאָך פון אמת'ע קונסט—מיר אָרעמע, אָרעמע אידעלעך!"

דאָס רעט ניט דער מה־יפית איד, וואָס איז זיך מכניע פאַרן גוי: דאָס רעט דער איד וואָס איהם שמערצט זיין פאָלק'ס דלות אין בילדונג אין קונסט אין דער פרוכט פון ציוויליזאַציע.

---

אין דיעזע פיער בענדער זיינען זיכער דאָ בלעטער, וועלכע האָבען געדאַרפט דורכגעזעהען ווערען פון איהם אליין; עס זיינען זיכער דאָ אונרייפע שריפטען, וועלכע וואָלטען גאַנץ אַנדערש אויסגעזעהן ווען זיי וואָלטען ארויסגעקומען פון זיין פעדער אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען; עס זיינען דאָ אַנדערע חסרונות צו בעפריעדיגען דעם געהעסיגען קריטיקער, דעם פגימות־זוכענדען שונא, יעדען, וועמען גאַרדין איז גרוים אין די אויגען.

צוגעגעבען. אָבער עס איז ניטאָ אין די פיער בענדער קיין צעהנדליג בלעטער, אין וועלכע עס זאָל ניט זיין אַ געדאַנק אָריגינעל אויסגעדריקט, אָדער נייַ פאַר אונזער לעזער, אפשר ניט נאָר איהם אליין.

# אַ מאַמעס האַרץ.

## אַ ראָמאַן פון דעם אידישען לעבען אין רוסלאַנד, אין די זיעבעציגער יאָהרען.

.1

איך געדענק אזוי ווי היינט, עס איז געוועזן אַ פינסטערע נאַכט, פון נאָך מיטאָג אָן האָט געגאָסען אַ שלאַגס - רעגען. די צייט איז געוועזן נאָך סוכות: די ערגסטע צייט אין די קליינע אידישע שטעטלעך. די בלאָטע אויף די גאַסען איז געוועזן אזוי גרויס, אַז אָהן סכנת נפשות האָט מען ניט געקענט אריבערגעהן פון איין זייט אויף דער אַנדערער. די ליכטיגע און ווארעמע זונן האָט זיך בעהאַלטען הינטער אַ פאָרהאַנג פון גראָבע און שווארצע וואָל־קענס און האָט זיך ניט געוואָלט בעוויזען. קאַלטע ווינטען האָבען געבלאָזען פריי פון די גרויסע נאָוואָראָסיער סטעפּעס און האָבען מיט זייער פייפעריי און אומעטיגען יאָמער נאָך מעהר מרה־שחורה'־דיג געמאַכט די אידעלעך פון שטעטעל, וואָס זיי איז אָהן אַלעמען געוועזן זעהר אומעטיג אויפ'ן האַרצען. קיין פּרנסה איז ניטאָ. די וועגען זיינען שלעכט. מע קען ניט געהן, ניט פאָהרען, דער רוסישער פויער זיצט אין דער היים און פאָהרט ניט אין שטאָט אריין. אונ־מעגליך צו פערדיענען אַ קאָפּיקע! און דאָ געהט דער קאַלטער און פורכטבארער ווינטער; אין שטוב איז פינסטער און קאַלט, — ניטאָ קיין הייצונג, ניטאָ קיין געלט; די קינדער זיינען נאַקעט און באָרוועס, צו עסען איז ניטאָ און אויף ווינטער איז נאָך ניט צוגעגרייט קיין זויערען־קרויט, ניט קיין קאַרטאָפעל, ווי אזוי וועט מען איבערלעבען דעם ווינטער?!

אָט אין איינע פון אזעלכע נעכט זיינען מיר אַלע געזעסען און

ווי איצט... מיר האָבען זיך געזוכט אַ שטיקעלע ברויט. וואָהין פאָהרט מען פון דעם פינסטערען פוילען? מיין מאַן איז אַ בעל מלאכה, נור ער האָט מורא געהאַט צו פאָהרען אין טיעף ראסיי צו די קאַצאַ־פעס, וואו עס זיינען דאָ ווייניג אידען... האָבען מיר געוואַנדערט פון איין שטעטעל אין דער אַנדערער, ביז וואַנען מיר זיינען פערבליבען אין נאָוואָראָסיא. שטיינס געזאָגט, וואָס באַגערט אַ איד אין רוסלאַנד און וואָס האָט ער?.. ער וויל אַ שטיקעל ברויט און איז כל ימיו אַ דלפון אַ קבצן... אבי מע לעבט!...

מיין מאַן איז אַ גאָלד־שמיד און אַ זייגער־מאַכער. פריהער, מיט אַ יאָהר צעהן — פופצעהן צוריק, פלעגען איהם אָפט רייכע פּאָמיעשיקעס און גלחים געבען ארבייט; ער פלעגט זיי מאַכען אין די קלויסטערס בעכערס, לייכטערס און אַנדערע גוי'אישע שמאַטעס. היינט אָבער זיינען די פּאָמיעשציקעס אָרעם געוואָרען און די שנאה צום אידען איז געוואָרען גרעסער און די גלחים גיבען שוין ניט דעם אידען צו פערדיענען... און אַז מען דאַרף שוין פערדיענען די קאָ־פּיקע ביי דעם אידען, איז טאַקע אָך און וועה! און וואָס מיינט איהר? איז מען טאַקע קבצנים! מיין מאַן איז ניט קיין גראָבער יונג, ער קען אביסל לערנען און לייענט גוט לשון־קודש. ער, מרדכי דער סופר און שמואל איציע דער קרעמער שרייבען אוים צוזאַמען די אידישע צייטונג „המליץ” און מיין מאַן ווייס בעסער פון אַלעמען ווען עס וועט זיין אַ מלחמה און ווער מיט וועמען וועט מלחמה האַלטען... דאָך איז מיין מאַן אַ גאַנץ פראָסטער און פרומער איד און קעהרט ניט אָפּ ניט רעכטס, ניט לינקס פון אַלץ וואָס די תורה האָט געשריי־בען. די משפחה אונזערע איז ניט גרויס, מיר האָבען דריי קינדער, ניט פאַר קיין אידען געדאַכט. ביי אונז האָבען זיך די קינדער ניט געהאַלטען; עלף האָבען מיר געהאַט און געבליבען זיינען נור דריי. מיין עלטערער זוהן אהרן איז אַלט צוויי און צוואַנציג יאָהר. ער דיענט איצט אַלכסנדר דעם שיכור. דאַרף איך אייך דערצעהלען, ווי פיעל טרערען איך האָב פערגאָסען, אַז מען האָט צוגענומען מיין עלטסטען קינד צו סאָלדאַטען? אזא ערעל קינד מיט אַ גילדערנעם כאַראַקטער, דאַרף דיענען איוואַנען חזיר, וואַלגערען זיך מיט די גראָבע פּויערים אין די קאַזאַרמעס און לייזען קלעפּ און שטוסאַקעס פון די בעזויפענע פעלד־פעבעלס מיט די „אונדערעס”! עס איז נאָך

האָבען געוואָרט אויף אונזער טאַכטער סאָניע, וועלכע איז אוועק געגאַנגען פון דעם היים באַלד נאָך אָנבייסען און איז נאָך ניט געקו־מען. איך האָב גאָר ניט געוואוסט, וואָס איבערצוקלערען. מיין „אַל־טער" איז געווען בייז און האָט עטליכע מאָל געפרעגט מיך מיט כעס: וואו איז זי אַזוי שפּעט ביינאַכט? זאָג מיר וואו איז זי און וואו שלעפּט זי זיך אַרום? מיין מאַן איז געווען אָהן אַלעמען זעהר בייז — דער דלות האָט ביי אונז אין שטוב געשפּאַציערט אַזוי פריי, אַקוראַט ווי דער ווינד אין דעם ריינעם און גלאַטען פעלד. קיין אַר־בייט איז ניט געווען און צו קריגען אַ קאָפּיקע איז ניט געווען מעגליך... און דאָ געהט דער שבת קודש... מע דאַרף האָבען אויף מעהל, אויף ליכט, אויף בראַנפען, אויף פיש און אויף די אַנדערע שבת'דיגע זאַכען. און אַ חוץ דעם האָט דער אַלטער נאָך דעם אַבענד געהאַט זעהר גרויסע יסורים און האַרץ־ווערטאָג: ביי אונזער אינגעל, ביי משה'לען, האָבען זיך צוריסען די שטיוועל. מע האָט איהם ערשט געקויפט אַ פּאָאַר נייע שטיוועל און ער האָט שוין געמאַכט פון זיי אַ תל. ווי אַזוי לאָזט מען דעם אינגעל אין חדר אין אַזאַ בלאָטע, אַז די שטיוועל רינען? צאָהלען פון דאָס לעצטע דעם מלמד שכר למוד און דער אינגעל זאָל זיצען אין דער היים און זאָל אומגעהן פּועל בטל... און דאָ איז נאָך אונזער סאָניע אוועקגעגאַנגען, זי האָט ביי קיינעם ניט געפרעגט און האָט קיינעם ניט געזאָגט וואָהין זי געהט. און מיין „אַלטער", דאַרפט איהר וויסען, איז זעהר אַ שטרענגער פאָטער און אָהן זיין ווילען טאָר קיינער פון אונז ניט טאָן פון דאַנען אַהין, ער איז חלילה, ניט קיין שלעכטער מענש, נור ער האָט אַ שטאַרקען כאַראַקטער און אַז ער זאָגט עפּעס, מוז דאָס זיין.

איך רעד מיט אייך און איך האָב נור פערגעסען, אַז איהר זייט מיט קיינעם פון אונז נאָך ניט בעקאַנט און איהר ווייסט נאָך ניט, וואָס מיר זיינען פאַר מענשען און מיט וואָס מיר בעשעפטיגען זיך. אליין זיינען מיר פון פּוילען, נור העכער צוואַנציג יאָהר וואָהנען מיר אין אַ קליין שטעטיל אין נאָוואָראָסיע. יאָ! העכער צוואַנציג יאָהר. איך געדענק דאָס גאַנץ גוט. אונזער עלטערער זוהן אהרניו איז נאָך געווען אַ זויג־קינד. מיר זיינען געווען יונג, אָבער אָרעם, אָט אַזוי

טער פלעגט שטענדיג זאָגען, אז משה'לע האָט א מיניסטערישע קאָפּ און פון איהם וועט ארויס א לייט! אז אָך און וועה איז צו מיינע יאָהרען! וואָס פאר א שרעקליכער אונגליק האָט אונז נאָך דעם גע־טראָפען! וואָס פאר א תל עס איז געוואָרען פון אונז אלע!... נור לאָם איך ניט פערלויפען פריהער און דערצעהלען אלעס, וואָס מיט אונז האָט זיך פּאסירט פון אָנהויב ביז'ן סוף. לאָזען אלע וויסען און הערען וואָסערע שרעקליכע צרות דער איד לעבט איבער אין רוסלאנד און וואָס א מענש קען אויף זיך איבערטראָגען!

לאנגזאם זיינען געגאנגען די מינוטען פון דער שרעקליכער נאכט. דער רעגען האָט געקלאפּט און געבאראבאנעוועט אין די פענסטער, דער ווינד האָט געריסען די אַלטע לאָדען, האָט געיאָמערט פון דער וויטען און האָט געטרייסעלט אונזער אלטע און קליינע שטיבעל. די לאָמפּ אויפ'ן טיש האָט געברענט דונקעל און ניט רעגעלמעסיג. אמאָל פלעגט זיך דער פייער אויפהויבען העכער, אמאָל אראָפּלאָזען ניעדריגער. אויפ'ן וואנט האָבען זיך געלייגט לאנגע און שווארצע שאטענס. מיר זיינען געזעסען שטיל, דער אלטער האָט עפּעס ארייג־גקוקט אין א ספר, איך האָב געארבייט א זאָק, אונזער משה'לע האָט געשלאָפען א זיסען און טיעפען שלאָף. פון זיין מויל פלעגען זיך אָפּט ארויסרייסען נור איינציגע ווערטער: „כאפּ איהם!... „אנט־לויף!" „שפּרינג אריבער!"

פּלוצלונג האָט זיך דער ווינד א דרעה געטאָן און האָט צוגע־טראָגען צו אונזער פענסטער א לאנגען און א ציטערדיגען קלונג פון א גרויסען גלאָק. נאָך אמאָל... נאָך אמאָל... נאָך אמאָל... דער קלויסטער־גלאָק... האָט אָבגעקלאפּט צוועלף א זייגער.

מיין מאַן האָט זיך אויפגעכאפּט פון אָרט און האָט א געשריי געטאָן: „וואָס קען דאָס זיין?"

— וואָס איז? האָב איך געפרעגט מיט גרויס פערוואונדערונג.

— זאָג מיר נור, וואו איז דאָס אונזער סאָניע אזוי שפּעט?

— זאָל איך אזוי וויסען פון שלעכטס! מיר זיינען ווידער ביידע אנשוויגען געוואָרען. איך קען אייך זאָגען דעם אמת, אז איך האָב זיך דאמאָלס אָנגעשטויסען וואו אונזער סאָניע קען זיין, נור איך האָב מורא געהאט צו זאָגען דעם אלטען: ער וואָלט געוויס אויפגע־הויבען א געשריי מיט א געפילדער ביז'ן הימעל.

גוט, וואָס אונזער אהרניו איז געבליבען דיענען ביי אונז אין שטעטעל, און ווייל ער איז א קלוגער און טויג זיך בעסער פון די אַנדערע סאָלדאַטען האָט מען איהם באַלד גענומען אין האָספּיטאַל און ער שטודירט דאָרט אויף א פעלדשער דער עלטסטער דאָקטאָר האָט איהם זעהר ליעב און האָט איהם איבערגעגעבען די גאַנצע אַפּטעק, אוי, וועה און ווינד צו מיר. אַז איך זאָל יעמאָלט געוועזן וויסען, וואָס פאַר אַן אונגליק די אַפּטעק וועט איהם ברענגען, וואָלט איך דען בעסער ניט געוואָלט, אַז ער זאָל זיין אין ראָטע און געהן אונטער׳ן ביקס! נור וואָס קען דער מענש מיט זיין נאַררישען שכל וויסען? ער מיינט אַז אַזוי איז בעסער און עס קומט גאָר אויס פונקט פערקעהרט...

מיין טאָכטער סאָניע איז אַלט אַכצעהן יאָהר. זי איז שעהן און קלוג, — מעג איך שוין האָבען אַזאַ יאָהר! איך זאָג דאָס ניט דערפאַר, ווייל איך בין א מוטער — ניין! אויף מיין סאָניע׳ן פערקוקט זיך יעדערער און אַז זי זאָל געבעך ניט וואַקסען ביי אַזעלכע אָרימע עלטערען און זאָל האָבען א נייע שליאַפּקע מיט א מאָדנע קלייד וואָלט זי דאָך טאַקע געלייכט ווי א בריליאַנט. נור ווי געפעלט זי אייך? זי זאָגט גאָר אַז שליאַפּקעס מיט פלאַטיעס זיינען שמאָטעס און דער עיקר איז מען זאָל זיין א מענש... ווען דער פאָטער וואָלט נור ערלויבט, אַז א גאַנצע נאַכט זאָל ברענען קעראָסין אין דעם לאָמפּ וואָלט זי געזעסען ביז טאָג און געלייענט ביכער. פרעגט מיך בחרם נאָך וואָס דאַרף מען דאָס לייענען אַזוי פיעל ביכער? איך וויל זיך ניט בעריהמען מיט מיין אייגענעם קינד, נור איך מעג אייך זאָגען, אַז אַזאַ גוטע הארץ, אַזעלכע ערעלע געפיהלען האָט טאַקע קיינער ניט אין אונזער משפחה... נו, זאָגט־זשע איהר אַליין: א שעהנע, א קלוגע, א שטילע, א גוטע, א פּאָר גרויסע שוואַרצע אויגען, זיידענע לאַנג האָאָר, א טאַליע ווי ביי א גראַפינע, א זיסער קול׳כעל ווי ביי א קאַנאַריק — האָט דען די מאַמע ניט מיט וואָס צו שטאָלצירען?

אונזער מוזיניקעל משה׳לע איז א גרויסער שטיפער. מיר פערצייהען איהם אַלע און דער „אַלטער" האָט איהם ליעב ווי דאָס לעבען. ער איז שוין אַלט צעהן יאָהר און מיר רעכענען איהם נאָך אַלץ פאַר א קליין קינד און וואָס משה׳לע וויל פיהרט ער אויס. דער אַלי־

דער „אַלטער״ דאָס ניט געוואָלט ערלויבען. ער האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף זיך מעהר ניט לערנען, ווארום זי וויים שוין אַזוי אויך מעהר וויפיעל אַ פּרויענצימער דאַרף וויסען. ער האָט אָבער געקענט יע־דען איינרערדען און איבערעדען ; — דער מאַן מיינער האָט געמוזט מיט איהם מיטשטימען און ער איז געוואָרען אונזער סאָניע׳ס אַ לערער. אונזער זוהן איז אויך געוואָרען מיט איהם גוטער פריינד און פלעגט צו איהם אָפט געהן מיט זיינע חברים, די יונגע פעלד־שערס. צו איהם אויפ׳ן קוואַרטיר האָט מיין אהרניו עטליכע מאָהל געפיהרט אויך סאָניע׳ן. איך האָב געוואוסט אַז דאָרט ביי זיי קומען פאָר עפּעס אסיפות, סעסיעס, אַז אהין געהען עטליכע יונגע לייט : נור וואָס זיי טוען דאָרטען און פון וואָס זיי רעדען האָב איך דאַמאָלס ניט געוואוסט. און אַז איך האָב זיך דערוואוסט איז שוין געווען צו שפּעט... צו שפּעט !

ביי מיר איז קיין פראַגע ניט געווען, וואו האָט געקענט זיין אונזער סאָניע אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. איך האָב שוין פערשטאַנען, אַז געוויס איז זי ביי דעם „מילכיקען גוי״. שוין ווידער אודאי אַ פער־זאַמלונג און זיי רעדען ווידער פון זייערע געשעפטען. אָט די גע־שעפטען, וואָס איך האָב זיי גערעכענט פאַר אַ נאַררישקייט, האָבען אונז געקאָסט דערנאָך זעהר טייער, מיט טרערען און מיט פיעל בלוט האָבען מיר בעצאָהלט פאַר זיי !

עס איז שוין נאָך האַלבע נאַכט, דער רעגען האָט אויפגעהערט, נור דער ווינד איז נאָך געוואָרען שטאַרקער און שרעקליכער גראָבע שווארצע וואָלקענס האָבען געשוואומען איבערן הימעל זעהר גיך, איין מתנה וואָלקענס איז געלאָפען נאָך די אַנדערע . . . אָט בע־ווייזט זיך אַ בלישצענדער שטערענדעל און אָט ווערט ער ווידער פערשוואונדען... מיין אַלטער איז שוין געגאַנגען שלאָפען און איך בין געזעסען מיט דעם זאָק ביים טיש און האָב געדרעמעלט : איך האָב זיך געוואָלט דערוואַרטען אויף סאָניען. די לאָמפּ האָט שוין גע־ברענט גאַנץ דונקעל און דער ווינד איז אומגעגאַנגען איבער׳ן שטוב און האָט געפּייפט אין קוימען... פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ, און אימיצער האָט גענומען האַסטיג רייסען די טהיר... איך בין גע־בליבען שטעהן דערשראָקען, אין אַ ווייל ארום האָב איך דערהערט ביים פענסטער אונזער סאָניע׳ן שרייען : גיכער, מאַמע, עפען די

הערט ווי אזוי פערשיעדענע אומשטענדען בינדען און פלעכטען זיך צונויף, כדי אונגליקליך צו מאכען דעם מענשען און ארונטער־צו־ווארפען איהם אונטער א שווערע משא פון צרות און ליידען.

נאך מיט עטליכע מאנאטען צוריק האט זיך ביי אונז אין שטעטעל בעזעצט עפעס א יונגער קריסט, א רוס. קיינער האט ניט געוואוסט פון וואנען ער איז געקומען, ווער ער איז און וואס ער דארף דא. אונזערע אידעלעך האבען איהם באלד געגעבען א צונאמען „דער מילכיקער גוי" און אזוי האט איהם גערופען די גאנצע שטעטעל. ער איז געווען ווייס אזוי ווי מילך און בלאס אזוי דער טויט אליין. מען וואלט געקענט מיינען, אז ביי איהם אין די אדערען רינט ווייסע מילך אנשטאט בלוט און אז ער איז אזוי שלאף, אז אפילו א קליין קינד קען איהם אוועקלייגען... אבער דאס איז געווען א גרויסער טעות: ער איז געווען שטארק ווי אייזען, זיינע אויגען האבען געברענט ווי פייער און זיין שטימע האט געהאט אין זיך אזוי פיעל מאכט, אז בשעת ער פלעגט רעדען האט מען גערעכענט, אז דאס איז עפעס א גרויסער גענעראל איך ווייס ניט ווי האט זיך דאס געקענט טרעפען, אז ער האט זיך באלד בעקאנט מיט מיין עלטערען זוהן, מיט'ן וואיענעם פעלדשער. עס איז שוין געווען בעשערט אזא אונגליק! ניט אין א גוטע שעה האט דער „ניט גוטער" געבראכט דעם „מילכיגען גוי" אין אונזער ארעמע און קליינע שטעטעל, וואו אלץ איז געווען פריהער רוהיג און שטיל!...

דער מילכיקער גוי האט זיך באלד בעקאנט מיט מיין סאניע'ן. אהרן האט איהם עטליכע מאל געבראכט צו אונז און ער איז אונז אלעמען זעהר געפעלען געווארען. אפילו מיין „אלטער" האט עטליכע מאל געזאגט אויף איהם, אז ער איז א פיינער שייגעץ. מיט אונזער סאניע'ן איז ער באלד געווארען א גוטער ברודער. ער האט איהר אנגעהויבען גאנץ אפט צו טראגען פערשיעדענע ביכער און אז דער אלטער מיינער איז נור ניט געווען אין דער היים פלעגט ער זיצען ביי אונז ביז גאנץ שפעט און פלעגט איהר אלץ דערצעהלען און דער־צעהלען, וואס עס שטעהט געשריבען אין פערשיעדענע ביכער און ווי אזוי מען דארף די ביכער פערשטעהן.

אין א קליינע צייט ארום האט ער געבעטען, דער פאטער זאל איהם ערלויבען געבען אונזער סאניע'ן אוראקען. א לאנגע צייט האט

אָבער יענעם ווינטער! אויף מיין וואָרט, עס זיינען געווען מינוטען, אז מיר האָבען געמיינט, אז מיר וועלען ניט אויסהאַלטען! מעהר פון אַלץ האָב איך מורא געהאַט פאַר מיין אַלטען; ער איז געווען א שלאַ־פער מענש מיט א קראַנקע האַרץ. די שרעק מיט יסורים האָבען גע־קענט חלילה מאַכען פון איהם א תל.

פון יענער נאַכט, ווען עס זיינען אונז בעפאַלען זשאַנדאַרמען מיט די סאָלדאַטען, האָט זיך ביי אונז אָנגעהויבען א צייט גאָר מיט אַנ־דערע, מיט נייע צרות, א צייט, מיט פיעל שווערע טעג און שרעק־ליכע נעכט.

איהר קענט זיך פאָרשטעלען, ווי אַזוי מיר האָבען זיך אַלע דערשראָקען, ווען אין אונזער שטוב זיינען אריין פיעל פריצים מיט אָפיצערען און האָבען אָנגעהויבען צו זוכען אין אַלע ווינקעלעך... מיין מאַן איז געווען בלאַס ווי א טויטער... איך האָב געמיינט יעדע מינוט, אז אָט אָט פאַל איך חלשות... אונזער משה'לע האָט זיך אויפ־געכאַפּט פון שלאָף און האָט אָנגעהויבען צו שרייען ניט מיט זיין קול: מאַמע! סאָלדאַטען! נור אונזער סאָניע האָט זיך געהאַלטען ווי א כוואַט, זאָג איך אייך. אויף יעדער זאַך האָט זי געענטפערט רוהיג און קאַלטבלוטיג, גלייך ווי זי רעדט מיט מיר. איך מיט'ן אַל־טען זיינען מיר געשטאַנען און האָבען געציטערט פון שרעק. ווען א גרויסער אָפיצער האָט אָנגעהויבען צו פרעגען סאָניען, אויב זי קען דעם „מילכיקען גוי", האָט זי געענטפערט, אז זי קען איהם גאַנץ גוט ער איז איהר לערער.

— געהסט דו צו איהם?

— יא, גאַנץ זעלטען... ווען איך וויל איהם עטוואָס פרעגען פון אריפמעטיקא!

— האָט ער דיר ניט געזאָגט, אז ער געהערט צו אַזאַ פאַרטיי, וועלכע וויל הרג'ענען דעם רוסישען קייזער?

— חס וחלילה!

— האָט ער דיר ניט געגעבען צו לייענען פערבאָטענע ביכער און צייטונגען?

— ניין! זאָגט זי, איך וויים גאָר ניט וואָס דאָס הייסט.

העכער א שעה האָבען זיי געזוכט ביי אונז פערבאָטענע זאַכען. זיי האָבען איבערגעקעהרט די שטוב קאַפּויר. אונטער'ן אויווען,

טהיר! אום גאָטעס ווילען גיכער! — קוים א לעבעדיגע בין איך צו־געלאָפען צום טהיר. — סאָניע האָט זיך אריינגעריסען א פערסאָפע־טע און האָט מיך געכאַפּט ביי דער האנד... זי האָט מיך גאָר ניט געלאָזט רעדען א וואָרט... „גיכער! האָט זי מיר געזאָגט, שטיל, פערלעש די לאָמפּ און לעג זיך!... לאָמיר זיך אלע לעגען מע געהט! מע געהט אהער!..."

— וואָס איז דאָרט? האָט דער אלטער א געשריי געטאָן מיט כעס...

— שש! האָט סאָניע געענטפערט מיט א ציטערדיגען קול און איז צוגעלאָפען צו דער לאָמפּ און האָט זי פערלאָשען... לעג זיך! לעג זיך גיכער!... ביי די ווערטער האָט זי זיך א וואָרף געטאָן אויף איהר געלעגער... איך בין געבליבען שטעהן אין דער פינסטער... איך האָב גאָר ניט געקענט קומען צו זיך... און איידער איך האָב נאָך ניט אוספּעיעט אויסצורעדען א וואָרט, האָב איך דערהערט א סך קולות און עטליכע מענשען האָבען אָנגעהויבען שטארק צו קלאפּען אין טהיר און אין אלע פענסטער!...

— עי! אָטוואָריטע!...

— וואָס איז דאָס? וועה איז מיר? האָב איך געפרעגט מיין מאַן. ער אָבער איז שוין געלאָפען צום טהיר... איך בין געלאָפען נאָך איהם... אין דער פינסטער, אין אימפּעט, און שרעק האָט מיין אלטער אזוי גיך ניט געקענט געפינען דעם זאַסאָוו... דערווייל האָט פון דרויסען אימיצער אָנגעהויבען צו שילטען, בייזערן זיך און שרייען: סקאָרעי! סקאָרעי!

די טהיר האָט זיך געעפענט און אין דער פינסטער האָבען א בלישצע געטאָן מעשענע קנעפּ. מיר האָבען דערהערט דעם קלאנג פון שפּאָרעס און די קלאפּעריי פון שטאָלענע סאבליעס... אונזער גאנצע שטוב איז געווען ארומגערינגעלט מיט זשאנדארמען און סאָל־דאטען!...

.2

מיר האָבען דאָס איבערגעלעבט א אָסיען יענעם יאָהר! איהר ווייסט דאָך, אז איד איז גענוג צוגעוויינט צו צרות און שלעק, —

ניט געקענט געפינען... נור וואו איז ער אהין געקומען? וואס האט ער געוואלט אויפטאן? דאס האט קיינער ניט געוואוסט. אייניגע האבען געזאגט, אז ער האט געמאכט פיעל באמבעס, די אנדערע האבען דערצעהלט, אז ער האט געמאכט פאלשע געלד, די דריטע האבען געזאגט, אז ער איז געווען א כשוף מאכער... סאניע און מיין אהרן האבען אפשר יא געוואוסט נור זיי האבען אנגענומען וואסער אין מויל און האבען געשוויגען... דער אלטער מיינער האט גאר ניט געוואלט הערען פון דעם מילכיקען גוי מיט די אלע מעשות... איינס האב איך גאר ניט געקענט פערשטעהן: וואס געהט דאס מיין סאניע ארום ווי אהן א קאפ; שטענדיג פערטראכט, פערזארגט?... זי האט אויפגעהערט צו לייענען איהרע ביכער... איז געווארען בלייך און שלאף... עטליכע מאל האב איך אליין געהערט, ווי זי וויינט ביי נאכט אויף איהר געלעגער. פריהער פלעגט זי אפט זינגען און פלעגט פערהילכען אונזער ארימע שטיבעלע מיט איהר זיסען און קלינגענדען קול'כעל. היינט איז זי אנטשוויגען געווארען און איז אומגעגאנגען ווי א פויגעלע מיט אונטערגעשניטענע פליגלען...

עס איז שוין געווען שפעט נאך חנוכה און דאס וועטער האט זיך נאך ניט איבערגעביטען. אומזיסט האבען אלע מיט אונגעדולד געווארט, ווען וועט שוין ארויספאלען דער ערשטער שנעע און וועט בעדעקען די דונקעלע בלאטע. איבער'ן קאפ זיינען נאך אלץ געהאנגען שווארצע וואלקענס און א קאלטער און א „פוילער" ווינד האט טאג טעגליך געיאמערט און געשמיסען אין די פערשוויצטע פענסטער מיט גאנצע צעבערס וואסער.

איינמאל, דאס איז געווען דאנערשטאג ביינאכט, בין איך אויפגעשטאנען ארום א זייגער דריי א קוק טאן אויפ'ן טייג, ווארום פרייטאג באק איך חלה גאנץ פריה, איך האב אונטערגעשלאגען די „אפארע" און בין צוגעגאנגען צו סאניעס בעטעל. פון אבענד האב איך געהערט, ווי זי האט זיך לאנג אויף איהר געלעגער געקעהרט פון איין זייט אויף דעם אנדערען. נאך דעם האט זי ווידער געוויינט. מיין הארץ האט מיר זעהר וועה געטאן, מיין סאניע האט געשלאפען מיט א שווערען און טיעפען שלאף... פלוצלינג הער איך אימיצער קלאפט שטיל אין פענסטער. איך הער זיך צו... יא! מע קלאפט... איך בין צוגעגאנגען צום פענסטער — מען זעהט גאר ניט. נור אי־

אונטער׳ן בעט, אין קאמער, אין קעלער — אומעדום זיינען זיי געווען, האבען איבערגעוואָרפען יעדער זאך, געשמעקט, געטאפּט... עס איז שוין געווען גאנץ שפּעט; דאך האבען זיך אונזערע שכנים באלד דער־וואוסט, אז מען זוכט ביי אונז עפּעס... „ביי אברהם דעם גאָלדשמיד איז אָן אָביסק!" וואָס זוכט מען? — איינע האבען געמיינט מען זוכט געגנב׳טע גאָלד, די אנדערע האבען געזאָגט, אז מען זוכט א גע׳הרג׳עטען קריסט. א פּחד איז אָנגעפאלען אויף אלע.. אין עטליכע פענסטער האבען זיך בעוויזען פייערלעך... אונזערע גוטע פריינד זיינען געשטאנען פון דער ווייטען און האבען געוואָרט...

ווי באלד די אָפיצערען מיט די זשאנדאַרמען זיינען נור ארויס פון אונזער הויז און מיר האבען זיך אביסעל בערוהיגט, האט דער אלטער א געשריי געטאָן אויף סאָניע׳ן און האט זי געפרעגט:

„זאָג מיר, וואָס הייסט דאס? סטייטש! דו ווילסט אונז אונ־גליקליך מאכען!... איך וועל דאך דיר דער׳הרג׳ענען אויב דו וועסט זיך מישען אין אזעלכע געשעפטען!..."

דער אלטער איז געווען שרעקליך אין כעס. ער וואָלט געווים גענעבען סאָניע׳ן א פּאָר פּעטש. צום גליק אָבער זיינען געקומען אונ־זערע שכנים און האבען זיך אָנגעהויבען נאָכצופרעגען: וואָס? ווער און ווען? ביז טאָג זיינען מיר געזעסען און אלץ דערצעהלט ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען, ווי אזוי זיי האבען געקלאפּט, געזוכט, ווי אזוי דער גרויסער אָפיצער האט געקוקט, געשפּראָכען... ווי ער איז געשטאנען, וואָס דער אלטער האט געטאָן און פארטאָג, אז איך האָב איינגעהייצט דעם אויווען, איז סאָניע גיך צוגעלאָפען, האט ארויסגע־שלעפּט ביי זיך פון בוזעם עטליכע ביכלעך מיט פּאפּירען און האט זיי אריינגעוואָרפען אין פייער... איך בין נשתומם געוואָרען פון שרעק און וואונדער... אך! אך! דער אלטער זאל דאס חלילה וויסען? !...

לאנגזאם האבען זיך געצויגען די פינסטערע און קאלטע טעג... די רעגענס האבען ניט אויפגעהערט צו גיסען. דאס גאנצע שטעטעל איז פערזונקען געוואָרען אין א גאנצען ים פון בלאָטע. עטליכע וואָ־כען כסדר האבען די איינוואָהנער פון אונזער שטאָדט דערצעהלט פון דעם מילכינגען גוי וואונדערבארע געשיכטען: אלע האבען געוואוסט, אז ער איז פערשוואונדען געוואָרען און די זשאנדאַרמען האבען איהם

מאַכט איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען. איידער איך האָב איהר גע־ענטפערט האָט זי שוין ווידער געעפענט איהרע ליכטיגע בלישצענדע אויגען און האָט דערזעהן דעם גאַסט. א גאַנצע סעקונדע זיינען זיי גע־שטאַנען איינער אַנטקעגען דעם אַנדערען; ערשטוינט, דערשראָקען, דערפרייעט, איבערראַשט. איהר הארץ האָט זיך אַזוי געוואָרפען, אַז איך האָב געהערט פון דער ווייטען ווי עס האָט זיך געקלאַפּט. ער האָט אָנגעהויבען צו ציטערען ווי א פיעבער... ביי מיר איז די לאָמפּ שיעור ניט ארויסגעפאַלען פון די הענד... עס איז געוואָרען אַזוי שטיל, אַז עס האָט זיך געהערט ווי דער קעראָסין ברענט אין לאָמפּ... ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט געזאָגט:... סאָ־ניע! וועה, ווי דו ביסט פערענדערט געוואָרען!... טרערען האָבען איהם געשטיקט.... ער האָט ניט געקענט רעדען.

— סאַשע! האָט זי געענטפערט מיט א שוואַכען קול... סאַשאַ! זי איז איהם געפאַלען אויפ'ן האַלז און זיי האָבען ביידע אָנגעהויבען אַזוי שטאַרק און אַזוי ביטער צו וויינען, אַז איך האָב זיך פאַרגעסען בייז צו ווערען אויף מיין אויסגעלאַסענע טאָכטער, וועלכע האָט זיך ערלויבט צו קושען א מאַנספערשוין און נאָך דערצו א שייגעץ דער מאַמען אין די אויגען. איך האָב פערגעסען צו כאַפּען דעם שייגעץ פאַר די האָאָר און איהם ארויסשמייסען פון הויז ווי א מיאוס'קייט... איך האָב זיך אָבגעקעהרט פון זיי און האָב אליין אָנגעהויבען צו וויינען, ווי אַן אַלטער נארר...

— סאָניע, האָט דער „מילכיקער" געזאָגט ליעבליך, איך האָב דיך ניט געקענט די גאַנצע צייט פערגעסען אויף איין מינוט ניט... דו ווייסט ווי געפעהרליך דאָס איז פאַר אונז אַלע איך זאָל זיין דאָ... אָבער דאָס איז געוועזן איבער מיינע קרעפטען... איך האָב געפיהלט, ווי אַזוי דיר איז שווער...

מיין אָרימע סאָניע האָט אָנגעהויבען צו שמייכלען און האָט גע־זאָגט:

סאַשאַ! איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט קומען.. מיין הארץ האָט מיר געזאָגט... אַז דו ביסט צוגעגאַנגען צו אונזער הויז האָט שוין מיין הארץ געהערט פון דער ווייטען דיינע טריט... איך שלאָף איין מיין הארץ הערט ווי ער געהט צו שטילערהייד צום פענס־טער....

מיצער קלאפט שטיל, שטיל... אזוי ווי ער בעט זיך, איך זאל איהם ארייגלאזען... איך האב גענומען די לאמפ, בין ארוים אין הויז אריין און האב אבגעשפארט די טהיר. אין הויז איז אריין א יונגער פויער, אין א אלטע סוויטע און גרויסע שטיוועל און האט באלד צוגעשפארט די טהיר.

וואס דארפסט דו? האב איך א געשריי געטאן דערשראקען.

— שש! שרייט ניט! איהר דערקענט מיך ניט? אט דא האב איך ערשט דערזעהען, אז דאס איז דער „מילכיקער גוי"... ער האט זיך אבגעגאלט דעם בארד און האט אנגעטאן פויערשע קליידער. ער האט מיך גענומען פאר'ן האנד און מיט א ציטערענדיגען קול האט ער אנגעהויבען צו פרעגען: זאגט, זאגט, וואס מאכט סאניטשע? איז זי געזונד? איז זי רוהיג? קען איך זי יעצט זעהן?... זייט אזוי גוט!..

— וואס רעדט איהר? סאניע שלאפט איצט.. און דער אלטער איז אין דער היים... לאז גאט היטען, ווען דער אלטער זאל זיך דער־וויסען.

— איהר ווייסט, האט ער מיר געזאגט, אז מען זוכט מיר יעצט ווי מיט ליכט... און אויב אימיצער וועט מיך דערקענען בין איך פער־לארען, דאך בין איך געקומען. איך געה צו־פוס פון דארף איוואַ־נאווקע. צוועלף ווערסט צו־פוס אין אזא בלאטע, איך געה א גאנצע נאכט, איך דארף, איך מוז זעהן סאניע'ן. זייט אזוי גוט, וועקט זי אויף. ערלויבט מיר צו זאגען אייער סאניען צוויי ווערטער!...

וואס טוט מען פארט? א מענש שטעלט איין זיין לעבען אין סכנות, געהט צו־פוס אזוי ווייט און ער בעט מיך אזוי שטארק, אין די אויגען שטעהן ביי איהם טרערען, דער קול ציטערט, איהר דארפט וויסען, אז די גאנצע צייט האבען מיר גערעדט גאנץ שטיל, געשעפ־צעט זיך, די טהיר פון שטוב איז געווען צוגעמאכט, אלע האבען גע־שלאפען, איך בין געווען זיכער, אז קיינער הערט ניט און ווייס ניט, אז מיר זיינען דא. היינט שטעלט אייך פאר מיין וואונדער, אז איך האב דערהערט שטילע טריט! די טהיר האט געגעבען א סקריפ און סאניע האט זיך בעוויזען אויפ'ן שוועל. מאמע! האט זי געפרעגט. מיט וועמען רעדסט דו דאס? די שיין פון דעם לאמפ האט איהר בעלייכטעט איהר בלאסען געזיכט און זי האט אויף אויגענבליק צוגע־

.3

מיינע יסורים, שרעק, בזיונות און האַרץ־וועהטאָג קען נור פער־שטעהן אַ מוטער פון קינדער. דאָס וואָס איך האָב אין יענע ביטערע צייט געפיהלט קען נור פיהלען אַ מאַמע. אי אויף מיין קינד האָב איך געהאַט רחמנות, וואָרעם עס איז גאָר געווען אונמעגליך צו צו־זעהען איהרע קוואלען, אי געשעמט האָב איך זיך פאַר זיך אליין, אי מורא האָב איך געהאַט: וואָס וועלען לייטען זאָגען, אַ קליינינקייט: די טאָכטער פון משה דעם גאָלדשמיד, וועלכער איז בעקאַנט אין שטעטעל ווי אַ פיינער און עהרליכער איד, — זיין טאָכטער!...

עטליכע מאָל, וואָס זאָל איך לייקענען, האָב איך געוואָלט מיין סאָניען שלאָגען... עס זיינען געווען מינוטען, ווען איך האָב אליין געבעטען אויף איהר אַ טויט... נור אַז איך פלעג אַ בליק טאָן אויף איהר בלייכען פנים, אויף איהרע פערשוואָלענע אויגען פון טרערען, אויף די בלויע פאַסען אונטער די אויגען, פלעג איך אַלצדינג פער־געסען, פלעג איהר אַרומנעהמען ערגעץ אין אַ ווינקעלע, דער אַל־טער זאָל ניט זעהן, און מיר פלעגען ביידע וויינען... קינד מיינס! אונ־גליקליכע סאָניע מיינע!...

דעם „מילכיקען גוי" האָב איך געטריבען פון מיין שטוב; עט־ליכע מאָל האָב איך איהם געמאַכט מיט דער בלאָטע — ער האָט אָבער געטאָן זיינס אַלע נאַכט, עס האָט געמעגט זיין פינסטער, חושך, עס האָט געמעגט גיסען אַ שלאַגס־רעגען, עס האָט געמעגט זיין די שרעקליכסטע זאַווערוכע — ער פלעגט קומען צו פוס פון איוואַנאָווקע צו סאָניע'ן. אַז איך פלעג איהם ניט אריינלאָזען, פלעגט ער שטעהן די גאַנצע נאַכט לעבען טהיר.

„שטעהן לעבען דער שטוב וואו מיין סאָניע איז — דאָס אליין איז שוין פאַר מיר אַ גליק!" אַזוי פלעגט ער זאָגען, דער משוגענער... „פון דער זייט וואַנט הער איך ווי זי אָטהעמט, איך הער יעדען זיפץ איהרען, יעדען קרעכץ, איך פלאַג זיך אין איינעם מיט איהר, און דאָס גיט מיר קרעפטען צו לעבען נאָכדעם אַ גאַנצען טאָג"... וואָס טוט מען מיט אַזעלכע משוגעים! אַז ער פלעגט אַוועקגעהן, בין איך

דאָ, אַם ענדע, האָב איך שוין געוואָלט בייז ווערען און זאָגען זיי, אַז זיי זאָלען אויפהערען צו קושען זיך און וויינען... אַקור־ ראַט אין דער מינוט האָט זיך סאָניע אָנגעבויגען צו זיין אויער און האָט איהם עפּעס געזאָגט אַ סוד און האָט זיך שטאַרק פערשעהמט... איך האָב נור געהערט ווי אַזוי זי האָט געזאָגט: סאַשאַ! דו ווייסט?... מיר ווייזט זיך אויס, אַז איך בין...

ווייטער האָב איך ניט געהערט... ער אָבער האָט זיך פּלוצלינג אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד, האָט ארומגענומען איהרע קניע, האָט אָנגעהויבען צו קושען איהרע הענד און האָט אָנגעהויבען צו שרייען ווי אַ משוגענער:

מיין טייערע! מיין געליעבטע! וואָס פאַר אַ זיסע און אויך שרקעליכע נאַכריכט! אָ! ווי אונגליקליך זיינען מיר, אַז דאָס וואָס ערפילט יעדען מענשענס הארץ מיט פרייד און גליק, שרעקט אונז און פּלאָגט!...

ערשט דאָ האָבען זיך געעפענט מיינע אויגען און איך האָב פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ גרויסער שלאַק האָט אונז געטראָפען! וואָס פאַר אַן אונגליק האָט אונז געשעהן... איך בין געבליבען שטעהן... גלייך ווי אַ דונער האָט מיך דערשלאָגען...

— שרה! שרה! וואָס איז דאָרט? האָב איך דערהערט דעם מאַנס קול... דאָ בין איך געקומען צו זיך, האָב געוויזען דעם „מילכי־ קען" אויף דער טהיר און האָב איהם געזאָגט שטיל אָבער שאַרף: „געה געה פאָרט! שוין פאָרט!"

ער האָט אוספייעט צו זאָגען, סאָניע! איך וועל דאָ זיין ווידער! איז ארויס פון טהיר און פערשוואונדען אין דער פינס־ טער...

סאָניע איז געבליבען שטעהן אנטקעגען מיר אָהן קראַפט, אָהן מאַכט, טויט ווי די וואַנד... זי האָט אויסגעשטרעקט איהרע ציטע־ רענדע הענד צו מיר און האָט געזאָגט:

— מאַמע! מאַמע! פערשעלט מיך ניט!..!...! ! ! ! !! !

איך אָבער האָב זי אָפּגעשטויסען פון זיך מיט אַ ביטערען כעס, בין אריינגעגאַנגען אין שטוב און האָב זי אליין געלאָזט אין דער פינסטער...

„ניין! איך האָב שוין קיין כח ניט... איך קען ניט! איך מוז..."

דאָ בין איך ארויסגעלאָפען אין הויז און ער האָט זיך א וואָרף געטאָן צו מיר מיט א געוויין און א געשריי: „לאָזט איהר ניט!.. זי האָט זיך בעשלאָסען צו שטארבען!... זי וויל זיך הענגען אָדער טרינקען!..."

„א יאָ, מאמע, איהר אליין ווילט איך זאָל זיך א מעשה אָנטאָן? אי פאר אייך אי פאר מיר וועט זיין בעסער..."

אין דער מינוט האָב איך דערפיהלט ווי גרויזאם און ניעדער־טרעכטיג עס זיינען די עלטערען, וועלכע ווילען בעסער זייערע קינ־דער אומברענגען, איידער צו ליידען „שאנדע" און איבערצוטראָגען די רכילות מיט די פלוידעריי פון די נאררישע ווייבער...

„ניין! מיין קינד! האָב איך אָנגעהויבען צו זויינען און בעטען מיין סאָניטשקע, טו דאָס ניט!... האָב רחמנות אויף זיך און אויף דיין מאמע!... שטארק זיך! גאָט וועט אונז העלפען, מיר וועלען ווי עס איז איבערלעבען די בזיונות מיט די צרות!"

אך, מיינע פריינד! פיעל האָבען מיר אין יענע נאכט געוויינט, פיעל געטראכט, פיעל געדענקט... עס איז געבליבען אז מען דארף דעם „אלטען" אלץ דערצעהלען און אָנרעדען איהם איבערצוקלייבען זיך אין אן אנדער שטאָט... רעדען מיט דעם „אלטען" פון דעם, האָט גענומען אויף זיך „סאשא" דער „מילכיקער גוי"... די צרות און יסורים האָבען אונז אזוי פעראייניגט, אז איך האָב איהם אָנגע־הויבען צו ליעבען ווי אן אייגען קינד... אָ, גאָט! שטראָף מיך ניט פאר די רייד... א גוי, א קריסט, וואָס האָט אונגליקליך געמאכט אונז און האָט אומגעבראכט אלע אונזערע קינדער, — אזא כפרה'ניק האָב איך ליעב געהאט... און אויך איצט אפילו, אז איך רעד פון איהם טוט מיר אזוי וועה דאָס הארץ!...

הערט דערווייל וואָס עס האָט זיך פערלאָפען: — דער „מיל־כיקער" איז פלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען אויף צוויי וואָכען. אונזער זוהן, אהרן, דער וואָיענער פעלדשער, ביי וועלכען אין די הענד איז געווען די אפטעק פון האָספיטאל, אונזער אהרן פלעגט אָפט קו־מען צו סאָניען, פלעגען זיךביידע שושקענען, רעדען שטיל און פאָר־זיכטיג. איך האָב פערשטאנען, אז זיי רעדען פון עפעס וויכטיגעס,

אויף איהם שטענדיג געווען בייז, מלא רציחה, איך פלעג בעטען ביי גאָט אַ מפלה אויף זיין קאָפּ, און ווי באַלד ער פלעגט נור קומען און אַ קלאַפּ טאָן שטיל, שטיל אין פענסטער, ווי באַלד איך פלעג נור ארויסגעהן און דערזעהן זיין פער'חושך'טען פנים, זיין ווייסען קאָפּ מיט זיינע בלויע אויגען, פלעג איך זיך באַלד פערגעסען, אַז ער איז מיין גרעסטער שונא... ע! האָב איך אַ מאַך געטאָן מיט'ן האַנד און געזאָגט: וואָס עס וועט זיין וועט זיין!

דער ווינטער, אויף וועלכען מיר האָבען אַזוי לאַנג געוואַרט, איז געקומען. נאָך אַ פינסטערען רעגענדיגען טאָג איז געקומען אַ קאַלטע נאַכט... אַ שטאַרקער, רווישענדער ווינד האָט געבלאָזען אַ גאַנצע נאַכט, געריסען די טהירען, געקלאַפּט מיט די לאָדען. די וואָלקענס זיינען געלאָפען אַזוי ווי דערשראָקענע שוואַרצע שאָף... און אַרום האַלבער נאַכט האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעווייזען בלישצענדע שטערענדלעך... און ווען מיר זיינען אויפגעשטאַנען אין דער פריה איז געווען אַלץ פערוואָרפען מיט גאַנצע בערג שנעע און אין שטוב איז געווען קאַלט, אין הויז איז די וואַסער פערפרוירען געוואָרען... דער „אַלטער" מיינער איז געווען זעהר פערזאָרגט מיט דאגות פון פרנסה און האָט ניט בעמערקט... איין מאָל האָט ער מיך יאָ געפרעגט: וואָס איז דאָס וואָס אונזער סאָניע ווייזט אויס אַזוי ווי קראַנק? און אַז איך האָב איהם געענטפערט, אַז דאָס ווייזט זיך איהם נור אויס, האָט ער מיר געגלויבט... די צייט איז אָבער געגאַנגען און מיר האָבען שוין אַלע געזעהן, אַז גיך וועט מען ניט קענען מעהר פערבאָרגען דעם שרעקליכען סוד, אַז גיך וועלען אַלע בעמערקען, אַלע וועלען וויסען די שענדליכע מיאוס'ע געהיימנים... סאָניע איז געוואָרען טרויעריגער און שלאַפער... איך האָב געזעהן, אַז זי האָט אין זינען אַ שוואַרצען שרעקליכען געדאַנק און האָב אָנגעהויבען מורא צו האָבען און צו היטען זי... מיין האַרץ האָט מיך אָבגענאַרט... איין מאָל ביי נאַכט האָב איך דערהערט, ווי סאָניע מיט איהר געליעבטען וויינען זעהר שטאַרק און ער בעט זי רחמים און זאָגט:

„סאָניע! זיי ניט קיין נזלן!.. האָב רחמנות אויף זיך און אויף אונזער אונגליקליכעס קינד! אי! מיר זיינען נאָך יונג... די צייט וועט זיך איבערבייטען און מיר וועלען נאָך אפשר זיין גליקליך!"

סאָניע אָבער האָט גע'טענה'ט איינס:

און וועט איהם דערצעהלען וואָס זיי ווילען יעצט טאָן. סאַראַנאָוויץ איז געוועזן גאַנץ צופריעדען. אַ קלייניגקייט? דער גאַררישער סאָ־ציאַליסט גיט איהם אליין איבער אין די הענד אַלע חברים!... ווי־פעל געלט וועט ער דאָס בעקומען פון די זשאַנדאַרמען פאַר אַזא בריה׳שקייט... אַ וויערסט 25 פון אונזער שטעטעל, אויף אַ קליינע סטאַנציע, זיינען זיי זיך ביידע צוזאַמענגעקומען און זיינען אַוועקגע־פאָהרען קיין אדעסס. קיין באַגאַזש האָבען זיי ביידע ניט געהאַט. דער „מילכיקער” האָט נור געפיהרט מיך זיך אַ פּראָסטען לייווענ־טענעם זעקעלע און האָט געהאַט ביי זיך אין טאַש עפּעס אַ פלע־שעל.

וואָס איז ביי דיר אין זאַק? האָט געפרעגט דער שפּיאָן.

— דאָס איז אַ מאַשין, מיט וועלכער מיר ווילען אונזערע פיינד אָבראַמען פון וועג... אין אדעס וועל איך דיר דעם אַפּאַראַט ווייזען.

— און וואָס איז ביי דיר אין פלאַש? האָט ווידער געפרעגט דער שפּיאָן.

— אָ! האָט געענטפערט דער סאָציאַליסט, אין פלעשעל איז ביי מיר אַ טייערע משקה, אין אדעס וועט ביי אונז זיין אַ „גוליאַנקע” און איך וועל דיר אויך געבען פערזוכען פון דעם גוטען געטראַנק...

ווייסט איהר אָבער וואָס ער האָט אין אמת׳ן דאָרט געהאַט? אַ שרעק! אַ שרעק! — אין זעקעל איז ביי איהם געלעגען אַ האַק און אין פלאַש האָט ער געהאַט „סערנאַ קיסלאָטאַ”. אָט די פלעשעלע מיט „סערנאַ קיסלאָטאַ” האָט איהם געגעבען מיין זוהן, דער וואָיענער פעלדשער. אָט די פלעשעל האָט אונז אַלע אונגליקליך געמאַכט, האָט אונז דער׳הרג׳עט, פערביטערט אונזערע יאָהרען. אָ! הערט, הערט מיינע צרות! דער „מילכיקער” מיט דעם שפּיאָן זיינען געקומען קיין אדעסס אין אַ קאַלטען ווינטער־טאָג. גאַנץ פריה פאַרטאָג... עס איז נאָך געוועזן פינסטער, אויפ׳ן וואָקזאַל האָט זיי בעגעגענט אַ יונגער מאַן. זיי האָבען זיך בעשלאָסען צו געהן אין שטאָט אריין צופוס. זיי האָבען געדאַרפט אריבערגעהן אַ גרויסען פּלאַטץ, וועלכער רופט זיך „קוליקאָוואָ פּאָלע”. ארום איז געוועזן פינסטער און שטיל... זיי זיי־נען אַלע געגאַנגען און האָבען גערעט פון סאָציאַליסטישע געשעפטען. סאַרנאָוויץ האָט גאָר ניט חושד געווען און איז געווען גאַנץ רוהיג...

אז עס האָט זיך עטוואָס שרעקליכעס געטראָפען. נור וואָס ? האָב איך ניט געוואוסט. און פון וואנען זאָל איך וויסען ? קיין צייטונג לייען איך ניט, היינט וואָס העלפט דאָס, ווען אין אלע צייטונגען איז שוין דאמאָלס געווען בעשריבען אין גאנצען די שרעקליכע געשיכטע ? איך האָב אייך שוין דערצעהלט, אז דער „מילכיקער", ווען ער האָט זיך פריהער בעזעצט ביי אונז אין שטעטעל, האָט זיך באלד בעקאנט מיט מיינע קינדער און נאָך איינינע יונגע לייט און אז ביי איהם פלעגען זיין פערשיעדענע פערזאמלונגען. היינט ווייס מען שוין, אז דער „מילכיקער" איז געווען א פייערדיגער סאָציאליסט און זיין ציעל איז געווען אויפצורייצען די ארבייטער פון שטאָט און די בויערען פון דער גאנצער גענענד געגען די רייכע מענשען און לאנד־בעזיצער... צום אונגליק, האָט זיך גערארפט טרעפען אז צווישען די יונגע לייט, וועלכע פלעגען געהן צו דעם „מילכיקען" אויף די פערזאמלונגען, איז געווען א לערער, א געשמד'ער איד, מיט'ן נאָמען סאראנאָוויץ... אָט דער משומד האָט אלץ אויסגעזאָגט פון חדר. און דערפאר האָט מען ביי אונז געמאכט אָן אָביסק און דער „מילכיקער" האָט זיך גע־מוזט בעהאלטען... דער „מילכיקער" האָט שוין פערשטאנען, ווער עס האָט דערצעהלט די זשאנדארמען, ער האָט זיך אָבער געמאכט, אז ער ווייס ניט, ווער דער שפּיאָן איז און האָט אליין דערצעהלט סארנאָוויצען, אז ער געפינט זיך אין דעם דאָרף איוואנאָווקע און אז אין ניכען וועט ער איהם ענטדעקען א גרויסע געהיימנים... נאָך וואָס האָט ער דאָס געטאָן ? איך וועל אייך באלד דערצעהלען, ווארום איך ווייס איצט די גאנצע געשיכטע זעהר גוט... אָ ! איך וועל ביז'ן טויט געדענקען דיעזע שרעקליכע געשיכטע !

דער „מילכיקער" האָט אוועקגעשיקט א בריעף קיין שווייצא־ריע, אין דעם צענטראלישען קאָמיטעט זייערען און האָט געפרענט: וואָס דארף מען טאָן דעם שפּיאָן סאראנאָוויצען ? פון דאָרט האָט מען איהם געענטפערט, אז דעם שפּיאָן דארף מען אראָבראמען פון וועג, כדי צו פערהיטען דעם לעבען פון א סך עהרליכע מענשען... איין מאָל איז געקומען מיין סאָניעס געליעבטער צום שפּיאָן און האָט איהם געזאָגט, אז ער וויל איהם איצט ענטדעקען א וויכטיגע גע־היימנים... נור זיי מוזען פאָהרען ביידע אין דער גרויסער שטאָט אָדעסא... דאָרט וועט ער איהם בעקענען מיט פיעל סאָציאליסטען

פּאָלקאָווניק און מען האָט איהם געהייסען מודה זיין זיך, אז ער האָט נעגעבען פון דער וואָיענע אפּטעק אָהן ערלויבנים פון זיין נאַטשאַל־סטוואָ א פלעשעל מיט סערנע קעסלאָטאַ. און אז מיין זוהן אהרן האָט זיך ניט געוואָלט מודה זיין, האָט איהם דער פּאָלקאָווניק געהרג'עט געשלאָגען מכות רצח און האָט איהם געהייסען אוועק שיקען אין אָסטראָג... באלד נאָך דעם האָט מען ביי אונז ווידער געמאַכט א אָביסק. דעם מאָל זיינען די זשאַנדאַרמען געוועזן פיעל שלעכטער און גרויזאַמער, ווי פריהער. זיי זיינען אונז בעפאַלען שפּעט אין דער נאַכט ווי די מערדער. מיין סאָניע האָבען זיי געשאָלטען מיט גראָבע ווער־טער און איך אליין האָב געכאַפּט עטליכע שטוסאַקעס... דעם מאָל האָבען זיי געמאַכט אזא רעש, אז די גאַנצע שטעטעל אונזערע האָט געקאָכט עטליכע טעג ווי א קעסעל און דער אלטער מיינער איז שטאַרק דערשראָקען געוואָרען און האָט נאָך דעם געקרענקט עטליכע טעג. זיי האָבען אונז אלע געשראָקען און האָבען געזאָגט, אז אין גיכען וועט מען זיך מיט אונזע אלע אָברעכענען... ביי מיין סאָניען האָבען זיי גענומען א פּאָדפּיסקאַ, אז זי וועט ניט אוועק פון שטאָט און האָבען איהר געהייסען וואַרטען אין גיכען ווידער אויף געסט... פון יענער נאַכט אָן האָט מען אונז געהיט ווי גנבים. יעדע נאַכט פלעגען ארומ־געהן ארום אונזער שטוב פּאָליצייסקע און שפּיאָנען. דעם „מילכי־קען" האָבען זיי געזוכט מיט ליכט. זיי האָבען שוין געוואוסט, אז ער פלעגט געהן אלע נאַכט צו מיין טאָכטער און האָבען געגלויבט, אז דאָ וועט זיי געלונגען איהם צו כאַפּען... איך האָב זיך נאָכדעם דער־וואוסט, אז מיין סאָניען האָבען זיי דאַמאָלס ניט ארעסטירט, כדי אריינצונאַררען דעם פערליעבטען סאָציאַליסט...

4.

עס איז אוועק נאָך דעם עטליכע טרויעריגע פינסטערע טעג... אין דרויסען האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען רעגענס מיט בלאָטעס. ביי לייטען האָט מען זיך שוין געגרייט צו דעם פרעהליכען יום טוב פּורים, און ביי אונז אין שטוב איז געוועזן תשעה־באב. דער אלטער איז געלע־גען קראַנק, דער זוהן אונזערער, אהרן, איז געזעסען אין אָסטראָג. סאָניע איז אומגעגאַנגען אָהן א קאָפּ... וואָס פון איהר איז געוואָ־רען אין די לעצטע עטליכע חדשים איז גאָר שווער צו בעשרייבען... עס איז געוועזן אונמעגליך זי צו דערקענען; אזוי איז זי פערענדערט

פלוצלונג איז צו איהם צוגעלאָפען מיין סאָניעס סאשא און האָט א געשריי געטאָן: שפּיאָן! פאלשער מענש! פאל אויף די קניע! דיין לעצטע מינוט איז געקומען! — דער האק האָט א בלישצע געטאָן אין דער פינסטער און סאראנאָוויץ איז געפאלען אויף די קניע... מיט איין זעץ איבער'ן קאָפּ האָט ער איהם צופלעט דעם מוח... באלד דערנאָך האָט ער ארויסגעכאפּט די פלאש מיט קיסלאָטא און האָט איהם בעגאָסען דאָס געזיכט. קיינער זאָל איהם נאָך דעם ניט דערקענען...

סארנאָוויץ האָט גענעבען איין זיפץ און איז אנשווייגען געוואָרען...ביידע סאָציאליסטען האָבען געמיינט, אז ער איז טויט און זיינען באלד פערשוואונדען געוואָרען אין דער פינסטער.

דער שפּיאָן סארנאָוויץ איז ניט געשטאָרבען. דער קאָפּ איז ביי איהם געווען צובראָכען אין פינף ערטער; די סערנע קיסלאָטא האָט איהם אויסגעברענט ביידע אויגען; דער נאָז איז ביי איהם אראָבגעפאלען; די אויבערשטע ליפּ און איין אויער זיינען אין גיכען אָפּגעפוילט געוואָרען — און דאָך איז ער געבליבען לעבען און לעבט נאָך יעצט אויך! אז עס איז געווען דער שרעקליכער יום המשפט איז ער נאָך געווען אן עדות. רעדען האָט ער ניט געקענט; ער האָט געשריבען אן ענטפער אויף יעדע פראגע. זיין פנים איז געווען פערדעקט מיט א מאסקע. אָט דער סארנאָוויץ, ווי באלד ער איז נור געקומען צו זיך, האָט ער באלד דערצעהלט ווער עס האָט דאָס מיט אָבגעשפּיעלט אזא חתונה... ער האָט אויך ארייננעמישט אונזערע קינדער און האָט בעוויזען, אז די פלאש מיט סערנא קיסלאָטא האָט געגעבען מיין זוהן אהרן, דער וואָיענע פעלדשער. פערשטעהט זיך, אז נאָך דעם האָט מען שוין אויף גוטס ניט געקענט וואַרטען. דאָך איז דער סוף געווען פיעל ערגער און שרעקליכער, ווי מען האָט געקענט זיך פאָרשטעלען אפילו אין רוסלאנד...

צוויי וואָכען האָבען זיך געצויגען אזוי ווי צוויי יאָהר לאנג... אלע טאָג האָבען די קינדער מיינע געוואַרט אויף נייעס און האָבען זיך געגרייט... נאָר עס האָט גאָר ניט געטראָפען און עס איז געווען שטיל... אזוי ווי פאר א גרויסען שטורם. דערפאר דערנאָך האָבען זיך אָנגעהויבען צו שיטען נייעס מיט א מאָל, איינע שרעקליכער פאר דער אנדערער! ערשטענס האָט מען גערופען מיין זוהן צום

נוטען. איהר ווייסט ווי אַזוי מען זוכט מיך און ווי אַזוי מען היט אונז אַלע... די שפּיאָנען האָבען זיך בעהאַלטען פון דעם שנעע און איך האָב זיך אריינגעגנב'עט צו אייך... מיט מיר זיינען געקומען עטליכע יונגע פויערן, וועלכע שטעהען און גיבען אַכטונג... ווי איך וועל נור דערהערען א פייף מוז איך אַנטלויפען... אַך! איך האָב נור עטליכע מינוטען צייט...

ער איז אנשוויגען געוואָרען און האָט אויף אונז אַלעמען געוואָרפען טרויעריגע בליקען. מיר זיינען אַלע געבליבען שטיל ווי שטומע. דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו סאָניען און האָט געזאָגט מיט א ציטערענדען קול: סאָניע! מיין טייערע, מיין אונגליקליכע סאָניע! איך בין געקומען אבשייד נעהמען... איך מוז... איך מוז לויפען פון דאַנען... די אומשטענדען זיינען שטארקער פון אונז... איך וויים ניט, אויב מיר וועלען זיך זעהן ווידער... אין גיכען...

סאָניע האָט זיך אָנגעשפּארט אָן אויווען, איהרע ליפּען זיינען געוואָרען ווייס ווי ביי א טויטען...

— וואָס איז דאָס? האָט א געשריי געטאָן דער אַלטער, אויסער זיך. ער האָט זיך געווענדעט צו מיר און האָט געשריען: איך פרעג דיך... דו ביסט דאָך א מאַמע, א בעל־הבית'טע אין שטוב! גיב מיר צו פערשטעהן, וואָס איז דאָס? וואָס בעדייט דאָס? ווי קומט ער אהער?... וויייניג יסורים מיט צרות האָט ער אונז געבראַכט? וואָס דאַרף ער דאָ?

— באַלד וועל איך אייך אַלץ ערקלעהרען, האָט געענטפערט דער „מילכיקער", נור געדולד... די צייט איז קורץ און טייער, איך דאַרף זיך פריהער געזעגענען מיט מיין סאָניושאַ... און ביי די ווערטער האָט ער צושפּרייט זיינעביידע הענט... סאָניע איז איהם געפאַלען אויפ'ן האַלז. ער האָט זי שטאַרק, שטאַרק צוגעדריקט צו זיין ברוסט און זיי זיינען ביידע אנשוויגען געוואָרען... דער אַלטער איז געוועזן אַזוי איבעראַשט און ערשטוינט, אַז ער האָט ניט געקענט רעדען, איך האָב ניט געוואוסט וואָהין צו בעגראָבען מיין אַלטע צודולטע קאָפּ. אין שטוב איז געוואָרען אַזוי שטיל, אַז עס האָט זיך געהערט ווי אונזער מיזיניקעל אָטהעמט אויף זיין בעטעל און ווי אַזוי עס בורטשעט אונזער אַלטע קאַץ, וועלכע האָט געדרעמעלט אויף דער ווארעמע לעזשאַנקע... דער שנעע האָט געפּאַטשט אין די

געוואָרען! קיינער וואָלט ניט געגלויבט, אז דאָס איז אונזער שעהנע און ליכטיגע סאָניע! איך בין אומגעגאנגען א צודולטע. וואָס וועט זיין מיט אונזער זוהן? וואָס וועט זיין מיט אונזער סאָניען? וואָס וועט טאָן מיין מאַן, אז ער וועט א ביסעל שטארקער ווערען און וועט זיך שטעלען אויף די פיס? נור אונזער מיזיניקעל משה דער שטיפער, איז געווען רוהיג און פרעהליך ווי שטענדיג. וואָס ווייס א קינד און וואָס הארט איהם? א קינד איז גליקליך און פריי, ווי א פייגעלע וואָס צוויטשערט זיך זומער גאַנץ פריה און שפּרינגט פון איין צווייגעלע אויף דער אַנדערער...

עס איז שוין געווען א זייגער צעהן אין דער נאכט. אין דרויסען האָט מען ניט געזעהן די ליכטיגע וועלט. דער רעגען האָט אויפגעהערט און פון הימעל איז געפאלען א געדיכטער און נאסער שנעע, גלייך ווי גרויסע פעדערן פליהען פון א צוריסענעם קישען. דער אלטער מיינער איז געזעסען ביים טיש און האָט לאנגזאם געטרונקען זיין גלאָז טהעע. סאָניע איז געלעגען אויף איהר בעטעל אין די קליידער און האָט שווער געקרעכצעט. די לאָמפּ אויפ׳ן טיש האָט געברענט דונקעל. פּלוצלונג איז אימיצער צוגעגאנגען צום פענסטער און האָט געגעבען א קלאַפּ. איינס... צוויי... דריי... סאָניע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון בעט און האָט א געשריי געטאָן: מאַמע! מען דאַרף עפענען גיכער!.. דאָס איז ער! דאָס איז ער!... דער אלטער האָט א געשריי געטאָן מיט כעס: ווער איז דאָרט ווידער? סאָניע אָבער האָט איהם ניט געענטפערט און איידער איך בין געקומען צו זיך איז זי שוין געווען אין הויז און האָט אָבגעשפּארט די טהיר. דער אלטער איז אויפגעשטאַנען פער־וואונדערט. איך בין געבליבען זיצען גלייך ווי עס וואָלט ביי מיר גע־וואָרען אָבגענומען די הענד מיט די פיס. די טהיר האָט זיך אויפגע־עפענט און איבער׳ן שוועל האָט אריבער געטראָטען דער „מילכיקער גוי!” נאָך איהם איז געגאנגען סאָניע. זי איז געווען בלאַס ווי די וואַנט. דער אלטער מיינער האָט נור א געשריי געטאָן: „אָך!” און האָט זיך אָבגערוקט עטליכע טריט צוריק. איך בין געבליבען ווי אין חלשות...

— שש! שרייט ניט! האָט געזאָגט שטיל דער אונגעריכטער גאסט און האָט פון זיך אראָבגעוואָרפען זיין פּויערשע סוויטע, וועלכע איז געווען גאַנץ נאס.—איך בין צו אייך געקומען נור אויף איניגע מי־

געטאָןביים קאָפּ... וואָס... וואָס הער איך? ער האָט אַ קוק גע־טאָן אויף מיר, אויף סאָניען, אויף איהר געליעבטען, זוכענדיג אַן ענטפער אויף זיין פראַגע...

—יאַ! האָט נאָך אַמאָל געזאָגט דער „מילכיקער" (ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט אַקוראַט אַנטקעגען דעם אַלטען) יאָ, אייער סאָניע וועט גיך אַליין...

ער האָט נאָך ניט פּאַספּעיעט צו ענדיגען וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען, ווען ניט ווייט פון פענסטער האָט אימיצער געגעבען אַ לאַנגען און אַ שטאַרקען פייף.

— אָ! האָט אַ געשריי געטאָן דער „מילכיקער", — מען רופט מיך!... איך קען לענגער ניט פערבלייבען... איך מוז לויפען... (סאָניע האָט אָנגעהויבען הויך צו וויינען. זי האָט געציטערט ווי אין אַ פיבער). זיי געזונד, סאָניע מיינע! זיי געזונד! צום ווידערזעהן!.. און זיי זיינען ווידער געפאַלען איינע די אַנדערע אויפ'ן האַלז און האָבעןביידע שטאַרק און ביטער געוויינט...

— און דאָס דאַרף איך צוזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען! האָט אויסגעשריען דער אַלטער און האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענד... אָך! דו... האָט זיך ביי איהם פון מויל אַרויסגעריסען אַזאַ שענד־ליכער, אַזאַ גראָבער וואָרט, אַז סאָניע האָט נעגעבען אַ געשריי און האָט אָנגעהויבען צו חלש'ן... אין דער אייגענער מינוט האָט מען אונטער'ן פענסטער געגעבען נאָך אַ שטאַרקערען פייף. דער „מילכי־קער" איז באַלד צוגעלאָפען צום אַלטען, האָט איהם אַזוי אָנגעהויבען צו דריקען די האַנד, אַז ער האָט נעבעך אָנגעהויבען צו קרעכצען. דער „מילכיקער" אָבער האָט אויף דערויף ניט געקוקט. ער האָט איהם געדריקט מיט אַ צאָרן די האַנד און האָט געשריען:

אַלטער! ווייס אַז סאָניע איז מיין ווייב... און וועה איז דעם מענשען, וועלכער וועט זי בעלעדיגען... דאָס מעג זיין אפילו איהר אייגענער פאָטער!... אויב דו ווילסט וויסען וואָס איך קען טאָן, דערמאָן זיך וואָס האָט זיך געטראָפען מיט סאַרנאָוויץ'ען... דאָ איז אימיצער צוגעלאָפען צום פענסטער האָט געגעבען אַ שטאַרקען קלאַפּ און האָט אַ געשריי געטאָן: ניכער! מען געהט! דו ביסט פערלאָרען!.. דער מילכיקער איז צוגעלאָפען ביז'ן טהיר, האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט אַ געשריי געטאָן: לעבע וואָהל! מיין טייערע סאָניע...

פענסטער... נור דאָס האָט לאַנג ניט געדויערט. דער אַלטער איז געקומען צו זיך. ער האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר צאָרענדיגע אויגען, האָט אַ טופּ געטאָן מיט'ן פוס און האָט אַ געשריי געטאָן אויף סאָניע'ן:

„דו חצופה איינע! דו אויסגעלאַסענע שיקסע! דו אונפער־שעהמטע הולטאַיקע! נאָך מיר אין די אויגען, נאָך דעם טאַטען אין די אויגען ווערסט דו אַזעלכעס טאָן?!" ער האָט געגעבען מיט אַזאַ האַסטיגקייט אַ זעץ איבער'ן טיש, אַז אַלע גלעזער האָבען אָנגעהויבען צו ציטערען. איך האָב גאָר ניט געקענט פערשטעהן, ווי נעהמט זיך ביי איהם אַזאַ כוח. סאָניע אָבער האָט זיך ניט דערשראָקען. זי האָט איהם אַ בליק געטאָן גלייך אין די אויגען און האָט געענטפערט גאַנץ רוהיג:

— שריי ניט, פּאַפּאַ! יעצט איז שוין צו שפּעט צו שריי־ען...

— שפּעט! שפּעט צו שרייען? האָט דער פאָטער אַ געשריי געטאָן אויסער זיך... איך וועל דיר ווייזען! ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו איהר מיט זיינע קולאַקעס. דער „מילכיקער" אָבער האָט איהם אָנגענומען פאר'ן אָרעם, אין זיינע אויגען האָט זיך אָנגעצונדען אַ העלישער פייער, דער פּנים זיינער האָט זיך פערקרימט אָן אַ זייט און ער איז נאָך געוואָרען בלייכער ווי וויסער.

„איך האָב פיינט, אַז מען שרייט דאַמאַלס ווען מען טאָר ניט שרייען, האָט ער געזאָגט, בלייבט שטיל! שטיל!"...

ער האָט ניט געשריען נור ביי זיינע ווערטער איז אַ שוידער אַרי־בער איבער אַלע מיינע גליעדער און דאָס בלוט איז אין מיר פער־קיהלט געוואָרען. מיין מאַן איז נשתומם געוואָרען.

— האָט רחמנות אויף אייער קינד! האָט וויטער געזאָגט אונ־זער סאָניע'ס געליעבטער, נור זיין קול האָט זיך שוין ווידער פער־ענדערט, ער האָט שוין גערעדט ווייך און שטיל. „איהר וועט איצט שוין ניט העלפען"... געוויס... עס איז שוין שפּעט... אייער טאָכטער איז שוין קיין קינד ניט מעהר... זי וועט שוין אליין גיך ווערען אַ מוטער... פּלאָגט זי ניט!...

— וואָס? האָט דער אַלטער געפרעגט און האָט זיך אַ כאַפּ

האָבען אונז איבערגעלייענט א פאַפּיער פון פעטערבורג. דאָס איז גע־
ווען א בעפעהל אונזער סאָניע'ן צו אַרעסטירען און זי צו האַלטען אין
געפענגניס אזוי לאנג, ווי מען וועט געפינען פאר נעהטיג. ווען מען
האָט געהייסען סאָניען זיך גרייטען אין וועג, האָב איך געפיהלט, ווי
מיין הארץ האָט זיך ביי מיר אָבגעריסען. וועה איז מיר! א יונג
קינד... זי דאַרף אליין גיך ווערען א מוטער... ווער וועט זיין לע־
בען איהר? ווער וועט אויף איהר אכטונג געבען? סאָניע! סאָניע!
אויף דערויף האָב איך דיך ערצויגען? אָט אזא נחת האָב איך פון דיר
ערוואַרטעט? אויף אזעלכע ווערטאָגען און צרות האָב איך דיך אויס־
געהאָדעוועט? וועה! ווער האָט געוואוסט אז אָט אזא דאָליע וועט
דיר ארויס, אזא גליק וועט דיר זיין בעשערט!... פערלאָרען, פער־
שפּיעלט די יונגע, די בעסטע יאָהרען!... דאַרף איך אייך דערצעהלען
מיט וואָס'ערע ביטערע טרערען איך האָב געוויינט, ווי אזוי גיך האָב
געקלאָגט און געיאָמערט, אז זיי האָבען גענומען מיין צווייטען קינד
פאַר'ן האַנד און האָבען זי אַוועקגעפיהרט צו דער טהיר? דער אַלטער
מיינער איז געשטאַנען בלאַס, אָבער זיין פּנים איז געווען בייז און
ער האָט סאָניען איין גוטעס וואָרט ניט געזאָגט. אויך דאַן ווען זי
איז צוגעגאַנגען צו איהם און האָט געזאָגט מיט א ציטערענדיגען קול:
זיי געזונד, פּאַפּאַ! — אויך דאַמאָלס האָט ער איהר גאָר ניט גע־
ענטפערט, ער האָט נור אראָבגעלאָזען די אויגען... סאָניע האָט פער־
ביסען איהרע ווייסע ליפּען און האָט אויך געשוויגען, זי האָט ניט
געוויינט אויך דאַמאָלט ווען זי האָט זיך געזעגענט מיט מיר... נור אז
זי האָט זיך צוקושט מיט איהר קלענערען ברודער, האָט זיך ביי איהר
פון הארצען ארויסגעריסען א יאָמער־געשריי. נור זי איז באַלד אנ־
שווינגען געוואָרען און האָט געזאָגט: פיהרט מיך, איך בין בערייט
נאָכצופאָלגען אייך... זי האָט זיך ניט אומגעקעהרט, האָט ניט א
בליק געטאָן אויף איהר אונגליקליכע דער'הרג'עטע מאמע... זי איז
ארויסגעגאַנגען מיט גיכע טריט און ביי אונז אין שטוב איז געוואָרען
פּוסט און פינסטער, גלייך ווי מען האָט ערשט ארויסגעטראָגען א
טויטען...

מיר זיינען אלע געבליבען ווי פערשטיינערטע!

— סאשא! מיין סאשא! האט א געשריי געטאן סאניע און האט זיך געלאזט לויפען נאך איהם. ער האט זיך אומגעקעהרט, האט זי נאך אמאל ארומגענומען און זיי זיינען געבליבען אומגעארמט איינינגע סעקונדע... דערוייל האבען זיך הינטער די פענסטער דער־הערט טריט און פערשיעדענע שטימען... סאשא האט זיך אויפגע־כאפט ווי פון שלאף און האט א געשריי געטאן: א! זיי געהען שוין! עס איז צו שפעט! אויף איין אויגענבליק האט ער זיך פערטראכט, נאך דעם איז ער צוגעלאפען צום טיש האט א כאפ געטאן אין דער גיך דעם אלטען'ס פושקע מיט זיין שמעק־טאבאק... ווי די טהיר האט זיך נור געעפענט און אויפ'ן שוועל האבען זיך בעוויזען צוויי זשאנדארמען, האט ער א כאפ געטאן א גאנצע האנד פול מיט טאבאק און האט א שאט געטאן גלייך די זשאנדארמען אין די אויגען... זיי האבעןביידע א געשריי געטאן און האבען מיט די הענד פערדעקט זייערע געזיכטער... אין דער אייגענער וויילע האט זיי דער „מיל־כיקער" א שטויס געטאן פון זיך און איז געשווינד ארויסגעלאפען...

דעם „מילכיקען גוי" האט מען יענע נאכט אומזיסט געזוכט — ער איז ארויס פון אונזער שטוב און איז פערשוואונדען געווארען, גלייך ווי די ערד האט איהם איינגעשלונגען. די זשאנדארמען און די פאליי־צייסקע האבען זיך געווארפען אין אלע זייטען, האבען איבערגעקעהרט אונזער שטוב, האבען געשריען אויף אונזער סאניע, זי זאל זאגען וואו ער איז; דאס האט זיי אבער ניט געהאלפען. יענע נאכט האט קיינער פון אונז אן אויג ניט צוגעמאכט. ביז טאג איז אונזער שטוב געוועזן בעלאגערט מיט סאלדאטען און זשאנדארמען, יעדער מינוט האט זיך פון דרויסען געהערט א טרעטעריי מיט אא פייפעריי. מיר זיינען גע־זעסען ניט טויט ניט לעבעדיג. דער אלטער האט געזאגט תהלים, סא־ניע איז געזעסען אין א ווינקעלע שטיל און פערזארגט. וואס איהר הארץ האט געפיהלט אין יענע מינוטען, וואס איהר יונגע און אונגליק־ליכע קאפ האט דאמאלס געטראכט — דאס קען פערשטעהן נור דער, וואס האט אליין פיעל געליטען און שטארק געליעבט...

אין דער פריה, אז זיי האבען שוין דערזעהן אז דעם „מילכיקען" איז אונמעגליך צו געפינען — זיינען זיי געקומען נאך סאניען. זיי

און ווען איך האָב געזעהן... און איך, אַלטער נאַרר, פלעג לויפען צו מיין טאָכטער, צו דער אונגליקליכע קימפעטאָרען... אַן ערשטלינג!... אַ יונגע קינד!;... געלעגען געוואָרען אין האָספיטאַל!... אָבער וואָס קען ניט אריבערטראָגען אַ יונגע מוטער? זי איז געוועזן געזונד און האָט געהאַט אַזאַ שעהנעם, אַזאַ ליכטיגען, אַזאַ געזונדען אינגעלע... אַ אינגעלע, זאָג איך! איך ווייס, וואָס ער איז: אַ אינגעל, צו אַ שייגעץ!... און סאָניע (ווער האָט זיך געקענט ריכטען אויף איהר: זי איז געוועזן שטענדיג אַזאַ שטיל קינד) האָט זיך נאָך פערעקשנ'ט און האָט ניט געוואָלט איהם לאָזען מל זיין בשום אופן!

אך! פיעל בזיונות און חרפה האָט דאַמאָלט איבערגעטראָגען מיין גרויע קאָפּ — איך בין אין יענער צייט גרוי און אַלט געוואָרען — דאָך איז מיר געווען גרינגער, כל זמן מיינע קינדער זיינען געזעסען ביי אונז אין שטעטעל: דאָ האָב איך געקענט מיט עטליכע גילדען און אַ מאָל מיט אַ גלעזעל בראַנפען אונטערקויפען די וועכטערס און גרינגער מאַכען די לאַגע פון מיינע אונגליקליכע קינדער. אין גיכען אָבער האָט מען זיי אריבער געפיהרט קיין אָדעסס און אונז האָט מען אָנגעזאָגט אַ בשורה טובה, אַז מען וועט זיי משפט'ן מיט דעם מיליטער געריכט (וואָיענע סוד!) אַזאַ געריכט אין רוסלאַנד איז קיין שפּאַס ניט און מיר האָבען זעהר מורא געהאַט פאַר דעם שרעקליכען יום הדין.

דעם „מילכיקען" דערוויילע האָט מען נאָך אַלץ ניט געקענט געפינען און קיינער האָט ניט געוואוסט וואו ער איז: נור איך און סאָניע האָבען מיר יאָ געוואוסט, נור עס פערשטעהט זיך, מיר האָבען דאָס געהאַלטען בסוד. דער „מילכיקער" האָט עטליכע מאָל צוגעשיקט דורך זיינעם אַ גוטען פריינד בריעף און גריסען. דעם ערשטען מאָל האָט ער אונז געשריבען פון רומעניא. ער האָט אונז דערצעהלט ווי גליקליך ער איז אריבער איבער'ן גרעניץ און ווי קלוג ער האָט געשפּיעלט זיין ראָלע. דעם אַנדערען בריעף האָט ער געשיקט פון וויען. ער האָט געבעטען סאָניען זי זאָל ניט פערצווייפלען, זי זאָל היטען איהר טייערען געזונד און דעם געזונד פון זייער ליעבעם קינד. גיך! גיך! האָט ער געשריעבען, וועל איך אריבער קיין בולגאַריע, און דערנאָך וועל איך אייך מיינע טייערע, מיינע געליעבטע, ברענגען אהער,

.5

שוין דאַנקען גאָט צוויי קינדער זיינען ביי מיר געזעסען אין אסטראָג! איך וויים ניט פאר וואָס, נור מיט מיין זוהן פלעגט מיר גרינגער אָנקומען צו זעהען זיך. די זשאַנדאַרמעס מיט די וועכטערס האָבען איהם ניט אזוי געהאַסט ווי מיין אונגליקליכע סאָניע. איהר שטאָלצער כאַראַקטער און איהר אונגליקליכע לאַגע אָלס פרוי, איהר שווייגען און איהר עפענטליכע אויסדריקע — אַלעס האָט זיי געגען איהר גערייצט און ערצאָרענט. זיי פלעגען זי שימפפען מיט ניעדריגע ווערטער, פלעגען זי בעלעדיגען יעדער מינוט, און זי האָט דאָס אַלעס געמוזט איבערטראָגען. מיין זוהן איז געוואָרען גיך א גוטטער ברו־דער מיט די ארעסטאַנטען און אַלע האָבען איהם ליעב געקראָגען דערפאר וואָס ער האָט פיין געזונגען... ניט נור די ארעסטאַנטען, אויך פיעל איינוואָהנער פון שטעטעל פלעגען אָפט הערען ווען מיין ליעבער אהרן פלעגט זיך זעצען ביי דער גראַטע פון פענסטער און זינגען זיין געליעבטע רוסישע ליעד:

זינג שטאַרק! זינג הויך! מיין אָרימעס קינד!
אי דיר, אין דיין מוטער איז וועה יעצט און ווינד...
גרויזאַמע מענשען האָבען אייך צושיידט!...
אָ! שלעכטער שיקזאַל! אָ! ביטערע נויט!...

זעקס חדשים זיינען אונזערע קינדער געזעסען אין אָסטראָג ביי אונז אין שטעטעל. מיר האָבען ניט געוואוסט, וואָס מיט זיי וועט זיין, ווי לאַנג מען וועט זיי האַלטען און מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיגען? פיעל מענשען האָבען אונז געזאָגט און מיר זעלבסט האָבען אויך גע־גלויבט, אַז דעם זוהן אונזערען וועט מען גיך בעפרייען, ווארום זיין שולד איז ניט גרויס... און אַז סאָניען וועט מען אפשר ארויסשיקען אויף עטליכע יאָהר ניט ווייט קיין סיביר. דער אַלטער האָט זיך ניט געזעהען מיט סאָניען די גאַנצע צייט, און דערנאָך, אַז ער האָט זיך דערוואוסט, אַז זי האָט געהאַט אַ קינד, האָט ער אפילו איהר נאָמען ניט געקענט הערען. ער האָט מיר אויך פערבאָטען צו געהן צו איהר און צו זעהן זיך מיט אַזאַ חצופה... איך האָב איהם געמוזט שטענדיג נאַררען און האָב איהם קיין מאָל ניט דערצעהלט וואו איך בין געוועזן

פון די אָרעמע לייט אויף אַ לאַנגע צייט. די בעסערע טעג, די מינוטען פון פרייד, פון האָפנונג זיינען פערשוואונדען געוואָרען אויף אייביג. שווער איז געווען צו לעבען און ביטער צו שטאַרבען... אין איינע פון די קאַלטע, ווינטערדיגע נעכט זיינען צו אונז פּלוצלונג געקומען צוויי זשאַנדאַרמען און האָבען אונז געזאָגט מיר זאָלען זיך וואָס גיכער גרייט מאַכען אין וועג: נאָך היינט מיט דעם לעצטען צוג וועט מען אונז: מיך, דעם אַלטען אויך אונזער מיזיניקעל, פיהרען קיין אדעסס. וואָס הייסט דאָס? וואָס ווּעלען מיר דאָרט טאָן? האָבען מירביידע געפרעגט מיט גרויס שרעק און ערשטוינונג.

איבער מאָרגען וועט זיין דער יום הדין פון אייערע קינדער און איהר אַלע דריי וועט זיין עדות; מען האָט אייך ביז יעצט גאָר ניט געזאָגט דערפון, איהר זאָלט ניט האָבען קיין צייט צו־טראַכטען ליגען און איהר זאָלט זיך ניט קענען צוזאַמען רעדען מיט די פערהאַפטעטע!... אייער קליינעם זוהן נעהמען מיר באַלד צו. איהם וועט מען פיהרען בעזונדער און איהר וועט איהם ניט זעהן ביז נאָך דעם גע־ריכט, כדי איהר זאָלט איהם ניט אויסלערנען וואָס צו זאָגען...

ביי דיעזע ווערטער האָבען זיי באַלד אונזער משה'לע אָנגעטאָן זיין אַלטען רעקעל און האָבען איהם ארויסגעפיהרט. דאָס קינד האָט זיך געבעכן זעהר דערשראָקען און האָט אָנגעהויבען צו שרייען ניט מיט זיין קול: מאַמע! מאַמעניו! לאָז מיך ניט איבער אליין! איך האָב מורא! איך האָב מורא!... די מערדער אָבער האָבען איהם גע־כאַפּט אויף זייערע הענד ווי אַ שעפּסעלע און זיינען מיט איהם גע־שווינד ארויסגעלאָפען פון אונזער שטוב.

ריכטיג זאָגט מען, אז דער שלאַפסטער מענש איז שטאַרקער פון אייזען. בערעכענט נור מיינע צרות און האַרץ־וועהטאָג, בעקלערט נור מיין לעבען און זאָגט אליין: וועלכע אייזערנע מאַשינע וואָלט געקענט אַזוי פיעל איבערטראָגען און אַזוי לאַנג זיך האַלטען? פון מיי־נע קינדערשע יאָהרען ביז דער עלטער האָב איך ניט געהאַט קיין גליק־ליכע מינוט. אויסגעוואַקסען בין איך אין אַ פינסטערע אידעשע שטע־טעל אין רוסלאַנד — אומשטיינס געזאָגט, וואָס פאר אַ לעבען פיהרט דער אונגליקליכער און אונטערדריקטער איד אין דעם לאַנד? די גאַנצע יאָהרען פערבראַכט אין צרות, אין אָרעמקייט, אין נויט און אין שרעק. ביי מיינע עלטערען זיינען געווען עלף קינדער. ווער האָט גע־

צו מיר... אָ! ווי נאררעש איז דער מענש מיט אַלע זיינע האָפ־נונגען און מיט אַלע זיינע פּלענער!...

עס איז אוועק אַ יאָהר פון דער צייט, וואָס מען האָט אונזער זוהן אהרן ארעסטירט. זיי זיינען ביידע געזעסען אין אסטראָג און מיר האָבען נאָך אַלץ ניט געוואוסט, ווען וועט שוין זיין אַן ענדע פון אונזערע און זייערע יסורים... פון אונז אַלע איז געוואָרען אַ תל. דער אַלטער האָט נאָך עפּטער אָנגעהויבען צו קריינקען: ער האָט שוין גאָר קיין כח ניט געהאט צו ארבייטען. ער האָט געשוויגען און קיינעם ניט דערצעהלט פון זיינע שמערצען. אָבער איך האָב גע־זעהן און פערשטאַנען, ווי שווער איהם איז איבערצוטראָגען דעם אונ־גליק פון זיינע קינדער, וועלכע ער האָט פריהער געליעבט... איהם איז אפשר געווען נאָך שווערער ווי מיר. אַ אידענע וויינט זיך אויס גאַנץ גוט, ווערט איהר גרינגער... און ביי דעם מאַנסביל ליגען די צרות ווי שטיינער אויפ'ן הארצען... איך האָב געזעהן, אַז דעם אַל־טען איז זעהר שווער, האָב איך אליין געהאָרעוועט און וואָס עס איז פערדיענט מיט מעקלעריי, סאַרווערריי... ביי נאַכט פלעג איך אר־בייטען זאָקען פאר פרעמדע אָדער נעהען עפּעס, ווי איך האָב געקענט מיט מיינע אַלטע און קראַנקע אויגען. ווי אָרעם מיר זיינען געווען, דאָך בין איך צוויי מאָל געפאָהרען קיין אדעסס זעהן מיינע קינדער. דעם ערשטען מאָל האָב איך פער'משכנ'ט מיינע פּערל, וועלכע איך האָב געהיט פון מיין חתונה אָן ווי די אויגען אין קאָפּ. דעם אנדערן מאָל האָב איך פערקויפט אונזערע פיער זילבערנע לעפעל מיט אַ זיל־בערנעם בעכער. דער אַלטער אליין האָט מיר געהייסען פערקויפען אונזער זילבער און פאָהרען זעהן זיך מיט די אונגליקליכע. שטעלט אייך פאָר מיין הארץ־וועהטאָג! דעם אנדערען מאָל בין איך גאָר אומזיסט געפאָהרען: מען האָט מיר ניט ערלויבט צו זעהן זיך מיט מיינע קינדער! ווי פיעל איך האָב דאמאָלט געבעטען, געוויינט, ווי פיעל טרערען פערגאָסען — עס האָט ניט געהאָלפען: איך האָב געמוזט פאָהרען צוריק, ווארום אַז ניט וואָלט מען מיך אויך ארייננגעזעצט אין אסטראָג.

נאָך איין זומער איז אוועק אהין, וואָהין עס געהן אוועק די ביטערע טעג פון אַלע אונגליקליכע, עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייער ווינטער, מיט נייע קעלט, צרות און שלעק. די זונן האָט זיך בעהאַלטען

ליכט וואָס מען שטעלט דעם טויטען צו קאָפּענס. אין דער פינסטער האָבען געבלישצעט נור די הוילע שווערדען פון די זשאַנדאַרמען. אַלע זיינען געווען מיעד און דער קול פון דעם ריכטער, וואָס האָט געלייענט דעם גזר־דין, האָט אַזוי געהילכט, גלייך ווי איינער רעדט אין אַ ענגען און פוסטען קעלער. עס איז געווען שטיל, גלייך ווי אַלץ איז אַנשלאָפען געוואָרען. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז אי די ווענד פון דעם דונקעלען חדר, אי די לאַנגע פוסטע ביינק, אויך אפילו אַלע פערקלאָגטע דרעמלען... עס האָט זיך געהערט, ווי דער „טיק! טאַק!" און ווי אַ קליין רעגענדיל קלאַפּט מיט זיינע דינע טראָפּען אויף דעם בלעך פון דאַך. איך מיט מיין אַלטען זיינען מיר געזעסען פון דער וויטענס אין אַ ווינקעלע... אונז האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דאָס אַלעס איז נור אַ שרעקליכער חלום, וועלכען מיר זעהען אין שלאָף... נור אונזערע הערצער זיינען ניט אַנשלאָפען געוואָרען... לאַנג, אונגעהייער לאַנג האָבען זיך געצויגען די מינוטען. די ווירקליכקייט איז אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק פון זייערע אויגען און מיר האָבען זיך אָנגעהויבען פאָרצושטעלען פירכטערליכע בילדער... פּלוצלונג אָבער איז אַלעס ערוואַכט געוואָרען, אַזוי ווי אַ בליץ איז אַרויסגעפלויגען פון דעם ריכטערס מויל און מיר האָבען זיך ערוואַכט. אַ שוידער איז אַריבער איבער אַלעמענס גלידער. מיט אַ ציטערענדע שטימע האָט דער ריכטער אויסגערופען:

„דאַרום איז בעשטימט די פערקלאָגטע צו פעראורטהיילען: דעם וואָיענעם פעלדשער אהרן צורפזאָן צום הענגען. זיין שוועסטער סאָניע צו פערשיקען אויף זיעבען יאָהר אין די ווייטעסטע געגענדען פון סיביר".

— הענגען! מיך הענגען!?! האָט אַ געשריי געטאָן מיין אונגליקליכער אהרן ניט מיט זיין קול. פאַר וואָס? פאַר ווען?!

מעהר האָב איך גאָר ניט געהערט און גאָר ניט געזעהן! איך בין געבליבען אין חלשות. איך געדענק ניט ווער און ווען מען האָט אונז אַרויסגעפיהרט פון געררוכטס־הויז. איך געדענק ניט ווען מען האָט אונז — דאָס הייסט: מיך, מיין מאַן און אונזער מיזיניקעל — געבראַכט אויפ'ן וואָקזאַל, ווי אַזוי מיר האָבען זיך אַריינגעזעצט אין וואַגאָן. צו זיך בין איך געקומען דעמאָלט, ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין אונזער ווּיסטע און קאַלטע דירה, ביי אונז אין שטעטעל,

קענט אויף זיי אכטונג געבען? לאָזען זיי זיך וואלגערען, פלעגט זאָ־
גען מיין פאָטער, אפשר וועלען זיי זיך אויסוואלגערען... נו, האָב
איך זיך אויסגעוואלגערט... חתונה געהאט האָב איך דערפאר, ווייל
אַ אידישע טאָכטער דארף דאָך חתונה האָבען; געליטען האָב איך
פון מיין מאַן און אַלעם איבערגעטראָגען דערפאר, ווייל איך האָב
געוואוסט, אַז מיין מאַמען איז אויך ניט געווען בעסער... אַ! איך
זאָל קענען דערצעהלען און איבערגעבען אַלץ וואָס איך פיהל און
פערשטעה, איך זאָל קענען בעשרייבען די ביטערע דאָליע פון דער אַרי־
מער אידענע! מיר דאַכט זיך, אַז אפילו שטיינער וואָלטען געווײנט...

נאָר גאָר ניט! ווי אַזוי עס איז אָבגעלעבט אליין דאָס ביסעלע
יאָהרען, דערוואַרט זיך אויף קינדער, מיט צרות און האָרעוואַניע
אויסגעהאָדעוועט זיי און ערצויגען. אָבער וועה! וואָס איז מיט זיי
געוואָרען? וואו זײנען זיי אהין געקומען? מענשען! פאר וואָס האָט
איהר אוועקגענומען ביי מיר מיינע קינדער? פאר וואָס מאַכט איהר
אַזוי פיעל יסורים דעם שוואַכען און אונבעשיטצטען אָרימאַן?

איך האָב דערזעהן מיינע קינדער נאָך אַזאַ לאַנגע צושיידונג!
נור וואו האָב איך זיי דערזעהן? אין אַ גרויסען צימער, מיט קייטען
אויף די פיס, ארום גערינגעלט מיט סאָלדאַטען און זשאַנדאַרמען. ביי
אַ גרויסען טיש זיינען געזעסען די ריכטער אין אָפיצערסקע קליי־
דער. זיי האָבען ניט געריכטעט, זיי האָבען אונז אַלע נור געפלאַגט
און געקוועלט. דאָך האָבען מיר אַלע ביז דער לעצטער מינוט נאָך גע־
האָפט. קיינער פון אונז האָט ניט פערצווייפעלט. מיין זוהן אהרן איז
געווען גאַנץ רוהיג... ער איז אפילו פון פנים ניט אראָב. זיינע שעה־
נע באַקען זיינען געווען רויט, אַזוי ווי שטענדיג און ער האָט אָפט
גאַנץ פרעהליך געשמייכעלט. נור סאָניע איז געווען טרויעריג און
בלאַס. זי האָט בעסער פערשטאַנען פון אונז אַלע, וואָס פאר אַ שרעק־
ליכע שלאַק אונז וואַרט. צוויי טאָג האָט מען אונז געפייניגט מיט דאָפּ־
ראָסען, געשראָקען מיט געשריי און דראָהונגען. מיר זיינען אַלע גע־
בליבען אָהן קרעפטען. אויף צו מאָרגענס שפּעט ביי נאַכט האָט מען
אַם ענדע דורכגעלעזען אַ שרעקליכע רעזאָלוציאָן . . . אַזוי ווי
איצט, געדענק איך יענע מינוטען. פאר מיינע אויגען שטעהט דאָס
גאַנצע בילד, ווי עס איז פאָרגקומען. אין דעם גרויסען צימער איז גע־
ווען דונקעל. די לאָמפּען אויפ'ן טיש האָבען אַזוי געברענט, ווי די

פערדעקט און פערבארגען אויף אייביג, אויף אייביג!...

פערצייהט מיר, וואס איך מאך איך טרויעריג מיט מיינע ווער־טער... גיט א בליק אויף מיין אלטען גרויען קאפ און וויינט צו־זאמען מיט מיר! וויינט מיט דער אלטע מאמע, וועלכע בעקלאגט איה־רע קינדערלעך! וויינט מיט די אונגליקליכע, וועלכע שרייען און פרע־גען: ביז וואנען נאך וועלען מענשען איינע די אנדערע טון אזוי פיעל שלעכטס? ביז וואנען נאך וועט גוואלט הערשען איבער אונז? ביז וואנען נאך וועט זיך גיסען אונזער בלוט און אונזערע ביטערע טרע־רען?...

נור לאמיך אייך דערצעהלען כסדר ווי עס איז צוגעגאנגען:

ביז דער לעצטער מינוט האב איך אלץ געלעבט אין האפנונג. מיר האט זיך אלץ אויסגעוויזען, אז עס קען גאר ניט געשעהן אזא אונגליק. נארר איינער, האב איך זיך אליין געטרייסט, דאס האט מען איהם נור אבגעשראקען. פאר וואס זאל מען ביי איהם אפנעהמען זיין יונגען לעבען? מען וועט איהם אין גיכען מסתמא ארויסלאזען און ער וועט קומען און וועט פאלען זיין מוטער אויפ'ן האלז...

אך, יא! ער איז געקומען און געפאלען זיין מוטער אויפ'ן האלז; נור דאס איז געווען אין די לעצטע נאכט פון זיין לעבען!

פאר זיין טויט האט מען אונז ווידער אלע געבראכט קיין אדעסס און מען האט אונז שוין צוריק אהיים ניט ארויסגעלאזט. איך האב נאך ניט געוואוסט, אז עס איז שוין בעשלאסען געווארען מארגען גאנץ פריה פארטאג אויפצוהענגען מיין אהרן'ען... קיינער האט דאס מיר ניט געזאגט... ביי נאכט האט מען איהם געבראכט צו אונזער קאמער געזעגענען זיך... אבער ער האט זיך ניט געזעגענט... ער האט זיך צוקושט מיט אונז נור ביי זיין קומען, ער האט ניט גע־וואלט, אז איך זאל וואס מערקען... ער איז געווען בלאס און טרויעריג. עטליכע מינוט האט ער פערבראכט מיט אונז; נאך דעם איז ער אויפגעשטאנען און האט געזאגט: זייט געזונד!

איך וויים ניט וואו איז אהינגעקומען אין יענער צייט מיין נאררישער שכל... איך האב גאר ניט פערשטאנען און גאר ניט בע־מערקט... איך בין געווען זעהר מיד פון וועג און בין געפאלען ווי א שטיין און אנשלאפען געווארען... ארום א זייגער פינף אין דער פריה האט מיר פלוצלונג זעהר שטארק אנגעהויבען צו וועה צו טאן מיין

ערשט דאָ האָב איך דערפיהלט מיין וועהטאָג און האָב זיך דערמאָנט, וואָס פאר א שרעקליכער אונגליק אונז האָט געטראָפען!..

.6

גיך געהט די צייט. די טעג און די יאָהרען פליהען, ווי די פייגע־לעך וואָס אנטלויפען פון דעם קאלטען געגענד אין די ווארעמע און ליכטיגע לענדער... אלץ ווערט פערענדערט אין דעם מענשענס לע־בען: ער ווערט אונגליקליך, אלט, עלענד, ער וויינט, ער בעקלאָגט זיינע געליעבטע, זיינע פריינדע שטארבען, זיינע קינדער ווארפען איהם אוועק, ער לעבט איבער שרעקליכע און שווערע מינוטען, און די וועלט געהט זיך מיט איהר סדר. קיין זאך ווערט ניט איבערגעביטען... וועה! ווען מיר איז געשעהען מיין אונגליק, ווען מען האָט ביי מיר, ביי דער אונשולדיגער און אָרימער מוטער, צוגענומען מיינע טייערע קינדער, ווען מען האָט אזא אונשולדיגען, א בליהענדען א לעבהאפ־טען יונגען מאַן, ווי מיין ליעבער אהרן, — ערמאָרדעט — האָט זיך מיר געדאכט, אז צוזאמען מיט מיר דארפען זיך אויפכאפען אלע מענ־שען פון דער וועלט מיט איין יאָמער און קלאָג, אז די זונן דארף אויפהערען צו שיינען און אראָבפאלען פון הימעל אויף דער ערד און צורייבען אויף שטויב די גאנצע ערד, מיט אלץ וואָס אויף איהר גע־פינט זיך, און אין דער ווירקליכקייט איז אלץ געגאנגען מיט דעם אלטען גאנג, און עס איז נור געבליבען עטליכע קנייטשען מעהר אויף מיין פערשווארצטען פנים און מיט עטליכע וואונדען מעהר אין מיין צוריסענע הארץ!...

גיך זיינען אוועק עטליכע חדשים נאָך יענעם שרעקליכען יום־הדין און עס איז געקומען דער פירכטילכער טאָג, ווען מיין אונגליקליך קינד, מיין ערשט־געבאָרענער זוהן, האָט זיך געדארפט צושיידען מיט זיין לעבען, אָפּזעגענען זיך מיט אלעמען, און געהן אין פינסטערען, ענגען גרוב... סאָניע מיט איהר קינד האָט מען שוין לאנג אוועקגע־שיקט קיין סיביר. נור דאָס האָט זיך ביי מיר נאָך אויסגעוויזען פאר א גליק. דאָך בלייבט זי לעבען און אין זיעבען יאָהר ארום קען מען זיך נאָך ווידער דערזעהן. מיין אהר'ען אָבער, מיין ליעבען זוהן, וועל איך שוין ניט זעהר קיין מאָל! די שווערע און שווארצע ערד האָט איהם

צו דערצעהלען! מיין קראנק הארץ צורייסט זיך אויף שטיקער און טרערען, ביטערע טרערען, שטיקען מיך און ווארגען!...

אזא יונגע בוים איז אָפּגעהאקט געוואָרען מיט געוואלט! מער־דער האָבען ביי איהם גערויבט זיין לעבען! אין פופצעהן מי־נוטען האָבען זיי מיט איהם געענדיגט. נאָך דעם האָט מען איהם אריינגעלייגט אין א ווייסע טרונע און אריינגעוואָרפען אין א גרוב. די גרוב האָט מען באלד פערשאָטען און עטליכע באטאליאָנען סאָל־דאטען האָבען אזוי לאנג געמארשירט איבער׳ן פרישען קבר׳ל, ביז וואנען דער אָרט האָט זיך פערגלייכט און עס איז פון איהם קיין סימן ניט געבליבען... קיינער אין דער וועלט וויים ניט, קיינער קען ניט געפינען דעם אָרט, וואו עס ליגען די ביינדעלעך פון מיין אָרים, אונ־גליקליך, ערמאָרדעט קינד!...

אָ! און נאָך אזא שענדליכען פערברעכען איז נאָך דער הימעל אלץ ניט אראָבגעפאלען אויף דער ערד און די שטערען האָבען נאָך אלץ ניט אויפגעהערט צו בלישצען! און נאָך אזא שרעקליכע מערדע־ריי האָבען נאָך מענשען אלץ די העזה צו רעדען פון גערעכטיגקייט און ליעבע!... אָ! מענשען! מענשען!...

.7

צוויי מיט א האלב חדשים האָט מען אונז געהאלטען אין אדעס־סער אסטראָג. נאָך דעם האָט מען אונז מיט׳ן עטאפּ געפיהרט פון איין אסטראָג אין דעם אנדערן, ביז מען האָט אונז געבראכט קיין מאָסקווא אין דעם צענטראל אסטראָג. דאָ ערשט האָט מען אונז ערקלערט, אז מען שיקט אונז ארוים אין טיעף סיביר. פאר וואָס? פאר וואָס האָט מען אונז געפּלאגט אין געפענגנים אזוי פיעל צייט? פאר וואָס האָט מען געמאכט א תל פון אונזער ביסעל בעל הביתישקייט? פאר וואָס האָט מען געמאכט פאר אן ארעסטאנט אונזער קליינעם און אונשול־דיגען זוהן משה׳לע? — זיי האָבען זיך געפירכטעט אז מיר זאָלען מיט אונזערע טרערען ניט ריהרען די הערצער פון אונזער בעקאנטע; זיי האָבען מורא געהאט אז אונזער שרעקליכע ערצעהלונג זאָל ניט עפענען די אויגען פון די אונפארשטענדיגע מענשען, וועלכע טראָ־גען איבער מיט געדולד אלע גרויזאמקייטען פון זייערע הערשער און

הארץ. איך בין נאָך געלעגן מיט פערדעקטע אויגען, אָבער איך האָב שוין ניט געשלאָפען. איך ליג אזוי און הער ווייט, ווייט א קול פון א האָרן, אזוי ווי דער קול פון א שופר. א פערוואונדערטע, א דערשראָ־קענע האָב איך זיך אויפגעכאפט און האָב אָנגעהויבען צו צוהערען זיך: שטיל!

— דו שלאָפסט ניט לאה? האָט מיך געפרעגט מיין מאַן מיט א ציטערענדיגען און וויינענדיגען קול.

איך גיב א קוק, ער זיצט מיט זיין תהלים'ל אין האנד. זיינע אוי־גען זיינען פערשוואָלען פון געוויין.

— וואָס איז? וועה איז מיר!... האָב איך א געשריי געטאָן און בין אראָבגעשפרונגען פון בעט.

— שטארק זיך, לאה! עס איז געשעהען... עס איז שוין גע־שעהען!...

נאָך דעם האָבען מיר זיך· דערוואוסט, אז עס איז געשעהען טאקע פונקט אין דער מינוט. קיינער האָט אונז ניט געזאָגט, נור דאָס הארץ האָט געוואוסט און האָט אונז דיעזע שרעקליכע נאכריכט געבראכט. אקוראט פיער א זייגער האָט מען זיי אויפגעוועקט: מיין זוהן און נאָך א יונגען מאַן, וועלכער איז אויך ניט געשטאָרבען מיט דעם אייגענעם טויט... מען האָט זיי גיך אָנגעטאָן, אריינגעזעצט אין א וואָגען און אוועקגעפיהרט אונטערן שטאָדט אויפ'ן פעלד, וואו עס זיינען שוין געשטאנען צוויי תליות, שטילערהייד האָט מען זיי געפיהרט איבער'ן שטאָדט, שטיל זיינען געגאנגען די סאָלדאטען ארום וואָגען. אין דרויסען איז געווען פינסטער... א שווארצער טו־מאַן איז געהאנגען איבער דער ערד. ווי באלד מען האָט זיי צוגעפיהרט צו דעם שרעקליכען אָרט, וואו עס זיינען געווען פיעל סאָלדאטען און נאטשאלסטוואָ, האָבען די סאָלדאטען גענומען זייערע ביקסען „נא קאראאול". די אָפיצערען האָבען ארויסגעשלעפט זייערע שווערדען פון די שיידען, און דער סעקרעטאר האָט אָנגעהויבען צו לייענען די רעזאָלוציאָן. נאָך דעם האָבען די האָרניסטען אָנגעהויבען צו שפּיעלען עקזעקוציאָנס־סיגנאל און דער תליון האָט אָנגעטאָן פריהער אויף מיין זוהן א ווייסען קיטעל, און...

ניין! ניין! פרעגט מיך ניט, וואָס ווייטער איז פאָרגעקומען. איך קען ניט מעהר דערצעהלען! איך האָב ניט קיין קראפט אלעס, אלעס

ווי לאַנג איז דאָס געווען, מיר האָבען זיך געלעבט ווי אַלע פּראָסטע מענשען. מיר זיינען געווען אָרים, דאָך גליקליכער פון מאַנכע רייכע מענשען, וואָרום מיר האָבען געהאַט שעהנע, קלוגע און אָרענטליכע קינדער. ווי הילכיג פלעגט קלינגען מיין סאָניעס זילבערנער געלעכ־טער! מיט וועלכע געפיהלען און געשמאַק פלעגט אָפט זינגען אונזער אונגליקליכער אהרן! ווי זיס זיינען געווען די חכמות פון אונזער קליי־ניטשקען משה'לע! דאָס אַלץ איז ביי אונז מיט א מאָל אָבגענומען געוואָרען! ווער מאַכט דאָס אַזעלכע שרעקליכע שטורעמס אין דעם מענשענס לעבען? וועלכע אומשטענדען דריקען דעם מענשען אָבצו־זאָגען זיך פון זיין אייגענעם גליק, בעאונרוהיגען זיך, אָפּפערען מיט זיין לעבען?... ווי אַזוי האָט זיך דאָס געטראָפען, אַז מיר, אַלטע און פּראָסטע מענשען, זיינען געוואָרען פערברעכער, אַז אַזאַ יונגער מאַן ווי מיין אהרן זאָל פּלוצלונג ערמאָרדעט ווערען, אַז אַזאַ איידעל און שלאַף קינד ווי מיין מוזיניקעל זאָל נעבעך ליגען אַ קראַנקער אין האָספּיטאַל צווישען פרעמדע מענשען? דאָס אַלעס איז דאָך ניט קיין צופעליגקייטען, מען מוז דאָך עפּעס אָנהויבען דענקען דערפון!..

אין מאָסקווער אַסטראָג האָב איך ערהאַלטען דורך אַ בעקאַנטען סאָציאַליסט אַ בריעף פון מיין סאָניע. זי איז געווען פערשיקט ווייט אין אַ וויסטע און אָרימע שטעטעל. שרעקליך און שווער איז געווען איהר לעבען אין דעם וויסטען און קאַלטען געגענד. אַ שווערען איינ־דרוק האָבען אויף איהר געמאַכט די בערג מיט שנעע און דער יאָמער פון די הונגעריגע וועלף... די ערשטע צייט האָט זי געמיינט, אַז זי וועט ניט איבערטראָגען אַזאַ לעבען און וועט שטאַרבען אָדער אַראָפּ פון זינען. אָבער, עס האָבען זיך געפונען באַלד „אייניגע", וועלכע האָ־בען איהר אונטערשטיצט, געטרייסט און זי האָפּט יעצט, אַז איהרע קרעפטען וועלען איהר ניט פערלאָזען. „איך קען ניט, איך האָב ניט קיין רעכט צו פערצווייפלען, — אַזוי האָט זי מיר געשריבען, — איך בין אַ מוטער, איך האָב אַ זוהן, וועלכען איך מוז ערציהען און צו־גרייטען צום לעבען"... יאָ! שטאַרק, וואונדערבאַר איז די קראַפט פון פריינדשאַפט און מענשענליעבע, אָבער שטאַרקער און אַלמעכ־טיגער פון אַלץ אין דער וועלט זיינען די געפיהלען פון אַ מוטער...

נור וואָס דערצעהל איך אייך נור פון זיך איך ווייס, איהר זייט נייגעריג צו וויסען, וואָס האָט זיך פון יענער צייט אָן פאַסירט מיט

ערלויבען צו טאָן מיט זיך אַלעס, וואָס זייערע אונטערדריקער פער־לאַנגען! . . .

אַך! ניט אומזיסט זאָגען די ארעסטאַנטען, אז דער אסטראָג איז אַן אוניווערזיטעט. דער מענש, וואָס איז נור ניט פערדאָרבען, לערענט זיך אויס אין דעם שרעקליכען אוניווערזיטעט צו פערשטעהן דאָס, וואָס ער האָט פריהר ניט געקענט בעגרייפען, און דענקען פון דעם, וועלכעס האָט איהם ביז יעצט ווענינ אינטערעסירט. דאָס וואָס איך האָב ערפאהרען אין די לעצטע עטליכע יאָהר, דאָס וואָס מיר איז ערקלערט געוואָרען אין יענער צייט קען נור וויסען דער, וואָס האָט פיעל געזעהן, פיעל איבערגעטראָגען אין זיין לעבען, פיעל גע־ליטען און פיעל געוויינט. אין מאָסקווער צענטראַל־געפענגנים איז גע־ווען וואָס צו זעהן און צו הערען, — עס איז געווען ביי וועמען צו לערנען און פון וואָס אראָבצונעהמען זיך א מוסר. פיעל מענשען לעבען זיך אָפּ זייער וועלט און ווייסען גאָר ניט וואָס הייסט צרות, שלעק, אונגליק און נויטה. אַך! ווען זיי וואָלטען געקענט פיהלען דאָס, וואָס עס פיהלען די אונגליקליכע, וועלכע פּלאָגען זיך אין די פינסטערע אסטראָגען, אָבגעריסען פון זייער היימאַט, פון זייערע פריינד, פון אַלעס, וואָס ביי לעבעדיגען מענשען איז הייליג און טייער!

אין מאָסקווער אסטראָג זיינען מיר געזעסען מעהר ווי פיעל מיר האָבען געדענקט. דאָ האָט אונז געטראָפען א נייער אונגליק: אונזער מוזיניקעל, אונזער געליעבטער משה'לע, איז פּלוצלונג זעהר שטאַרק קראַנק געוואָרען. ער האָט געברענט ווי א פייער. גאַנצע נעכט פלעגט ער זיך וואַרפען ווי א דערשראָקענע פייגעלע, האָט גערעדט פון היץ, האָט זיך געשראָקען און געוויינט. אויפ'ן פינפטען טאָג האָט איהם בעזוכט א דאָקטאָר און האָט געפונען, אז ער האָט א געפעהרלי־כען טיפוס. ער האָט איהם געהייסען באַלד צונעהמען אין האָספּיטאַל. דער ערשטער עטאַפּ איז דארום אוועק אָהן אונז, און מיר זיינען גע־בליבען וואַרטען ביז וואַנען אונזער קינד וועט געזונד ווערען.

לאַנגזאַם האָבען זיך געצויגען די טעג; נאָך לאַנגזאַמער זיינען געווען די שרעקליכע נעכט. אז עס פלעגט ווערען שטיל ארום, אז עס פלעגט זיך שוין ניט הערען דער קלאַנג פון די אייזערנע קיי־טען און דער ליאַזג פון ביקסען, פלעגען מיך אָנהויבען צו פּייניגען און שרעקען פירכטליכע בילדער און עראינערונגען... דאכט זיך,

ניט גרינג איז מיר געווען אַריבערצוגעהן קיין עסטרייך; ניט גרינג איז מיר געווען פון בוקאָווינאַ אָהן אַ גראָשען געלד און אָהן די דייטשע שפּראַך, צו קומען קיין ווין. עטליכע מאָל האָבען מיך געפּאַקט די עסטרייכער זשאַנדאַרמען און מיט פיעל מיהע איז מיר געלונגען פון זייערע הענד צו בעפרייען. אם ענדע בין איך געקומען קיין ווין. אָט דאָ האָבען זיך אָנגעהויבען פאַר מיר נייע צרות און שלעק. קיין בעקאַנטע האָב איך ניט געהאַט, קיין מיטעל צום לעבען איז ניט גע־ווען, די שפּראַך איז מיר געווען פרעמד און אויסערדעם האָב איך זיך נאָך געדאַרפט היטען און פערבאָרגען. גאַנצע טעג האָב איך געבלאָנ־זעט איבער די גאַסען פון שטאָט און האָב ניט געוואוסט וואָהין צו געהן און וואָס צו טאָן. שלאָפען פלעג איך אויף די בענק פון די בולווארען. מיך האָט אָנגעהויבען צו מוטשען דער הונגער און איך האָב געזעהן, אַז אויף קיין הילף קען איך ניט ווארטען. ווי איך האָב געקענט האָב איך געבעטען ארבייט, מען האָט אָבער ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט מיך פערשטעהן... דריי טעג האָב איך זיך געהאַלטען, אויפ'ן פיערטען טאָג בין איך געבליבען אונמעכטיג און בין געפאַלען אין מיט'ן גאַס. איך גערענק ניט, ווען מען האָט מיך אויפגעהויבען און ווי אַזוי מען האָט מיך געבראַכט אין האָספּיטאַל. עטליכע מאָ־נאַטען בין איך געלעגען אין טיפוס, און די דאָקטוירים האָבען אליין ניט געוואוסט צו וועל איך בלייבען לעבען. יעצט אָבער פיהל איך זיך גאַנץ גוט, און גיך וועל איך זיך אויסשרייבען פון האָספּיטאַל... איך האָב שוין יעצט דאָ אייניגע בעקאַנטע און מיט זייער הילף וועל איך קענען האַלטען ווייטער מיין וועג. ווי איך פערשטעה וועל איך אין בולגאַריען ניט זיין פערזיכערט פון די רוסישע שפּיאָנען, דארום האָב איך מיך בעשלאָסען צו פאָהרען אין די שווייץ, וואו מיר האָבען אַזוי פיעל פריינד און בעקאַנטע. איין פראַגע מאַכט מיך אונרוהיג: האָ־בען זיך מיינע פערפאָלגער ניט דערוואוסט, וואו איך בין? וועט מיך די עסטרייכער פּאָליציי איבערגעבען צו מיינע פיינד אין די הענד? נור שרעק זיך ניט, מיין טייערע, מיין געליעבטע סאָניטשקאַ! דו ווייסט דאָך אַז איך בין אָפט געווען נאָך אין ערגערע סכנות און בין דאָך ניט פערלאָרען געוואָרען.

„ע! פון זיך דענק איך יעצט זעהר ווייניג. איך וועל דיר זאָגען די וואַרהייט, אַז דער קאַמפּף איז מיר שוין אַזוי צוגעגעסען געוואָרען,

אונזער „סאשא", וועלכער איז אייך בעקאנט אונטער דעם נאָמען „מילכיקער גוי". א לאַנגע צייט האָט קיינער פון אונז קיינע נאכ־ריכטען ניט געהאט פון איהם. עס האָט זיך געהערט מען האָט איהם געפאנגען און געבראכט צוריק קיין רוסלאנד. אנדערע האָבען דער־צעהלט, אז ער איז שוין לאַנג געשטאָרבען. דער אמת איז, ער איז געוועזן טאקע ניט ווייט פון טויט און אז ער איז געקומען צו זיך, האָט ער באלד געשריבען זיין אונגליקליכע און געליעבטע סאָניע, א מערק־ווירדיגען בריעף. סאָניע האָט דעם בריעף געהיט, און איך קען אייך יעצט נאָך איבערגעבען וואָרט אין וואָרט, וואָס דאָרט שטעהט גע־שריעבען:

„מיין געליעבטע פרוי! מיין טהייערער און אונבעקאנטער זוהן! פון האָספיטאל שרייב איך אייך דיעזע ווערטער. פון דער ווייטען רעד איך מיט אייך און דערצעהל וואָס עס פיהלט יעצט מיין הארץ. וואָס קען פיהלען דער אונגליקליכער, וועלכער איז פערוואָרפען ווייט פון זיין פאטער־לאנד, וועלכער איז אָפּגעשיידעט פון די, וואָס זיינען איהם טייערער פון זיין אייגענעם לעבען?... מיין פרוי! מיין אונשולדיג קינד! פיעל שמערצען און לייד האָב איך אייך געבראכט: אָבער דאָס איז ניט מיין שולד. די אומשטענדען זיינען שטארקער פון אונז, די אינ־טערעסען פון דער געזעלשאפט זיינען העכער און וויכטיגער פון אונ־זערע אייגענע ווינשע און שטרעבונגען. סאָניא! זיי אויף מיר ניט בייז, וואָס איך האָב דיר אזוי לאַנג ניט געשריבען: איך בין געוועזן גע־פעהרליך קראנק און האָב עטליכע מאָנאטען געקעמפפט מיט דעם טויט. ווער ווייסט, פיללייכט האָט די נאטור מיר געשענקט דעם לעבען, איך זאָל נאָך געניסען פרייד און גליק אין איינעם מיט אייך, מיינע ליעבע און מיינע טייערע! עס איז אויך מעגליך, אז דאָס וואָס די פראכטפאָלע נאטור האָט מיר געשענקט, וועלען ביי מיר רויבען די ניעדערטרעכטיגע שקלאַווען.

„דו ווייסט שוין, ווי אזוי איך האָב זיך אריבער געכאפט קיין רומעניען. עטליכע מאָנאט האָב איך זיך געוואלגערט אין דעם אָרימען לאנד. איך האָב זיך געמוזט היטען און בעהאלטען.
— מען האָט מיך גוט געזוכט און נאָכגעפאָלגט. צו פוס, אין קליי־דער פון א רומענישען פויער בין איך געגאנגען פון איין דאָרף אין דעם אנדערען, ביז איך בין געקומען צום עסטרייכער גרענעץ...

אליין: אויב עס איז דאָ אַ גאָט, פאַר וואָס שטראָפט ער אַזוי גרויזאַם אָרימע און אונשולדיגע לייט? אויב עס איז דאָ גערעכטיגקייט, ווי אַזוי קענען עפענטליך עקזיסטירען אַזאַ מערדעריי און אונגערעכטיג־קייט?... די היינטיג געבילדעטע יונגע לייט געבען מיר צו פערשטעהן, אַז אַזוי מוז געהן די געשיכטע פון דעם מענשען... אַך! גוט! נור וואָס פאַר אַ געשיכטע וועט דערצעהלען פון די קוואַלען און יסורים, פון די טרערען און שמערץ פון אַן אָרימער אונבעקאַנטער אידענע? וועלכע געשיכטע וועט קענען בעפריעדיגען די מוטער, וועלכע האָט פלוצלונג פערלאָרען דאָס, וואָס מען קען ניט קויפען פאַר קיינע שאַצען אין דער וועלט, — דאָ, וואָס מען קען ניט בעלאָהנען, מיט קיין זאַך און קיין רוהם! — מיינע געשטאָרבענע קינדער וועט מיר קיינער ניט אומקעהרען, און מיין הארץ, די צובראָכענע הארץ פון אַן אונגליק־ליכער מוטער, וועט קיין קינסטלער אין דער וועלט ניט קענען מאַכען גאַנץ. צו פיעל, צו פיעל אָפּפער פאָדערט די געשיכטע ביי די אָרימע אונבעשיצטע קבצנים, און צו ביליג, צו גרינג, קומט עס אָן די מיוחסים, וועלכע האָבען זיך געזעצט אויף אונזער האַלז!...

לאַנג האָט זיך געצויגען אונזער וועג פון מאָסקוואַ ביז דער וויי־טער און וויסטער סיביר. עטליכע וואָכען זיינען מיר געפאָהרען מיט'ן אייזענבאַהן און פיעלע חדשים מיט'ן וואַסער און פערד און אויך צו פוס. לאַנג און טרויעריג איז געוועזען דער וועג, ווי דער אידישער גלות. ברייט און ווייט האָט זיך צו־וואָרפען דאָס לאַנד, וואו הונדערט מי־ליאָן מענשען קרעכצען אונטער דעם יאָך פון איין טיראַן. אונבעגרע־נעצטע פעלדער האָבען זיך געצויגען פון ביידע זייטען פון אונזער וועג. אָרימע דערפלעך, נידריגע און קליינע הייזלעך גרויסע און אַלטע וועלדער. נאָך דעם האָבען זיך אָנגעהויבען די הויכע און די מערקוויר־דיגע בערג פון אוראַל און נאָך ווייטער גרויסע טייכען און גרויסע וויסטעס בעדעקט מיט שנעע... צווישען אָט די פראַכטפאָלע וועל־דער און בערג, אויף די גרויסע פעלדער און גרויסע טייכען האָבען מיר גאָר ניט בעגעגענט, וואָס עס קען פרייען דעם מענשענס הארץ און ענטציקען זיין בליק. מיר האָבען געזעהן דעם אָרימען און אונטערדריק־טען רוסישען אקער־בויער, מיט אַ בלאַסען געזיכט און טרויעריגען בליק, אין לאַפּציעס, אַנשטאָט שטיוועל, און מיט שוואַרצע שטיקער ערד אַנשטאָט ברויט; מיר האָבען געהערט די הויכע שטימען פון

אז איך וואָלט שוין אליין געוואָלט איבערגעבען זיך אין מיינע פיינדס הענד — און לאָז זיין אַן ענדע פון מיינע צרות! איך שעץ יעצט מיין לעבען נור דערפאר, ווייל איך וויים, אז דאָרט ווייט, אין דער קאלטער און וויסטער סיביר, פלאַגען זיך מיינע געליעבטע, אז עס ווארטען אויף מיר מיינע נעשעצטע פרוי און קינד! מיין קאמפף האָט יעצט א ווירדע אין מיינע אויגען, ווייל איך מוז דענקען און געפינען א מי־טעל אייך, מיינע טייערע, צו בעפרייען און בעלאָהנען פאר די שווע־רע טעג, וועלכע איהר פערברענגט אין דעם ווייטען און פרעמדען לאַנד... שטארק זיך, מיין סאָניע, היט זיך אָב און היט אָב מיין קינד... איך וועל אייך רעטען, איך וועל אייך בעפרייען!"

ניט אומזיסט האָט ער מורא געהאט! פון האָספיטאל גלייך האָט ער געטראָפען ניט קיין שווייץ... מען האָט איהם איבערגעגעבען צו די רוסישע שפּיאָנען אין די הענד. זיי האָבען איהם פערשמידט אין אייזערנע קייטען און געהיט ווי די אויגען אין קאָפּ. מיט גרויסע פאָר־זכטיגקייט האָט מען איהם געפיהרט פון עסטרייך קיין רוסלאַנד. זיינע וועכטער האָבען ניט געשלאָפען און ניט גענעסען. אין קיעוו האָט מען איהם אריינגעזעצט אליין אין א איינגע שטארק־געמויערטע קאמער. עס האָט זיי אָבער ניט געהאָלפען. דער „מילכיקער" איז געוועזן קליגער, פעהיגער און ענערגישער פון זיי אלע... אין אפינסטערע נאכט האָט ער דורכגעבראָכען דעם אויוועז ביי זיך אין קאמער; דורך דעם קוי־מען איז ער ארויסגעקראָכען אויפ'ן דאך און פון דאָרט האָט ער זיך שטילערהייד אראָבגעלאָזט און איז נאָך א מאָל אנטלאָפען געוואָ־רען.

.8

מיר זיינען אוועק פון מאָסקווא מיט דעם צווייטען עטאפּ. אָבער אומזיסט האָבען מיר געווארט אויף אונזער קינד, אויף אונזער ליע־בען און טהייערען משה'לע. אָהן איהם האָבען מיר געמוזט געהן. ער איז געבליבען אין מאָסקווא אויף אייביג. זיין שלאַפער קערפער האָט ניט געקענט איבערטראָגען דעם שרעקליכען טיפוס, און ער איז גע־שטאָרבען צווישען פרעמדע מענשען, אין א „קאזאָנעם" האָספיטאל! דאמאָלס האָב איך צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען צו פרעגען זיך

ליעב האָבען ווי איך האָב דיך ליעב און זי וועט דיר דערצעהלען נאָך שעהנערע געשיכטעס ווי איך".

אָט דער בריעף האָט ווידער ביי מיר ארויסגערופען גוטע טרע־דען, טרערען פון האָפנונג און פרייד... בין איך נאָך ניט אליין גע־בליבען אויף דער וועלט? איך האָב נאָך א ליעבענדע א טרייע טאָכ־טער, א שעהנעם און א קלוגען אייניקעל? ! אָ! דארף דער מענש פערצווייפלען? האָט ער דאָס רעכט אראָבצולאָזען די הענד און זאָגען: אלץ איז שוין פערלאָרען? איך האָב אָנגעהויבען צו צעהלען די טעג, ווען מיר וועט שוין אָנקומען אן ענטפער פון פעטערבורג און ווען מיר וועט שוין ערלויבט ווערען צו פאָהרען צו מיין סאָניען, און צו מיין מישע... (אזוי רופט מען איהר זוהן).

אין איינעם מיט סאָניעס בריעף האָב איך ערהאַלטען א קאָפּיע פון דעם בריעף, וועלכען צו איהר האָט געשיקט איהר סאשא, ווי מיר רופען איהם דער „מילכיקער גוי"... אָט וואָס ער האָט צו איהר גע־שריעבען:

„מיין סאָניע, מיין מישע! אויב איהר האָט נאָך ניט פערגעסען אייער געיאָגטען און פערפאָלגטען פריינד, אויב איך בין אייך כאָטש אין א טויזענד טהייל אזוי טייער, ווי איהר, מיינע געליעבטע, זייט מיר טייער, — פרעהט זיך צוזאַמען מיט מיר: די האַנד פון די אלע שפּיאָנען וועט מיך יעצט ניט דערגרייכען. איך בין שוין אין א זיכער אָרט: איך בין אין דעם לאַנד, וואו די קעמפּפער פאַר פרייהייט און גערעכטיגקייט רעכענען זיך ניט פאַר פערברעכער. איך בין אין דער שווייץ, צווישען גוטע ברידער און וואַהרע פריינד. די רוסישע זשאַנדאַרמען מעגען יעצט קריצען מיט די ציין. אין א פינס־טערע נאַכט האָב איך צוגומען ביי מיר אין קאַמער דעם אויוועז. מיין נאַכבאַר דער אַנדער ארעסטאַנט, האָט געהערט ווי איך האָב געאַרבייט און האָט געשוויגען, כאָטש ער איז גאָר ניט געוועזן פון „אונזערע"... העכער אשעה בין איך געלעגען אויפ'ן דאך... איך האָב אלץ געוואַרט ביז וואַנען דער וועכטער וועט זיך בעהאַלטען פון רעגען אין זיין בודקע און וועט אנשלאָפען ווערען. אם ענדע, האָב איך זיך שטיל אראָבגע־לאָזט... אימיצער זאָל מיך דעמאָלט דערזעהן, וואָלט ער געשטאָר־בען פון שרעק, איך בין געוועזן אויסגעשמירט אין סאַזשע און שוואַרץ ווי א רוח. מיט שרעק האָב איך זיך צוגע'גנב'עט צום טייך דניעפּער.

אונזערע בעאמטע און דאָס קרעכצען פון דעם אונטערדריקטען פאָלק. מיר האָבען געהערט די טרויעריגע ליעד פון דעם געפּלאגטען און אונגליקליכען „מוזשיק”... און די ליעד האָט זיך געטראָגען ווייט פון איין געגענד צו דעם אנדערן און איז פערזונקען געוואָרען אין דער ווייטער וויסטע... אָפט גיסען זיך טרערען אויף דעם ברייטען און איינגעטראָטענעם וועג, וואָס פיהרט פון מאָסקווער און אנדערע אָסטראָגען קיין סיביר, אָפט קלינגען דאָ קייטען און עס שוועבען אין דער לופט שטילע זיפצען! פון די אַלע שטילע זיפצען און קרעכצען צוזאמען וואָלט געקענט ווערען אַ שרעקליכער דונער, וועלכער וואָלט געדונערט און געהילכט פון איין זייט וועלט ביז דער אנדערער, פון די ביטערע טרערען, ווען מען זאָל זיי צוזאמען קלייבען, געקענט ווערען אַ ים, וועלכעס וואָלט פערפלייצט אַלע לענדער און דערטרונקען אַלע נידערטרעכטיגקייטען — אין דעם ים האָב איך אויך אריינגעגאָסען פיעל גרויסע, גרויסע טראָפּען!

די נאַכריכט, אַז מען בעפרייט מיך, האָט מיך וועניג געפרייט. אַהיים? וואו איז דעם אונגליקליכען אידענס היים? וואו איז מיין היים? צו וועמען וועל איך פאָהרען? וואוהין? וועמען האָב איך דאָרט און ווער וואַרט אויף מיר? מיינע גייע פריינד האָבען מיר אַ ראטה געגעבען איך זאָל בעטען ביי לאָרים מעליקאָווען ער זאָל מיר ערלויבען צו פאָהרען אין יענעם געגענד פון סיביר, וואו מיין איינציגע, מיין טייערע טאָכטער סאָניע וואָהנט... און אויב ניט, זאָל מיר ערלויבט זיין אָנצולעבען מיינע לעצטע טעג אין דער שטאָט, וואו מיין מאַן איז געשטאָרבען און מען זאָל מיך מקבר זיין לעבען דעם קבר פון דעם, מיט וועלכען איך האָב זיך אָבגעמוטשעט מיין גאנצען לעבען... אין דער צייט האָב איך ערהאַלטען פון מיין ליעבע טאָכטער אַ בריעף. זי איז געוועזען מונטער און האָט מיך געבעטען איך זאָל ניט פערצווייפלען. „מיין זוהן, און דיין איניקעל”, אַזוי האָט זי מיר געשריבען, „איז אַ שעהנער און אַ פיינער יונג. ער איז קלוג און פעהיג ווי זיין בראַווער פאָטער. איך דערצעהל איהם אָפט פון זיין גוטע „באַבושקאַ” און ער פרעגט זיך שטענדיג: ווען וועט שוין די באַבושקאַ קומען צו אונז?... וואַרט מיין קינד, זאָג איך איהם, גיך וועט קומען אַ צייט, אַז מיר וועלען אַלע זיין צוזאמען און די באַבושקאַ וועט דיך אַזוי

ערעלע און גוטע געדאַנקען, אז מיר, די אונגליקליכסטע אין דער וועלט, זיינען דאָך געוועזן די גליקליכסטע פון אַלע מענשען... פאַר געלד קען מען קויפען שאַמפּאַניער וויין און טייערע קליידער, פאַר געלד קען מען דינגען מוזיקאַנטען, זינגער און שפּיעלער, אבער אזא ערהויבע־נע, ריינע פרייד קען מען ניט קויפען פאַר קיינע שעצען אין דער וועלט! פון אזא פערגניגען ווייסען ניט קיינע מיליאָנערען, פירסטען, און אפילו ניט די מעכטיגסטע טיראַנען...

גאַנץ פריה האָבען זיי אַלע מיך ארויסבעגלייט פון דער שטאָט. אויפ'ן ריינעם פעלד, לעבען מיין מאַנס עלענדען קבר, האָבען מיר זיך אָבגעזעגענט צום לעצטען מאָל און צושיידעט אויף אייביג. לאַנג זיינען זיי געשטאַנען און געבליקט אויף מיין וואָגען, וועלכער האָט זיך פון זיי לאַנגזאַם דערווייטערט... צום לעצטען מאָל האָב איך זיך אומגעקוקט, דערזעהן מיינע פריינד, וועלכע האָבען געמאַכט צו מיר מיט זייערע הוטען און ווייסע טיכלעך, צום לעצטען מאָל האָב איך דערזעהן דעם שווארצען קבר'ל פון מיין אונגליקליכען מאַן, וועלכער איז דאָ געבליבען יעצט אליין... אויף אייביג... צום לעצטען מאָל האָבען מיינע פערוויינטע אַלטע אויגען דערזעהן דאָס וואָס איז מיר אין די לעצטע טעג געוועזן אזוי טייער און אזוי ליעב... מיין וואָגען האָט זיך אראָבגעלאָזט אין א טהאָל און אַלעס איז פערשוואונדען גע־וואָרען...

ווידער די אייגענע לאַנגע און טרויעריגע וועג, ווידער די איי־גענע אָרעמע דערפער און אונטערדריקטע מוזשיקעס... גאַנצע חדשים האָב איך זיך געוואַלגערט אויף די עטאַפּנע פּונקטען, סטאַנציעס, פּאַראַחאָדען, וואָקזאַלען... א צובראָכענע, א קראַנקע בין איך אם ענדע געקומען צוריק קיין מאָסקווע.... מיין טאָכטער האָב איך נאָך ניט געטראָפען. זי האָט געהאַט פיעל ווייטער צו פאָהרען און איך האָב אויף איהר געמוזט וואַרטען. אין מאָסקווער צענטראַלנע אָסטראָג איז מען שוין יעצט ניט געוועזן געגען מיר אזוי שטרענג ווי פריהער און מען פלעגט מיר ערלויבען צו געהן אין שטאָדט אריין... מיר האָט זיך געוואָלט זעהר געפינען דעם קבר'ל פון מיין ליעבען משה'לע, וועל־כער איז געשטאָרבען דאָ, אין דעם האָספּיטאַל פון דעם צענטראַלנע אָסטראָג... אָבער וויפיעל איך האָב זיך ניט נאָכגעפרעגט, ווי פיעל איך האָב ניט געבעטען, געזוכט — איך האָב איהם ניט געקענט

דאָ האָב איך זיך אָבגעוואשען און אויף א פרעמדע לאָדקע בין איך אריבערגעשוואומען אויף דעם אנדערען ברעג... איך וועל דיר אמאָל דערצעהלען אלעס, ווי עס איז פאָרגעקומען, היינט דאַרף איך דיר זאָגען, אז ביז דעם פרייסישען גרעניץ בין איך געפאָהרען אין די קליידער פון א רוסישען אָפיצער... און דעם גרענעץ בין איך אריבער אין א קאָסטיום פון א אידישען חסיד... מען האָט מיך אריבערגעפיהרט צוזאמען מיט א גאנצע פארטיי אידען... איין וואָרט, איך בין יעצט פריי... אָבער מיין פרייהייט קען מיך ניט פרייען אזוי לאנג איהר זייט נאָך אין געפענגנים... איך וועל זיך ניט בערוהיגען און וועל ניט צופריעדען בלייבען ביז וואנען איהר, מיינע געליעבטע און מיינע טייערע, וועט ניט זיין אין איינעם מיט מיר. צום ווידערזעהן!"

.9

צייט, צייט צו ענדיגען מיין טרויעריגע געשיכטע! ניט יעדען קען אינטערעסירען א גאנץ איינפאכע ערצעהלונג אָהן שרעקליכע מעשיות און וואונדערבארע צופעלע. ניט יעדער קען אויך פערשטעהן די פראָסטע ווערטער פון א מענשען מיט א צובראָכענע ביטערע הארץ.

פון פעטערבורג האָב איך אם ענדע ערהאלטען אן ענטפער. פון לאָרים־מעליקאָווס קאנצעלאריע האָט מען צו אונזער גובערנאַטאָר געשריבען, אז מען האָט מיין טאָכטער אויך בעפרייט און ערלויבט אומצוקעהרען זיך פון סיביר, צוריק קיין רוסלאנד אין מאָסקווע האָבען מיר זיך געדארפט צוזאמענפאָהרען. שווער איז מיר געווען צו שיידען זיך מיט מיינע נייע פריינד. אזוי ווי אייגענע קינדער האָב איך זיי געליעבט און זיי האָבען מיך געאכטעט ווי אן אייגענע מוטער. די לעצטע נאכט פאר מיין אָפרייזען האָבען מיר ווידער פערבראכט אלע אין איינעם. זיי האָבען אלע געגעבען צו עטליכע קאָפּיקעס און מיר האָבען געמאכט א באל. אויף דעם באל איז געווען ווענינ וואָס צו עסען, ווענינ וואָס צו טרינקען, אָבער קיין באל און מאסקאראד אין דער וועלט קען ניט מאכען אזא זיסען, אזא אונפערגעסליכען איינדרוק! אביסעלע האָבען מיר געזונגען, אביסעלע געלאכט, אָבער אויפ'ן הארצען איז געווען אזוי גרינג, אין קאָפּ האָבען אומגעשוועבט אזעלכע

בענס־שוהלע איך האָב דורכגעמאכט, וואָס פאר א לערערם איך האָב געהאט און וואָס פאר לעקסיקאנען מיין שיקזאל האָט מיר געגע־בען, צווייטענס, דארף איך אייך זאָגען, אז נור דער האלב געבילדע־טער אינטעליגענט, אָדער דער גראָבער נארר מיינט, אז צווישען אונז פראָסטע מענשען, זיינען גאָר ניטאָ אזעלכע וואָס זעהען מיט זייערע אויגען, פערשטעהען מיט זייער אייגענעם נאטירליכען שכל און פיהלען מיט זייער הארץ פיעל מעהר פון א סך הויך געבילדעטע און ערעל־געפּאצקעטע פילאָזאָפען ! . . .

קוים האָבען מיר זיך בעזעצט און אביסעל אָבגערוהט — האָבען מיר שוין געדארפט איבערלעבען נייע שרעק און א נייען אונגליק : — אין זיד רוסלאנד האָבען זיך אָנגעהויבען די פּאָגראָמען . . . דאָ האָט מען אונז ווידער אמאָל צושלאָגען און רואינירט אונזער אָרימען נעסטעלע. דאָ האָבען מיר געזעהן אז קיינע גוטע פריינד האָבען מיר ניט... די אידען האָבען געוויכט פון אונז, ווייל זיי האָבען אונז גע־האלטען פאר גוים ; די גוים האָבען אונז געשלאָגען, ווייל זיי האָבען אונז גערעכענט פאר אידען, און די פּאָליציי, אלע בעאמטע און גע־בילדעטע האָבען אונז פיינט געהאט, ווייל זיי האָבען אונז גערעכענט פאר חכמים. מיין סאָניע האָט זיך נעבעך זעהר געפּלאגט... איהר מאַן איז געווען ווייט . . . ער האָט זי גערופען צו זיך. זייער קינד איז געוואקסען אָהן א נאָמען, אלע האָבען איהם גערעכענט פאר א ממזר, אידישע קינדער האָבען איהם גערעכענט ניעדריגער פון זיך און האָ־בען זיך מיט איהם ניט געשפּיעלט, קריסטליכע קינדער האָבען איהם גערעכענט פאר א „זשידיאָנאָק" און האָבען איהם געשלאָגען. און דאָס אָרימע קינד האָט אָנגעהויבען צו פרעגען זיין מוטער : וואָס הייסט דאָס ? מיט וואָס איז ער ניט גלייך צו אנדערע קינדער ? דאן האָט סאָניא געזאָגט : אין רוסלאנד ווערט יעדער טאָג ערגער אלעמען, בע־זאָנדער דעם אידען... האָפען אויף גוטעס אין דעם וויסטען לאנד קען נור א קורצזיכטיגער מענש. נאָך וואָס דארף איך דאָס ? אם זוע־ניגסטען לאָז מיין קינד אויסוואקסען אין א פרייע לאנד, לאָז ער זיין א בירגער מיט אלע צוגלייך און לאָז ער ניט געדריקט זיין צו ליי־דען די צרות און שרעק, וועלכע מיר האָבען געליטען. סאָניע האָט זיך אָנגעהויבען צו קלייבען אין וועג. זי האָט געווארט אויף א שליסליכען בריעף פון דעם „מילכיקען גוי". איין זאַך האָט נור מיין סאָניען

געפינען... קיינער האָט ניט געוואוסט, אָדער ניט בעגראָבען...

אז מען האָט מיין סאָניטשקע ארייגעפיהרט צו מיר אין קאמער האָב איך זי גאָר ניט דערקענט. איהרע צוויי באקען, וואָס האָבען אמאָל געשיינט ווי צוויי בליהענדע רויזען, זיינען געווען בלאס אָהן א טראָפען בלוט, איהר פנים האָט זיך אויסגעצויגען... איהר יונגע קאָפּ איז שוין געווען האלב גרוי, נור די שווארצע ליכטיגע אויגען זיינען געבליבען. אָ! מיין קינד! מיין איינציגע, מיין טהייערע קינד!... דער־פאר אָבער מיין אייניקעל, מיין מישינקע, האָט מיך באלד דערקענט... ער איז צוגעלאָפען צו מיר מיט א פרעהליכען געשריי: מאָיא באַ־בושקאַ! עטאָ מאָיא באבושקאַ! דארף איך אייך דערצעהלען, ווי פיעל מאָל מיר זיינען געפאלען איינער דעם אנדערן אויפ׳ן האלז, ווי פיעל מיר האָבען זיך געקושט, ווי שטארק מיר האָבען איינער דעם צוויי־טען געדריקט צו אונזערע הערצער, ווי פיעל טרערען מיר האָבען פער־גאָסען?... אז די ערשטע פרייד איז אוועק, האָבען מיר זיך דערמאָנט אָן אונזערע צרות, אָן דאָס, וואָס מיר האָבען אָנגעוואָרען אין די לעצ־טע עטליכע יאָהר! מיר האָבען דערמאָנט די וועלכע זיינען אָבגעררי־סען געוואָרען פון אונז אויף אייביג.

אין איינעם מיט סאָניען און איהר קלוגען און לעבהאפטען זוהן האָב איך זיך אומגעקעהרט צוריק אין יענעם שטעטעל פון וואנען מען האָט אונז ארויסגעשיקט. די אייגענע שטעטעל, די אייגענע הייזער, די אייגענע מענשען, דאָך האָט זיך אונז אויסגעוויזען, אז דאָ איז יעצט פינסטערער, שמוציגער און אָרעמער ווי פריהער... מיר האָבען זיך דאָ געפיהלט ווי פרעמדע. קיין פריינד האָבען מיר ניט געהאַט, און אונזערע אלטע בעקאַנטע האָבען זיך געהאלטען פון דער ווייטען: זיי האָבען פשוט מורא געהאַט צו האָבען צו טאָן מיט אזעלכע מענ־שען, אויף וועלכע די פּאָליציי גיט אכטונג מיטביידע אויגען... אך! ווי פראָסט און ניעדריג האָבען ביי מיר אויסגעזעהן די איינוואָהנער פון שטעטעל!... ווי נאריש זייער לעבען, ווי אונוויכטיג זייערע אינטערעסען... אזוי ווי בלינדע מענשען, האָב איך זיי אָנגעקוקט. זיי טאָפּטשען זיך אויף איין אָרט, קייען אזוי ווי בהמות שטרוי און מיינען, אז זיי לעבען אויף דער וועלט, אז זיי זיינען מענשען, ביר־גער... איהר דארפט זיך ניט וואונדערען ווי אזוי איך האָב דאָס אלץ געקענט זעהן און פערשטעהן... ערשטענס, געדענקט וואָס פאר א לע־

בענעגענען, פלעגען מיר ביידע אָנהויבען שטארק צו וויינען. נור מי־שינקען האָב איך די גאַנצע צייט ניט אראָבגעלאָזען פון די הענד. אונזער גוטער פריינד דער דאָקטאָר האָט מיך געוואָלט אביסעלע פרייליכער מאַכען און האָט צו מיר געזאָגט: וואָס וויינט איהר? איהר ווילט דען סאָניע זאָל בלייבען דאָ און זאָל בלייבען אויף אייביג עלענד און אונגליקליך?

— אָ, ניין! לאָז זי פאָהרען געזונדערהייט... איך וואָלט זיך גערעכענט נאָך מעהר אונגליקליך ווי איך בין יעצט, אז סאָניע זאָל בלייבען דאָ...

— היינט וואָס־זשע וויינט איהר?

— אָ, גוטער מענש! וואָס זאָל איך טאָן, אז עס וויינט זיך?... וואָס זאָל איך טאָן, אז דאָס הארץ, דאָס הארץ צורייסט זיך מיר אויף שטיקלעך? איהר זייט דאָך א דאָקטאָר, אדרבה גיט מיר אזעלכע טראָפען, אז מיין הארץ זאָל מיר אויפהערען וועה צו טאָן...

דער דאָקטאָר האָט זיך אָבגעקעהרט, האָט אראָבגעלאָזען זיין קאָפּ און איז אנשוויגען געוואָרען...

אך! עס איז ניטאָ אין דער גאַנצער וועלט, אין קיין אפּטעק איז ניטאָ אזעלכע טראָפּענס, וואָס זאָלען קענען אויסהיילען און גאַנץ מאַכען א בוריסנע, א צובראָכענע הארץ, פון אַן אלטע, אונגליקליכע עלענדע מוטער! דאָס וואָס איז צובראָכען געוואָרען וועט שוין קיין מאָל ניט ווערען גאַנץ!



שטארק געקריינקט: איך האָב ניט געוואָלט פאָהרען מיט איהר און פערלאָזען רוסלאַנד... דאָ, אין דער רוסישער ערד, ליגען בעגראָבען מיינע עלטערען, — ליגען די, וועלכע זיינען מיר געווען טייערער פון דעם לעבען. יא! מיין אהרן'ס קבר האָבען די סאָלדאטען צוטראָטען און פערגלייכט מיט דער ערד. יא! מיין משה'לעס קבר'ל איז ערגיץ ווייט אין מאָסקווא, קיינער ווייס ניט וואו, און מיין „אלטענס" קבר ליגט ווייט אין סיביר, אונטער'ן קאלטען שנעע... דאָך איז מיר שווער צו פערלאָזען דאָס לאַנד און פאָהרען שטארבען אין א פרעמ־דען געגענד... איך פערשטעה, אז דאָס איז א נאררישער געפיהל, דאָך בין איך שוין צו אלט, איך זאָל קענען אין גאנצען זיך אָבזאָגען פון די אלטע געפיהלען און אלטע געוואָהנהייטען...

סאָניע האָט ערהאלטען דעם לעצטען בריעף. איהר מאַן האָט איהר געשריבען, אז ער און נאָך פיעל רוסישע יונגע לייט האָבען זיך בעשלאָסען צו פאָהרען קיין אמעריקא און דאָרטען גרינדען א קאָמונע פון אקערבוי. אין דעם בריעף האָט ער פיעל געשריבען פון דער קאָ־מונע (ביי א געלעגענהייט וועל איך אייך דערצהלען וואָס פון איהר איז געוואָרען), ער האָט זיך זעהר געפרעהט, וואָס אָם ענדע וועט ער קענען לעבען אין איינעם מיט זיינע געליעבטע און וועט קענען פיה־רען אַן אָרענטליכען, נוצליכען און רוהיגען לעבען... מיין סאָניע האָט ווידער אָנגעהויבען צו וויינען און בעטען איך זאָל מיטפאָהרען. ביי וועמען וועל איך דיך לאָזען? ווי אזוי וועל איך קענען זיין רוהיג, אז איך וועל וויסען, אז מיין אלטע מוטער איז געבליבען אליין אויף דער עלטער? — זי האָט אזוי געוויינט און געבעטען — ביז וואַנען איך האָב איהר צוגעזאָגט: ווי באלד זי וועט מיר נור צושיקען געלד און א שיפסקארטע, ווי באלד זי וועט זיך „אוסטראָיען" און וועט פיהלען, אז נור די מאַמע פעהלט איהר — זאָל איך באלד אויך צו איהר ארויספאָהרען קיין אמעריקא.

זעהר ווייניג מענשען זיינען געקומען די לעצטע נאכט געזעגנען זיך מיט מיין סאָניע; צוויי, דריי בעקאַנטע און איין דאָקטאָר... מיין אונגליקליכען אהרן'ס א חבר... דונקעל האָט געברענט דער לאָמפּ אין אונזער אָרימען צימער, פינסטער איז געווען אין די אויגען... שטיל האָבען גערעדט אונזערע געסט... אויף מיין סאָניען האָב איך גאָר מורא געהאַט צו קוקען... ווי אונזערע אויגען פלעגען זיך נור

וועלט איז געווען אַ ווייכע שטיק בלאָטע... אזוי פיעל בלאָטע איז געווען און דאָך האָט דער ענטציקטער אלהים געמיינט, אַז עס איז נאָך ניט גענונג: דער מענש איז נאָך דאַן ניט געווען בעשאַפען...

דעם אַלטען אלהים׳ס פריינדלעך אשמדאי, לילית און די גאַנצע משפחה זיינען אונצופריעדען געווען מיט דער גאַנצער מעשה בראשית. זיי האָבען גוט פערשטאַנען, אַז דער אלהים טוט עס נור צו ליעב כבוד — ער וויל זיין נאָמען זאָל ווערען גרויס און בעריהמט. און דאָך כל זמן ער האָט געקלעפּט פון בלאָטע ביקעס מיט מוראשקעס, האָלץ מיט בוריאַן, העכט מיט ציעגען האָבען זיי נאָך געדולדעט. לאָז ער זיך נאַריש מאַכען, דער אַלטער עובר בטל, האָבען זיי געטראַכט. אָבער ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז דער אַלטער זיצט דאָ אין לאַבאַ־ראַטאָריע און מאַכט מאָדעלען פון אַ נייע בעשעפענים, וועלכע דאַרף זיין די קרוין פון אַלע ברואים, אַ מין בריאה, וועלכע זאָל קענען רעדען און דענקען, — האָבען זיי זיך אַלע זעהר צופּוזשעט. זיי האָבען צו־נויפגערופען אַ געהיימע פערזאַמלונג אויף איינע פון די העכסטע הרי חושך און אליין אשמדאי, וועלכער רעכענט זיך פאַר דעם פאָטער פון פאַרלאַמענטאַריזמוס, האָט דריי מאָהל אַ בריקע געטאָן מיט זיין קאָפּיטע און האָט ערעפענט די פערזאַמלונג.

— מיינע דאַמען און העררען, האָט געזאָגט דער פּרעזידענט, ווי אייך איז בעקאַנט, וויל דער אַלטער איצט ביי אונז קריעגען אַ פּאַטענט אויף אַ נייע ערפינדונג. ער האָט געהאַט די העזה אונז אַלע־מען איינצולאַדען און פאַרצולעגען אונז: נעשה אדם בצלמנו — מיר זאָלען איהם העלפען מאַכען אַ מענש אין אונזער געשטאַלט... אזא בעלעדיגונג! אין דעם געשטאַלט פון אונז, געטער! (איהר דאַרפט וויסען, אַז אשמדאי האָט נאָך דאַמאָלס ניט געהאַט קיין הערנער און קיין עק) אַ קרעאַטור פון בלאָטע זאָל קענען פערשטעהן, דענקען און רעדען! מיר מוזען זיך אריינמישען און מאַכען אזוי, ער זאָל פון זיין לעצטע ערפינדונג קיין הנאה ניט האָבען... זיין פּלאַן דאַרפט איהר וויסען, איז זעהר גוט. ער וויל איהם געבען אַ קאָפּ, וועלכער זאָל זיין פול מיט איידעלע מאַרך — ער זאָל קענען פיעל דענקען. ער מאַכט איהם צוויי אויגען, ווי צוויי שפּיגלען, ער זאָל אַלעס קענען זעהן, צוויי אויערען, ער זאָל קענען אַלעס הערען. נור איין צונג, ער זאָל קע־נען מעהר דענקען, הערען און זעהן און ווייניגער רעדען... צוויי

# גאָט, מענש און טייפעל.

(א פאנטאסטישע ערצעהלונג.)

.1

## נעשה אדם.

עס איז ערשט פינף טעג זינט די וועלט איז בעשאפען געוואָרען. אין די עולמות העליונים איז טויזענד יאָהר א נעכטיגער טאָג, ווי אין פסוק שטייט: כי אלף שנים בעיניך כיום אתמול... דערפאר איז דאָס מעגליך געווען אין אזעלכע פינף טעג פון כאאָס, פון תהו ובהו צו בעשאפען אזא שעהנע, אזא גרויסע וועלט...

דער אלהים איז דאן נאָך געווען א פרייער גייסט. ער האָט נאָך אליין ניט געדענקט פון די דריי אידען — אברהם, יצחק, ויעקב, וועלכע וועלען אמאָל אָרגאניזירען א „טראָסט" איהם צו מאָנאָפּאָליזירען. און ווייל ער איז געווען א פרייער גייסט, האָט ער אין זיך געהאט פּאָעטישע געפיהלען, און דערפאר האָט ער זיך געפרייט מיט דער מלאכה פון יעדען טאָג. אויף אלעם זאָגט דער פסוק „וירא אלהים" — אלהים האָט געזעהן אז עס איז גוט. עס איז קיין חדוש ניט. ער איז געווען בעגייסטערט און האָט געוואָלט נאָך עפּעס אויפטאָן. עס איז שוין געווען שטערען און שרצים, פיש און בלומען, בהמות און הימלען, א זונן מיט א לבנה און עופות, נור דער מענש איז נאָך ניט געווען.

די וואולקאַנען אין דער ערד האָבען נאָך געזאָרען און געקאָכט. די ימים האָבען גערוישט און געריסען זיך שטארק צוריק צו דער יבשה. די הויכע בערג זיינען נאָך ניט געווען צוגעטריקענט. די גאנצע

צו דענקען, די אונצופרידענע וועלען מורמלען... עס וועט ביי זיי ארויס קריעג, מחלוקות, מהומות, חרפות און בזיונות. פערשטעהסט איהר מיך, די מאכט פון דענקען און פערשטעהן וועט ניט שפּילען קיין גרויסע ראָלע, אויב איהר וועט זעהן דעם מענש זאָל געגעבען ווערען א שטרעבונג צו זיין א הערשער!... דאָס געפיהל וועט פערניכטען אַלעס גוטעס, וואָס דער מענש וועט האָבען און וועט מאכען העסליך אַלעס שעהנעס, מיט וועלכעס ער וועט איצט בעשענקט ווערען...

און אויפ'ן זעקסטען טאָג האָט אלהים געזאָגט: נעשה אדם, לאָמיר בעשאַפען דעם מענשען און זאָל ער הערשען איבער אַלעס וואָס לעבט און זאָל הערשען איבער דער גאַנצער וועלט...

דאָס איז לילית'עס „טריק".

---

.2

# אַשמדאַי'ס מפּלה.

מיר ווייסען שוין, דאָס אשמדאי און אַנדערע שדים זיינען געווען אין דער צייט פון מעשה בראשית הערליכע געטער און האָבען זיך גערעכענט פון דעם אַלטען אלהים'ס פמליא של מעלה. מיר ווייסען אויך, אז עס איז געווען שלום אין דער וועלט פון גרויסע גייסטער נור ביז די בריאה, וועלכע רופט זיך אדם איז בעשאַפען געוואָרען... די געטער וואָלטען עד היום געלעבט אין שלום און אין פריעדען, רוהיג וואָלטען זיי געשלאָפען און אונגעשטערט וואָלט זייער גייסט געשוועבט איבערן תהום פון תהו ובהו, אויב ניט דער מענש, וועלכער האָט ארויסגערופען ביי זיי שנאה און קנאה, מחלוקות און אייפערזוכט... זאָגאַר ווען דער מענש איז נאָך ניט געווען און עס איז נור ערשינען די אידעע פון א מענשען, האָט זיך שוין אָנגעהויבען א קריעג און עס איז געקומען צו אונצופריעדענהייט.

דער אַלטער אלהים האָט אויסגעפיהרט. אשמדאי און אַלע

הענד — ער זאָל קענען מעהר אויסארבייטער ווי פיעל איין מויל בעד־דארף... אפשר וואָלטען געווען א סברה מיר זאָלען דעם אַלטען אַן עצה געבען. ער זאָל דעם מענשען בעשאפען מיט איין האנד און צוויי מיילער, וועט ער שטענדיג ליידען מאנגעל און וועט זיין ברוגז אויף זיין בעשאפער ?...

— אונטערשטיצט, האָט געזאָגט דער יונגער שטן, וועלכער האָט געהאַלטען אַ כלל שטענדיג דעם פרעזידענטס פאָרשלעגע צו אונטער־שטיצען.

אָדער זאָלען מיר אפשר דעם אַלטען ראטהען, ער זאָל דעם מענש בעשאפען מיט צוויי צונגען.. אז דער מענש וועט מעהר רעדען ווי דענ־קען, וועט עס זיין אזא בעשעפענים, דאָס אנשטאָט צו שטאָלצירען מיט איהם, וועט דער אַלטער זיך מעגען בעגראָבען פון שאנדע.

— אונטערשטיצט, האָט ווידער געזאָגט דער יונגער שטן.

דאָ איז אויפגעשטאנען מאדאם לילית און האָט געזאָגט, דאָס זי וויל האָבען דאָס וואָרט.

— פריינדע און קאמעראדען! דער אַלטער איז אַן עקשן. און אז איהר וועט געפינען חסרונות אין זיין ערפינדונג, וועט ער אויף צו להכעים נור טאָן ווי איהם געפעלט: פערקערט, מיר דארפען אַלע מאָרגען קומען און זאָגען איהם: אלהים, נעשה אדם... נו, מיר מאַ־כען אַ מענשעל נאָך דיין מאָדעל... ניט מיט'ן גלייכען וועג דאר־פען מיר געהן, מיר דארפען האנדלען מיט אזא פאָליטיק און דאָך האָב איך אַ פּלאַן, אז זיין צאַצקע וועט זיין ניט קיין געראָטענע און דער אַלטער וועט זיין מיט זיין נייעם פאטענט אויף צרות... איין צונג זאָל טאקע דער מענש האָבען און דאָך זאָל ער פערפּלאפּלען די וואהרהייט און פערטומלען וואָס דער קאָפּ דענקט. איין מויל נור זאָל דער מענש האָבען און צוויי הענד און דאָך זאָל ער ניט קענען אויסארבייטען, וואָס ער דארף... ווייל עס דארף אין זייער געשלעכט ערשיינען אזעל־כע מיילער, וואָס איינער פון זיי וועט פערצעהרען, וואָס טויזענדער הענד וועלען אויסארבייטען... און אזעלכע מיילער, וואָס וועלען ניט קריגען אפילו דאָס, וואָס דער קלענסטער פינגער קען ברענגען . . .

פערשטעהט איהר מיך, דאַן וועט זיך אָנהויבען ביי זיי אַ חתונה... דער צונג וועט זאָגען ליגען... די אַנגעשטאָפּטע מיילער וועלען ניט וועלען זאָגען די וואהרהייט, די הונגעריגע וועלען ניט צייט האָבען

מעהר דער מענש האָט געהערשט און וואָס וועניגער ער האָט געדענקט, דאָס טיעפער און טיעפער איז געפאַלען דער מעכטיגער אשמדאי.

פון אָנפאַנג איז אשמדאי געווען אַ הערליכער גייסט מיט אלהים צו גלייך. ער איז געווען דער מעכטיגער גאָט פון פּראָטעסט, ער איז געווען אַן עהרענווירדיגער געגנער פון אלהים. ער איז געווען דער פאָרשטעהער פון אונאָבהייננגיגקייט און רעוואָלוציאָן... אלהים איז געווען „אָרמזוד" דער גאָט פון ליכט, אשמדאי איז געווען „אחרימאַן" דער גאָט פון פינסטערנים. אלהים האָט געהאַט אַ געוואַלטיגען דע־פּאַרטמענט פון גוטע מעשים, גוטע קרעפטע, גוטע ערשיינונגען. אשמדאי האָט אָבער אויך געהאַט אַן אונגעהייערען דעפּאַרטמענט פון בייז, שלעכטעס, פון אונגליקען, צרות, קריינק און שלעק...

אָבער וואָס ווייטער, האָט דער מענש דעם אשמדאי אַלץ קלענער און ניעדריגער געמאַכט... ווי ביי דעם מענשען אליין זיינען שוואַך געוואָרען די געפיהלען פון פּראָטעסט און אונאַבהענגיגקייט, ווי עס איז ביי איהם אויסגעשלאָסען געוואָרען די ליעבע צו פרייהייט, איז אויך אשמדאי געוואָרען שוואַכער, ניעדריגער. דער מענש האָט איהם ענדליך געמאַכט פאַר אַ קאַריקאַטור, האָט איהם געצוואונגען צו ווע־רען אַ הויז־טיר, צו גלייך מיט אַ קאַץ און אַ בהמה, האָט איהם אָבגענע־בען אַ וואָהנונג אין קוימען אין אַלע חורבות וואו נור עס איז ניטאָ קיין מזוזה און קיין צלם, האָט איהם געגעבען קליינליכע ארבייט פון אַ געמיינעם, דומען, גרויזאַמען שקלאַף... און אנשטאַט די וויכטיגע ארבייט, וואָס ער האָט אַ מאָל געהאַט צו שטרייטען און קעמפּפען מיט אלהים, איז ער אַ גאַנצען טאָג און אַ גאַנצע נאַכט פערנומען מיט דעם, וואָס ער הויזירט מיט עין הרעות, שרעקט קינדער, ברענגט אָנשיקענעס אויף ווייבער, קלאַפּט חסידים אַלע שבת צו נאַכט און פיהרט אום ביי דער נאָז שיכור'ע פויערים.

אה! ווי דער מענש האָט איהם צו קאַליעטשעט און פערקרי־פּעלט! אשמדאי דער טאַפּפערער, בראַוועער גייסט, איז געוואָרען אַ פּייגלינג, וועלכער ווערט פערציטערט ווען מען זאָגט נור „שמע ישראל" אָדר „האָספּאָדי פּאָמילוי!" אשמדאי, דער מעכטיגער גאָט, אַ העסליכע בריאה מיט הערנער, מיט אַן עק און מיט קאַפּיטעס פון אַן עזעל... די אָבבילדונג פון דעם מענשען'ס געדאַנק איז ער און פאַר וואָס דעם מענשען'ס געדאַנק בילדעט אָב ניט מעהר ווי אַן

מעכטיגע געטער האָבען איינגעשטימט מיט איהם, ווען ער האָט גע־זאָגט: נעשה אדם בצלמנו — נו מיר מאכען אַ מענשען אין אונזער געשטאַלט. אשמדאי האָט אָבער אויך אויסגעפיהרט און דעם מענשען איז געשענקט געוואָרען צו זיין ברית אַ ברכה, וועלכע האָט איהם פערפלוכט אויף אייביג. „וירדו" און די מענשען זאָלען געוועלטיגען, זיי זאָלען הערשען און אונטערדריקען...

ווען אלהים'ס ליפען האָבען אויסגערעדט דאָס וואָרט „וירדו", האָט דער מעכטיגער אשמדאי זיך געקאַטשעט פון געלעכטער. פון זיין שטורמישען „חא! חא! חא!" האָבען אַלע ימים אָנגעהויבען רוישען און ברויזען, די העכסטע בערג פון דער וועלט האָבען געציטערט און געוואַנקט. עס איז געווען פון וואָס צו לאַכען.

די קרוין פון מעשה בראשית, דער טייערסטער ציערונג פון אלהים'ס מייסטערווערקע, דער הערשער און פערוואַלטער פון דער וועלט, דער מענש, האָט גיך בעדעקט אלהים'ס גרויע קאָפּ מיט שאַנדע און שמאַך... דעם צלם אלהים, וואָס מע האָט איהם געגעבען, האָט ער גיך פערלאָרען. די נשמת חיים, וועלכע מע האָט אין איהם אריינ־געהויכט איז אין איהם באַלד פערשטיקט געוואָרען... זיין מאַרך האָט אויפגעהערט צו דענקען, זיין האַרץ צו פיהלען, עס איז געשעהן ווי דער אשמדאי האָט פאָראויס געזעהן: די עדעלע בעשעפענים „מענש" איז געוואָרען אַ ווילדע הערשענדע בעסטיע און אַ פערהאָרע־וועטער, פון אַלע געדאַנקען אויסגעפּרעסטער שקלאַף...

צו שפּעט האָט דער אַלטער זיך געכאַפּט. ער האָט געזעהן ווי מיאוס אשמדאי האָט איהם אריינגענאַרט אין זאַק אריין און האָט ניט געקענט העלפען. דאָס שרקליכע וואָרט „וירדו" איז שוין געווען אויסגעשפּראָכען און דער מענש האָט מיט אַלע זיינע קרעפטען גע־שטרעבט, וואָס מעהר צו הערשען און וואָס ועניגער צו דענקען...

— אשמדאי! האָט דער אַלטער אויסגערופען מיט צאָרן, דאָס וואָס דער מענש הערשט וועט זיין ניט נור מיין צרה, עס וועט אויך זיין די אורזאַכע פון דיין מפּלה... און אַ ביטערער, אייביגער שטרייט האָט זיך אָנגעפאַנגען צווישען אלהים און אשמדאי. דער מענש האָט זיי צוטהיילט, דער מענש האָט דעם „אַלטען" אָבגעגעבען די הימלען און אשמדאי'ן דעם דונקעלען אָבגרונד. דער מענש האָט דעם אלהים אָבגעגעבען דאָס ליכט און דעם אשמדאי די פינסטערנים... און וואָס

געוועז די ערשטע צבויעצסטווע מיט וואָס דער מענש האָט פערדעקט זיין שאנדע.

פערציטערט איז געוואָרען דער אַלטער אלהים, ווען ער האָט ערפאהרען, אז דאָס מענשעלע האָט פערזוכט פון די פרוכטען פון עץ הדעת!... ע!... מעהר פעהלט ניט, ער זאָל נאָך א כאפּ טאָן, דער נאשער, פון עץ החיים... און אלהים האָט ארויסגעטריבען דעם מענש פון גן עדן און האָט איהם פערשאָלטען:

בזעת אפיך תאכל לחם — מיט'ן שווייס פון דיין געזיכט זאָלסט דו קריגען דיין ברויט!... וואָס וועט דיר העלפען דיין שטרעבונג צו וויסען, ווען דו וועסט דארפען קריינקען און קריעה רייסען ביז דו וועסט קריגען דיין שטיקעל ברויט?

אן אונענדליכע סדרה פון בזעת אפיך" האָט זיך אָנגעהויבען; א קאמפף פאר'ן לעבען האָט אין דעם מענשען פערשטיקט די פע־היגקייט פון וויסען. נור דער וואָס האָט געקענט הערשען האָט געקענט אויך געניסען פון עץ הדעת. די אַלע איבריגע זיינען געוואָרען פער־האָרעוועטע, אויסגעארבייטע שקלאפען און די שטרעבונג צו וויסען און פאָרשען איז אין זיי איינגעשלאָפען געוואָרען.

אשמדאי אָבער האָט ניט געשלאָפען. איהם איז געלונגען אויף א לאנגע צייט צו טויטען דעם מענשענס איינבילדונגס קראפט און שוואך צו מאכען זיין פאנטאזיע דער מענש האָט זיך אָנגעהויבען פאָר־צושטעלען זעהר מיאוס דעם גרויסען אלהים. די זונן איז געוואָרען אלהים. די לבנה, די שטערען, דער ווינד, א שטיק האָלץ, אן אָקס, אן עלעפאנט איז געוואָרען אלהים. דער מענש האָט פערגעטערט שטיינער און ביינער און האָט זיי פאר קרבנות געבראכט און אשמדאי האָט געקוואָלען ווי א באָקסער און האָט געשריען „הידד!"...

ווען ער האָט אָבער דערזעהן, אז מיט דער צייט ווערט דאָך פער־שטארקט דער געדאנק פון מאָנאָטעאיזמוס (איינ־געטהייט) און אז אלהים קען דאָך בעזיעגען די וועלט, איז איהם איינגעפאלען דער פלאן פון א ראָמאן מיט דער אידישער מיידעל מרים... אלס גוטער פריינד און ערגעבענער דיענער איז ער געקומען צום אַלטען אלהים און האָט איהם מיט שלאָגענדע בעווייזע איבערצייגט, אז די גאָטהייט וועט טריאומפירען נור דאן, ווען זי וועט „פערמענשעלט" ווערען.

עזעל מיט הערנער און אן עק דאס איז אמשדאי'ס שולד... ער אליין האט געבראכט די מפלה אויף זיך...
אה, ארעמער אשמדאי!

———:———

.3

# אלהים האט חרטה.

וינחם ד' כי עשה את האדם בארץ ויתעצב אל לבו.

———

גאט האט חרטה געהאט, וואס ער האט בעשאפען דעם מענשען אויף דער ערד און זיין הארץ איז פול געווארען מיט טרויער.

דאס איז געוועזען אשמדאי'ס ארבייט. זיין פלאן איז געוועזען צו מאכען דער מענש זאל ווייניגער דענקען און פערקעהרט, זיין אויפ־טועכץ איז עס געוועזען, דער מענש זאל וואס מעהרער וויסען. א סך וויסען און ווייניג דענקען, עס איז א טייוועלשע ערפינדונג! דער מענש זאל דענקען און וויסען, דאן וועט ער זיין געגליכען צו גאט. דאס האט אשמדאי ניט געוואלט. דער מענש זאל אבער אין זיין שטרעבונג צו הערשען האבען אויך א מעכטיגען מיטעל אין וויסען, דאס איז גוט. דער מענש וועט וויסען און וועט ניט וועלען גלויבען. און אויף וואס גרינדעט זיך אלהים'ס פאפולאריטעט אין דער מענשהייט, אויב ניט אויפ'ן גלויבען? אשמדאי האט גוט געוואוסט, אז דאס וויסען וועט שלאגען ווי א שטעקען מיט איין עק איבערן אלהים און מיט'ן אנדער'ן איבער'ן דעמאניזמוס און דאך האט ער בעשלאסען: „מיר ניט און דיר ניט".

ער האט זיך ארייננגע'גנב'עט אין מענשענס גן־עדן און האט אנ־געהויבען איינצורעדען דעם שטאלצען אדם:

נארעלע, רוק זיך צו צום עץ הדעת.

און דער מענש האט געגעסען, און זיינע אויגען האבען זיך גע־עפענט און ער האט דערזעהן אז ער איז נאקעט. א פיינעבלאט איז

ער האָט געהייסען טאָן, האָט ער געטאָן פּונקט פערקעהרט... קוים איז אדם ארויס פון גן עדן, האָט שוין קין ערמאָרדעט זיין אייגענעם ברודער. דער גראָבער יונג חם האָט געלאכט פון זיין שיכור'ן טאַטענס ערוה; לוט האָט זיך געפיהרט זעהר ניט שעהן, אין סדום און עמורה האָט זיך געטאָן צרות... אלהים אליין אין זיין אייגענע געטליכע געשיכטע דערצעהלט זעהר מיאוסע מעשות פון זיין אדם...

אלהים האָט געמיינט, אַז ער וועט זיך אָבגעבען אויף א מאָ־נאָפּאָלע צו אברהם'ן וועט ער בעסער מאכען... א חלום!... יעקב שווינדעלט אוים די בכורה, עשו וויל אָפּנעהמען די ברכה מיט קולא־קעס... לייבליכע ברידער פערקויפען זייער שעהנעם ברודער יוסף פאַר א שקלאַף. זייערע קינדער ווילען פערקויפען זייער פרייהייט פאַר א טאָפּ מיט פלייש מיט קנאָבעל און אנשטאָט אלהים מאכען זיי זיך א גאָלדענעם עגל... אָן אַלטע געשיכטע!...

און דאַן האָט זיך געצויגען אַן אייביגער קאַמפּף צווישען אברהם'ס גאָט אלהים און אנדערע פליהערם געטער, צווישען הערשער און בע־הערשטע, צווישען די וואָס האָבען געגאַשט פון עץ הדעת און צווישען די אונוויסענדע... אלהים'ס זוהן האָט געמאכט שלום צווישען די געטער — ער האָט געמאכט א פּשרה צווישען די גויעשע גייסטער און דעם אידישען גייסט. ער האָט אָבער ניט געבראַכט קיין שלום פאַר דעם אדם... אייניגע האָבען געזעהן, אַז גאָט איז אַראָפּ פון הימעל אויף דער ערד האָבען זיי זיך ענטזאגט פון זייער מענשליכען לעבען אויף דער ערד, האָבען זיך אָנגעהויבען דראַפּען אויפ'ן הימעל... אַנדערע פערקעהרט, האָבען דערזעהן, אַז די גאָטהייט האָט געקענט אריינקריכען אין אַן אדם, האָבען זיי אליין געוואָלט ווערען געטער... אלהים איז געוועזען אין א טרויעריגע לאַגע.

עס איז ערשינען א נייער פיינד, א נייער געגנער פון אלהים, עס איז געשאַפען געוואָרען נור אַן אונערוואַרטעטער גאָט, וועלכער האָט זיך גערופען מיט'ן נאָמען „איך". א מאָל האָט נור דער אַלטער אלהים געהאַט די פּריווילעגיע צו זאָגען: „אנכי" יעצט האָט אָנגע־פאַנגען יעדער מענשעלע, יעדער אדם'על צו זאָגען „אנכי" איך!... „יא יעסטעם"!... די געטער אין הימעל האָבען געמאַכט שלום און אַנערקענט די מאָנארכיע פון דעם אויבער גאָט אלהים און האָבען זיך צענטראַליזירט. זיינע ערשיענען געטלעך, פּעאָדאַלען, „איך'ן" וועלכע

און דאָ האָט ער איהם בעוויזען די שעהנע, רייצענדע מרים... און עס איז געשעהען...

אשמדאי האָט עררייכט זיין ציעל. די גאָטהייט איז ערניעדריגט געוואָרען מיט דעם, וואָס זי איז געוואָרען פערקערפּערט. דער געדאנק פון איין־גאָטהייט איז פערניכטעט געוואָרען דורך דער מאַמע מיט'ן זוהן... דער עלעמענט פון מיסטיציזמוס האָט פון דער אנדערער זייט ארויסגערופען אַ שטראָם פון עגאָאיסטישען מאַטעריאַליזמוס... אַ צושפּאַלטונג איז ארויסגערופען געוואָרען אין דער מענשהייט. איי־נע האָבען נור געגלויבט אין טאַטען, אנדערע האָבען געגלויבט אין די טאַטען דורכ'ן זוהן... טייכען בלוט זיינען פערגאָסען געוואָרען, שרעקליכע געמיינהייטען זיינען בעגאַנגען געוואָרען אין דעם נאָמען פון אלהים. אַ ברודער איז אויפגעשטאַנען אויף אַ ברודער, אַ מענש איז געגאַנגען אויף אַ מענשען. שנאה, רציחה, מאָרד, פערפאָלגונגען, אונגערעכטיגקייט האָבען געהערשט אויף דער וועלט אינ'ם נאָמען פון דער גאָטהייט. און אשמדאי האָט געקריצט מיט די ציין פון פערגעניגען און האָט געמורמעלט:

„אַלטער, דיר ניט, מיר ניט"!

---

.4

# אוים מלך מלכי המלכים.

לא ידון רוחי באדם לעולם בשגם הוא בשר.

---

אייביג וועט מיין גייסט ניט קענען ריכטען דעם מענשען, אָב־גלייך ער איז ניט מעהר ווי בשר, דאָס האָט ענדליך אלהים אליין געמוזט מודה זיין. און ער האָט אָנגעהויבען צו דענקען וועגען דעם פּלאַן: „אמחה את האדם", ווי אזוי ער זאָל פערניכטען און אויס־מעקען דעם אדם פון דער וועלט.

זעהר וועניג נחת האָט אלהים געהאַט פון זיין בעשעפענים. וואָס

אונוויסענדע! זיי דערצעהלען נסים ונפלאות פון אונזער מאכט און האלטען פאר אונזביידע א פייג אין קעשענע. הער מיך אויס, איצט איז אין מאָדע דער פרינציפּ פון דעמאָקראטיזמוס, נו מיר זיך דע־מאָקראטיזירען — דאָס הייסט: נו מיר אָפּגעבען אונזער מאכט און קראפט דעם גאנצען געשלעכט פון אדם'ן.

— וואָס רעדסט דו דאָס, אשמדאי? איך האָב זיך א מאָל גע־רעכענט פאר א קלוגען יונג, היינט, זעה איך, אז דו ביסט אויף דער עלטער געוואָרען א לוימענער גולם... וואָס הייסט! איך זאָל מיך ענטזאגען?!

— אלהים, דו פערשטעהסט ניט מיין פּלאַן... איצט ווען מען פערבינדעט די גאָטהייט מיט א געוויסען פּלאַץ, אָדער מיט א געוויסע צייט, קענען זיי אונז אין דעם פּלאַץ און צייט זוכען, זיי קענען אונז דאָרטען „פערניינען”... מיר דארפען זיך צוגיסען אין דער גאנצער מענשהייט, צוגעהן ווי זאַלץ אין דעם וואסער פון „בני אדם” קיינער זאָל אונז ניט גלויבען און יעדער זאָל אונז טראָגען אין זיך. יעדער זאָל אנערקענען טאקע נור זיין איינציגען „איך”. אָבער די עלעמענטען פון דעם „איך” זאָלען אויך בעשטעהן פון דעם שטאָף פון וועלכען אלהים און אשמדאי בעשטעהט... דעם אייביגען קאמפף, וועלכען מיר ביידע האָבען געפיהרט אין דער גייסטיגער וועלט, וועלען מיר איצט פיהרען אין דעם מענשען גופא... דער אדם וועט שטרייטען מיט זיך אליין... ער וועט זיין פאר זיך אליין א גאָט און א טייוועל... די קריעג וועלכע מיר ביידע וועלען פיהרען אין איהם וועט איהם פערניכטען... ער וועט זיין א בורא ווי אלהים און א צושטערער ווי א שד אן אויטאָריטעט ווי אלהים א בונטאָוושטשיק ווי אשמדאי... זיינע געדאנקען וועלען קיין מאָל ניט הארמאָנירען מיט זיינע גע־פיהלען, זיינע שטרעבונגען וועלען ניט געבויט זיין אויף זיינע קרעפ־טען... קיין פערגעניגען וועט איהם ניט געבען קיין גליק... קיין גליק וועט איהם ניט געבען קיין פרייד און צופריעדענהייט. ער אליין וועט זיך נמאס און מאוס ווערען, די גאנצע וועלט וועט ניט האָבען ביי איהם קיין חן, זייו איינענער לעבען וועט ניט האָבען אין זיינע אויגען קיין ווערטה... ער וועט ווערען שוואך, אָהן ענערגישע, ניט פעהיג צום לעבען... און וועט אָנהויבען פרעדיגען טויט און פער־ניכטונג... פאָלג מיך, אלטער, און ווער אוים מלך מלכי המלכים!

האָבן געלעבט אין יעדען אדם און וועלכע האָבן מלחמה געהאלטען איינער מיט'ן אנדערן און האָבן געלעבט פון רציחה און גזלה... אין דער זעלבער צייט אָבער האָבן זיי צופּאטשקעט דעם פרינציפּ פון אלהים'ס מאָנארכיזמוס... און האָבן דעצענטראליזירט זיין מאכט, און אלהים האָט פון איצט אָן געדענקט נור אָן איין זאך... אמחה את האדם.

ער האָט פערגעסען זיין אייביגען קריעג מיט אשמדאי'ן ער האָט פערקנייטשט זיין יחוס, זיין כבוד, זיין גרויסקייט און האָט געשיקט רופען דעם אלטען טייוועל זיי האָבען גענעבען איינער דעם אנדערען ארבייטען שלום עליכם און אלהים האָט געזאָגט: „אשמדאי! אין דער צייט פון געפאהר מוזען זיך די גרעסטע שונאים פעראייניגען... אונזער קריעג אייגענטליך איז דאך געווען ניט קיין פרינציפּיעלער, נור א פערזענליכער גו, מיר פערגעסען פערזענליכקייטען און פעראייניגען זיך צו בעקעמפּפען אונזער אלגעמיינעם פיינד, דעם ניעדערטרעכטיגען מענשען. איך האָב דיר געזאָגט אמאָל: „נעשה אדם". איצט זאָג איך: „אמחה את האָדם".

— זעהסט דו, אלטער, איך האָב דיר נאָך בשעת מעשה בראשית געזאָגט, אז דיין פּלאַן פון „נעשה אדם בצלמנו" געפעלט מיר ניט. דו האָסט זיך צופיעל גע'חכמ'עט, אלטער, און דערפאר האָסט דו איצט אזא פעקיל צרות... אָבער איצט איז שוין שפּעט חרטה צו האָבען... איך האָב א פּלאַן צו בעשטראָפען דעם מענשען... אלהים, דו דארפסט ווערען אויס אריסטאָקראַט, אויס מאָנארך, אויס מלך מלכי המלכים.

אלהים האָט זיך אויפגעכאפּט מיט צאָרן פון זיין כסא הכבוד און האָט אויסגעשריען: גנב! אנשטאט צו בעשטראָפען דעם מענשען, ווילסט דו מיט מיר פיהרען אלטע חשבונות! קארג נאָך האָבען מיר ביידע געליטען פון דעם אונדאנקבארען מענשען...

— אלטער, האָט אשמדאי געענטפערט גאַנץ ערנסט, איך דענק איצט נור פון דעם ווי אזוי דעם מענשען צו פערניכטען און אויסצוראָטען... וואָס האָסט דו פון דעם וואָס דו ביסט אויפ'ן פּאפּיר. אנערקענט אלס גרויסער מאָנארך? מע הערט דיך ווי דעם קאָטער. מע מאכט פון אונז ביידען חוזק. און אונז גלויבען איצט נור דומע קערלע, אָדער שווינדלער וואָס בעשווינדלען מיט אונזער נאָמען די

# גליקליך!

(פאַנטאַזיע.)

---

עס איז געשעהען !...

דאָס, וואָס די געלעהרטע אַסטראָנאָמען האָבען פּראָפעצייהעט האָט זיך געטראָפען. פּונקט אין דער מינוט וואָס זיי האָבען אויסגערע־כענט, איז דאָס געשעהען . . .

אַלע צייטונגען האָבען געשריבען פון דער שרעקליכער קאַטאַסט־ראָפע, וועלכע ערוואַרטעט אונז ; אַלע מענשען האָבען געוואוסט, אַז די וועלט וועט אפשר גיך אונטערגעהן, און דאָך האָט יעדער פערנומען זיך מיט זיינע געשעפטען, יעדער האָט געדענקט, נור דערפון, וואָס ער דאַרף באַלד, אין דער מינוט, און האָט ניט געוואָלט רעכענען וואָס שפּעטער וועט זיין.

דאָס געפיהל פון לעבען איז אַזוי שטאַרק, אין דעם מענשען, דאָס ביז דער לעצטער מינוט וויל ער ניט דענקען פון טויט ; די האָפ־נונג געהערט דעם מענשען גראָד ווי ברויט . . . דאָס לעבען אָהן האָפ־נונגען — דאָס איז אַ טייערער פידעל מיט צוריסענע סטרונעס.

עס איז געווען אַ שעהנער ווארעמער טאָג. איינער פון טעג, ווען די זונן שיינט אין ניו יאָרק אַזוי קלאָהר און העלל, גראַדע ווי אין דער געטליכער איטאַליע, ווען איבער די טייכען מאָרגען זיך גרינגע בלויליכע וואָלקענדלעך, גלייך ווי איבער די הויכע בערג פון דער בעריהמטער טאַוורידאַ ; די ליכטיגע שטראַהלען פון דער זונן פער־דאָפּלען דעם געשמאַק פון לעבען און פערשטאַרקען דעם וואונש צו געניסען פון אַלעם וואָס די פּראַכטפאָלע נאַטור שיינקט אונז. דער גערויש אין ניו יאָרק איז געווען שטאַרקער ווי געוועהנליך. טויזענדער מענשען האָבען זיך געצויגען, ווי שוואַרצע וואָלקענס איבער די טראָ־טואַרען, קינדער זיינען אומגעלאָפען איבער די גאַסען מיט אַ פריילין

אלהים האָט פערשטאַנען אשמדאי׳ס פּלאַן — יא, עס איז געקו־מען די צייט, ווען ער דאַרף פערלאָזען דעם טראָן אויף וועלכען ער איז געזעסען אזוי פיעל טויזענדער יאָהרען... עס איז אָבער ניטאָ קיין ברירה... ער האָט פערדעקט זיין געזיכט מיט׳ן האנד און האָט געגעבען א שווערען, א ביטערען זיפץ...



שטראַהלען ... מיין ערשטער געדאַנק איז געווען: מענש, דו לעבסט נאָך! און אַ גרויסע פרייד האָט ערפילט מיין האַרץ ... איך לעב נאָך! איך בין געראַטעוועט! אַ! ווי גליקליך, ווי גליקליך איך בין!

איך האָב מיך אַרומגעקוקט אַרום און אַרום: וואו בין איך? געוויס איז געבליבען געראַכט דער געלעהרטער, וועלכער האָט געזאָגט אַז די ערד וועט ניט צוריסען ווערען אויף אַש, נור, וועט צופאַלען אויף טויזענד מייל... מיט איינע פון די טהיילען בין איך אַרויפגעפאַלען אויף אַ נאָהענטע פּלאַנעטע. איך האָב דאָס זיך ערקלעהרט, ווייל איך האָב געפיהלט, אַז די טעמפּעראַטור איז דאָ כמעט, ווי אויף דער ערד. אַרום מיר זיינען געווען די רואינען פון דעם בעריהמטען ניו־יאָרק ... די גרעסטע, די שעהנסטע געביידען זיינען געווען צו־וואָרפען, צושטערט, טעלעגראַפען צוריסען, מאַשינען צובראָכען. אַלעס, מיט וואָס דער מענש פון 19טען יאָהר־הונדערט האָט געשטאָלצירט, איז געוואָרען פערניכטעט, אונגליקליך. אומזיסט האָב איך אַרום זיך גע־זוכט אַ מענשען אָדער אַ לעבעדיגע בעשעפענים ... איך בין געווען אַרומגערינגעלט מיט בערג אַש, שטויב, שטיינער, ציגעל... אַליין! אַליין צווישען די חורבות פון דער אַלטער אָבגעלעבטער וועלט! ... אָבער איז דען ניט בעסער צו לעבען אַליין, זיין פריי פון די מענשלי־כע פאָדערונגען און נאַרישע געזעצע, זיין אינדעפּענדענט, ניט האָבען איבער זיך קיין קריטיקער און קיין שופטים, ניט האָבען קיין נאַרישע פריינד און קיין קלוגע שונאים?

מיט ענערגיע און פרייד האָב איך אָנגעהויבען קלעטערען אי־בער די גרודעס. אַש, איבער די בערג שטיינער... אה! איך לעב! איך בין פריי! איך וועל זעלבסט זאָרגען פאַר זיך און וועל נור טאָן דאָס, וואָס מיר געפעלט און וואָס מיר פערשאַפט פערגניגען. די פערפלוכטע ווערטער: עגאָאיזם און אַלטרואיזם, וועלכע האָבען מיך פריהער אַזוי פיעל געפּלאָגט און אַזוי אָפט געשטערט מיין רוח, זיינען מיט דעם סוף פון דער קאָמעטע אַראָפּגעקעהרט געוואָרען פון מיין וועג אויף אייביג! איך לעב, איך בין פריי! איך בין פאָלקאָם גליקליך!...

שטעלט איך פאַר מיין ערשטוינונג, מיין פערוואונדערונג, ווען איך האָב דערזעהן, צווישען די בערג פון שטיינער און ציגעל נאָר אַ גאַנצע געביידע ... דורך אַ גליקליכען צופאַל איז געבליבען גאַנץ גראַד דאָס הויז פון יונייטעד סטייטס טרעזשורי. די טהירען זיינען גע־

געשריי... יעדער האָט געלעבט, געשטרעבט צום לעבן און קיינער האָט ניט געדענקט און ניט געוואָלט דענקען פון׳ם טויט... פּלוצלונג איז די זונן פערשוואונדען געוואָרען אונטער א דונקעלען פאָרהאנג און ארום איהר האָבען זיך בעוויזען רויטע, בלוטיגע בויגענס... א שווארצער שווערער טומאַן (נעבעל) האָט זיך אויפגעהויבען פון ים האָט בעדעקט די ערד. א שווערער ערשטיקענדער גערוך האָט זיך צו־שפּרייט אין אלע זייטען. אויף איין אויגענבליק איז געוואָרען פינסטער ווי אין א קבר און שטיל ווי אין א וויסטע... אן אימה ופחד זיינען גע־פאלען אויף יעדען מענש, אויף יעדער בעשעפעניס... און דאן האָט די ערד אָנגעהויבען ציטערן און פלאַטערן... א גערויש גראַד, ווי טוי־זענד שרעקליכע דונערען מיט מיליאָנען קאנאָנען... יעדער האָט דער־פיהלט אז עס קעהרט זיך, אז עס פאלט, עס קומט אן ענדע... און עס איז געוואָרען פינסטער און תוהו ובוהו...

יא! עס איז געשעהען, די קאָמעטע האָט פערטשעפּעט דעם ערד־קוגעל און אלעס איז געגאנגען צו־גרונד...

געדענקט איהר ווען איהר, אלס קינד נאָך, האָט געלערענט דעם פּסוק: וחושך על פני תהום, און א פינסטערנים איז געווען אי־בער׳ן אָבגרונד — געדענקט איהר וואָס פאר א פאנטאסטישע בילד אייער פאנטאזיע האָט אייך געשילדערט? אָדער געדענקט איהר ווען אין דער יוגענד פלעגט זיך אייך טרוימען, אז אונטער אייך האָט זיך געעפענט א שרעקליכער דונקעלער אָבגרונד און איהר פאלט... איהר פליהט, איהר שוועבט?... דאָס האָב איך געפיהלט אין די ערשטע מינוטען נאָכדעם, ווי די ערד מיט דער קאָמעטע האָבען זיך צוזאמענ־געשטויסען... איך האָב געהערט דעם שרעקליכען קראַך, האָב געפיהלט ווי די ערד האָט זיך שטאַרק צו־וויגט אונטער מיינע פיס, איך האָב געגעבען איין קרעכץ און דאן האָט אלעס אָנגעהויבען פליהען, שווע־בען... מיין אטהעם האָט מיר פערכאפּט און איך האָב געחלש׳ט.

איך ווייס ניט ווי פיעל צייט איך בין געווען אָהן געפיהלען, ווי לאנג איך בין געפלויגען איבער די אונגעהייער גרויסע לופט־מדבריות, וועלכע ליגען צווישען איין וועלט און דער אנדערער, וועלכע שיידען אָב איין שטערען פונ׳ם צווייטען... איך געדענק נור ווען איך האָב ער־וואכט האָב איך דערזעהן די אייגענע שעהנע בלויע הימלען איבער מיין קאָפּ, די אייגענע ליכטיגע זונן האָט מיר געשיקט איהרע ליכטיגע

שטיל! קיינער ענטפערט ניט... די צווייטע נאַכט האָב איך פער־בראַכט זעהר שלעכט... דער קאָפּ האָט געברענט... די קרעפטע האָבען מיך פערלאָזען... אין שלאָף האָב איך געזעהן שרעקליכע טרוימען... קוים איז נור אויפגעגאַנגען די זונן, בין איך אויפגעשטאַנען זוכען עטוואָס עסען... מיין פרייהייט, מיין רייכקייט האָבען מיר ווענינ אינטערעסירט... עסען! איין שטיקעלע ברויט!... איך האָב אָבער געפו־נען נור שטיינער און שטויב.... איך האָב זיך צוריק געקעהרט אין מיין שאַץ קאַמער, האָב געקוקט אויפ'ן גאָלד... אָבער עס האָט מיך שוין גאָר ניט געפרייט... אָהן מאַכט בין איך געפאַלען צו דער ערד. ביטערע טרערען האָבען זיך אָנגעהויבען צו גיסען פון מיינע אויגען, און מיט אַ שרעקליכען יאָמער האָב איך אָנגעהויבען שרייען: נעהמט מיין פרייהייט! נעהמט מיין גאַנץ גאָלד, נור גיט מיר איין שטיקעל ברויט! איין שטיקעל שוואַרצע האַרטע פערשימעלטע ברויט... ברויט! ברויט! דאָס איז דאָס ווירקליכע גליק פון מענשען...

עס איז מיר אָבער ניט בעשערט געווען צו שטאַרבען פון הונ־גער: אויפ'ן דריטען טאָג האָט זיך מיין גליק צו מיר ווידער אומגע־קעהרט... איך האָב געפונען אַ גאַנצע גראָסערי סטאָר. פיש, אַלער־ליי הערינג, געזאַלצענע פלייש, פערשיעדענע קאָלבאַסען, גערויכער־טע צונגען, ברויט, ביסקוויטען, קאָלאָראַדער וויין, גרויסע באָטלען מיט קאָניאַק און ברענדי... דעם ערשטען מאָל אין מיין לעבען האָב איך געפיהלט ווי טייער אי די שפייז, וואָס געהערט דעם מענשען; דאָס ערשטע מאָל האָב איך פערשטאַנען, דאָס פאַר דעם קליגסטען מענשען, פאַר דעם גרעסטען פילאָזאָף, פאַר דעם רייכסטען מיליאָנער, פאַר דעם פראָסטען בירגער איז ניטאָ קיין גליק אָהן עסענוואַרג... איך האָב פערביסען מיט אַפּעטיט, מיינע קרעפטען האָבען זיך צו מיר אומגעקעהרט, די טרויעריגע געדאַנקען זיינען פערשוואונדען און יעצט נאָך האָב איך מיך גערעכענט פאָלקאָם גליקליך! פריי! רייך! בע־זאָרגט מיט שפייז! קען דען אַ דענקענדער מענש אויך ביי אַזעלכע גלענצענדע אומשטענדען ניט פיהלען זיך גאַנץ גליקליך, גאַנץ צו־פריעדען?

יא! איך בין געווען גאַנץ צופריעדען; אַלע מאַטעריאַלען פון גראָסערי האָב איך איבער געטראָגען אין טרעזשורי פון יונייטעד סטייטס. איך בין געווען בעשעפטיגט, פערנומען, צופריעדען, גליקליך...

ווען אָפּען, די קאַסען האָט מען ניט אויספּייעט פערשליסען... איך בין אונערוואַרטעט געוואָרען דער הערר און פערוואַלטער פון אונגעהייער גרויסע סומען גאָלד און זילבער... איך האָב קיין מאָל ניט ליעב געהאַט קיין געלד, איך האָב געוואוסט אַז דאָס איז נור אַ מעכטיגער מיטעל צו מאַכען דעם מענשען גליקליך... עס האָט מיך אָבער שטענדיג געקרענקט, דאָס דער מיטעל געפינט זיך ביי די אונווירדיגע און שלעכטע מענשען אין די הענד, און דאָס די, וועלכע פערדיענען גליקליך צו זיין, זיינען אונטערדריקט, אָרעם, ליידען הונגער און נויטה... אָה! יעצט איז די מאַכט אין מיין האַנד!... דעם גאַנצען טאָג בין איך געזעסען און האָב געצעהלט די גילדערנע, גלענצענדע פינף און צוואַנציג דאָלאַר־שטיק. דאָס גאָלד האָט געקלונגען ווי אַ געטליכע מוזיק און האָט געשיינט ווי די שטראַהלען פון דער זונן. איך בין געוועזען פריילעך, צופריעדען.... איך האָב פערגעסען די פערגאַנגענהייט, האָב ניט געדענקט פון דער צוקונפט... איך האָב ניט געפיהלט קיין הונגער, קיין דורשט... מיר האָט זיך געוואָלט זינגען... לאַכען... און ווען עס איז געוואָרען דונקעל און איך בין ארויסגעלאָפען אויף דער פרישער לופט, ווען איך האָב דערזעהן בליסצענדע שטערענדלעך, וועלכע האָבען מיר פריילינג צוגעוואונקען פון בלויען הימעל, האָט זיך פון מיין הארץ אויסגעריסען אַ פריילעך טריאומף־געשריי: הורראַ, איך בין גליקליך! גליקליך!.. איך לעב! איך בין פריי! איך בין רייך! איז דען דאָס ניט דאָס גליק פון מענשען?

איך בין געשלאָפען גאַנץ רוהיג די ערשטע נאַכט. און בין אויפגעשטאַנען פריש און געזונד. איך האָב זיך גוט געפיהלט און מיר האָט זיך אין גיכען שטאַרק פערוואָלט עסען... עסען? וואָס פאַר אַ נידעריגעס און אונזיניגעס בעדערפעניס! איך האָב זיך גענומען ווידער צעהלען מיין גאָלד. איך האָב געוואָלט אָבנאַרען מיין מאָגען, איך האָב געוואָלט זיך פערטויבען מיט דעם קלאַנג פון דעם עדעלען מעטאַל... אומזאָנסט!... מיין גאַנצער קערפּער, אַלע מיינע געפיהלע האָבען געפאָדערט עסען... טויזענדער קולות האָבען אין מיר געשריען: עסען! עסען! דאָס גרויסע רייכטהום האָט ניט געקענט מיך זאַט מאַכען... איך בין ארויסגעלאָפען ווי אַ דולער, האָב געזוכט צווישען די חורבות, האָב געשריען: נעהמט צוואַנציג דאָלאַר פאַר איין מיטאָג!... נעהמט דרייסיג דאָלאַר פיר איין ביעפסטייק...

פון דער שאַץ קאַמער פון יונייטעד סטייט בין איך אריבער אין דער שאַץ קאַמער פון דער גאַנצער מענשהייט... דאָס נייע, דאָס גייס־טיגע רייכטהום האָט מיך אויפגעהויבען ביז צו די הימלען, וואו עס רו־הען די געטער דער וויסענשאַפט און פּאָעזי. פיעל צייט האָב איך דאָ פערבראַכט. פיעל טעג זיינען פערלאָפען אונבעמערקט... אַך! אָבער אין איין פריה מאָרגען האָב איך ווידער דערפיהלט, אַז עס פעהלט מיר מיר עטוואָס, דאָס אויך דאָס גרעסטע גייסטיגע רייכטהום קען מיך ניט גאַנץ צופריעדען שטעלען, דאָס פערשיעדענע טרויעריגע געדאַנ־קען פערשטערען מיר מיין לעבען און רוה... וואָס פעלט מיר? איך בין רייך, איך בין פריי, איך בין בעזאָרגט מיט שפּייז. איך געפין אין מיין ביבליאָטהעק אַלעס, וואָס קען ענטוויקלען די געדאַנקען און ער־הויבען די געפיהלען! וואָס דאַרף איך דען נאָך? א! איך ווייס, איך בין צו ווייט פון דער נאַטור! איך האָב ניט דאָס, מיט וואָס די נאַטור בעציערט דעם מענשענס לעבען, צערשטרייט זיינע מעלאַנכאָלישע גע־דאַנקען, גיט איהם צו נייע קרעפטען און ענערגיע... אַך! ווען איך זאָל קענען געפינען נור צוויי, דריי בוימער, וועלכע זאָלען מיך בעשיצען מיט זייערע גרינע צווייגען... ווען איך זאָל הערען ווי זייערע בלע־טעלעך וויספּערן איבער מיין קאָפּ, ווען לעבען מיר זאָל זיך געפינען איין לעבעדיגע בעשעפענים, איין קליינע שעפעלע, אָדער א קליין הינ־טעלע, א קעצעלע, ווי גרויס וואָלט געוועזן מיין פרייד און גליק! די אונגליקליכע איינוואָהנער פון ניו יאָרק האָבען אָבער זיך ערווייטערט פון דער נאַטור, און פון זיי איז מיר נור געבליבען בערג מיט שטיי־נער, ציגעל און אייזען... אָ! ווי שרעקליך האָבען זיך מיר יעצט אויס־געוויזען די שאַטענס, וועלכע פלעגען פאַלען ביי נאַכט פון די רואי־נען... ווי טויט האָט אויסגעוויזען דער גאַנצער פּלאַץ ארום מיר... אָהן איין בלומעלע! אָהן איין גרעזעלע!

דער שיקזאַל, וועלכער האָט מיר מיין לעבען געשענקט, האָט אָבער ניט געוואָלט איך זאָל אונצופריעדען בלייבען און האָט מיך איין מאָל געבראַכט גראַד צו דעם פּלאַטץ וואו אמאָל איז געוועזן יוניאָן סקווער. דאָ לעבען דער איבערגעקעהרטער פּלאַטפאָרמע פון די צערשמעטערטע פּאָלקס טריבונע האָב איך דערזעהן אַן אַלטען גרי־נעם בוים... עס איז נאָך ווענינ, צווישען די צווייגען האָב איך דער־הערט ווי עס שוויטשערט און זינגט איין איינציג אָרעם פויגעלע!...

אין די מינוטען ווען איך בין געווען ניט בעשעפטיגט האָב איך גע־דענקט פּאָעטיזירט, געזוּנגען... האָב געטראַכט פון וויכטיגע זאַ־כען, האָב געקוקט אויף די שטערען, אויפ'ן הימעל, אויף די וואונ־דערבארע זונן און בין געווען גליקליך און צופריעדען... יאָ! עס איז דאָ גליק אויף דער וועלט! יאָ! דער מענש קען זיין צופריעדען און גליקליך!...

עס איז אָבער אוועק אַ קורצע צייט און איינינע געהיימע גע־דאנקען האָבען אָנגעפאנגען שטערען מיין רוה און פרייד. צו איינפאך, צו מאָנאָטאָן האָט זיך מיר אויסגעצייגט מיין לעבען. צו ווענינ איינ־דרוק האָט געקענט אויף מיר מאַכען דאָס אַלעס, וואָס איך האָב ארום מיר געזעהן. צו ווענינ געדאנקען און געפיהלען האָב איך געקענט שע־פּען פון זיך אליין... איך האָב געפיהלט, אז עס פעלען מיר קוועלען פון נייע איינדריקע, פון נייע געדאנקען... איך האָב שוין אָנגעהויבען צווייפלען אויב איך וועל קענען גליקליך און צופריעדען זיין. ווען איך האָב אונערוואַרטעט אין איינע פון מיינע עקסקורסיאָנען איבער די רואינען פון ניו יאָרק געפונען אַסטאָר'ס לייברערי. דיעזע רייכע ביבליאָטהעק איז געבליבען גאַנץ גערעטעט!... איך האָב דערזעהן שאַ־פעס פול מיט ביכער, וועלכע האָבען שטילערהייד געקוקט אויף מיר!... איך האָב דערזעהן פאַר זיך אַ גאַנצען ים מיט געדאנקען... דאָ, צווי־שען די קיסרים פון חכמה, צווישען די גענעראַלען דער וואַרהייט, צווישען די פּרינצען פון פּאָעזי, דאָ וועל איך קענען פיהלען זיך אונ־צופריעדען? דאָ וועט מיר זיין אונמוטהיג? — אַזוי ווי אַ דורשטי־גער פאַלט צו צו אַ טייכעלע מיט קלאָרע וואַסער, בין איך צוגעפאַלען צו דעם קוואַל פון העכערע פערגניגען און גליק... איך בין גאַנצע טעג געזעסען און האָב געלעזען אַ בוך, נאָך אַ בוך... גאַנצע שעצער פון פילאָ־זאָפיע, גן עדן'ס מיט פּאָעזי, וואונדערבארע פייערווערקען פון געטליכע געדאנקען. אַ מבול פון דער חכמה'ס שטראַהלען... וואָס פאַר אַ רייכטהום קען זיין גרעסער דערפון? וואָס פאַר אַ גליק קען זיין קלי־נער דערפון? וואָס קען נאָך פעלען דעם מענשען, ער זאָל בלייבען גאַנץ צופריעדען? צופריעדען אויף אימער, צופריעדען אויף אייביג? נור יעצט האָב איך דערפיהלט מיט אַלע פיברען פון מיין זעעלע, מיט מיין האַרץ און קאָפּ, דאָס איך בין אַזוי גליקליך, אַז גליקליכער קען שוין ניט זיין!

אָהן מענשען, אָהן ברידער! וואָס איז א לעבען אָהן פריינדשאפט, אָהן ליעבע, אָהן ציעלען?

איך בין געפאלען מיט מיין אונגליקליכע קאָפּ צו א שטיין און א ביטערער יאָמער האָט זיך ארויסגעריסען פון מיין קראנקעס הארץ!

אָ! מענשען! אָ! ברידער, וואו זייט איהר?...



הימעל! איך בין ניט אליין דאָ אויף דער וועלט! איך האָב א קאמע־ראד! א פריינד!... ער איז אזוי עלענד ווי איך... דאָ! אונטער דעם בוים וועל איך לעבען צוזאמען מיט איהם, איך וועל הערען זיין טרויע־ריגעס ליעד... דאָס איז שוין צופיעל... צו פיעל גליק!... און די טרע־רען, וועלכע האָבען מיך שוין לאנג געשטיקט האָבען זיך ארויסגעריסען און איך בין צוגעפאלען צום בוים און איך האָב צום ערשטען מאָל נאָך דער קאטאסטראָפע געוויינט מיט טרערען פון גליק און פרייד... גו־טע טרערען! זיסע טרערען! גליקליכע טרערען!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יא! עס איז א שאנדע! איך וויים, עס איז לעבערליך, עס מאכט נידריג דעם מענשען, דעם קעניג פון אלע געשעפפע, דעם חכם און דענקער, דאָך מוז איך אייך די וואהרהייט זאָגען: ניט די פרייהייט, ניט דאָס רייכטהום, ניט די קוואלען פון פּאָעזי און וויסענשאפט, ניט די נאטור, ניט דאָס לעבען אליין האָט מיך געקענט גליקליך און צופרי־דען מאכען... איך האָב געוויינט, געקלאָגט און געזוכט נור איינס... איך האָב געזוכט מענשען! מענשען!... צו וואָס דארף איך די פרייהייט, ווען זי ברענגט מיר ניט קיין נוץ! וואָס איז מיין לעבען, ווען איך וויים ניט פאר וועמען איך לעב? צו וואָס דענקען און זוכען די וואהרהייט, ווען עס זיינען ניטאָ די, וועלכע קענען שעצען די וואר־הייט!... דאָ! האָב איך פערשטאנען ווי אונגליקליך עס זיינען די מענשען, וועלכע לעבען נור פיר זיך אליין, וועלכע קענען ניט שעצען די געזעלשאפט, וועלכע פעראייניגען זיך ניט מיט די מענשען, וויל זיי פערשטעהען ניט ווי גרויס עס איז דער גליק און פרייד פון פער־אייניגונג... איך האָב זיך דערמאָנט, ווי גוט עס איז געווען, ווען איך האָב ארום זיך געזעהן מענשען, וועלכע האָבען געקענט זיין מיינע פריינד, מיינע בעשיטצער, מיינע ברידער; וואָס פאר א געטליכע מוזיק האָט געקלונגען אין מיינע אויערן, ווען איך האָב געהערט דעם פרייליכען געשריי און געזאנג פון קינדער... און יעצט בין איך אליין!

זיין זוהן איז געוואַקסען אין וואוילטאָג און פערגניגען, קיין זאַך איז איהם ניט ענטזאָגט געוואָרען, זיין קלענסטער פערלאַנג איז געוועזן ערפילט. ער איז געוועזן שטאַרק, שעהן, בליהענד, — ער איז געוועזן א גליקליך קינד... אויף דערזעלבער רייכער „וועסט־ענד עוועניו", אין דעם זעלבען פרעכטיגען פּאַלאַסט איז געוועזן נאָך א אינגעל. ער איז אויך געוועזן נור פיערצעהן יאָהר אַלט, ער האָט אויך פערלאַנגט צו האָבען קינדישע פריידהייט און פערגניגען, ער איז אָבער ניט גע־בוירען מיט אזא מזל... זיין פאָטער איז פערזענליך בעקאַנט מיט דעם, וואָס איז א שווערער קאַמפּף פאַר'ן לעבען, וואָס איז ביטערע נויט און ארמוטה, און דאָס קינד האָט געדאַרפט פריה פערליערען די פריידהייט און געהן דיענען און פערדיענען. ער איז געוועזן בלאַס, מאגער און זעהר ניט שעהן. זיין פליכט איז געוועזן גאַנץ פריה צו קומען אין א סאַלדאַטסקי אוניפאָרם, א גאַנצען טאָג שטעהן אין האָל לע־בען די גלענצענדע שפּיעגלען, מאַרמעלנע קאָלאָנען און הויכע פּאַלמען, — שטעהן ביז אימיצער פון די „גליקליכע" וועט קומען ער זאָל זיך איילען צו עפענען די טהיר און מיט א געצוואונגענעם שמייכעלע אויף די ליפּען העפליך ענטפערען אויף יעדע פראַגע, וואָס די „הער־רען" וועלען געריהען צו פרעגען.

קינדער טראָגען אין זייער הארצען מעהר פריינדליכע געפיהלען און דענקען ווייניגער פון די קאָנטראַסטען וועלכע עקסעסטירען אין לעבען. דער יונגער שווייצאַר ביי דער טהיר האָט זעהר ווייניג געטראַכט פון דעם אונטערשיעד צווישען איהם און דעם מאַהלער'ס זוהן, ער האָט נור געזעהען, אז ער איז אויך נאָך א קינד א שטיפער און א פריילינער יונג. מיט פרייד און אמת'ע געפיהלען פון א גוטען חבר פלעגט ער בעגעגענען דעם קליינעם פריץ'ל, מיט פערגניגען פלעגט ער צוזעהן פון דער ווייטען, ווי אזוי זיין יונגער פריינד זעצט זיך אויף זיין קליין ווייסען פערדעלע, אָדער ווי ער פליהט אום איבער'ן אַספאַלט אויף זיין טייערען בייסיקעל... ער פלעגט מיט פערגעניגען פאָלגען דעם רייכען קאַמעראַד און טאָן אַלעס, וואָס ער האָט איהם גע־הייסען. זיינע רייכע קאָסטיומען, זיינע רייכע שפּילצייגע, דאָס געלד וואָס דער רייכער „פריינד" האָט שטענדיג געהאַט ביי זיך אויף נאַ־שערייען האָבען פון אָנפאַנג ניט ערוועקט אין איהם קיין קנאה און קיין שנאה — ער האָט ליעב געהאַט דעם קליינעם דעספּאָט און טי־

# דער ערשטער אַנשטויס.

(עטיוד.)

---

.1

האָט איהר אַ מאָל געזעהן די שעהנע גאַס „וועסט ענד עוועניו" אין ניו יאָרק? אַ רייהע פּרעכטיגע פּאַלאַסטען ציהט זיך ווייט „אַפּטאַון". בלומען־גערטנער, גרינע פעלדעלעך, גרויסע פאַלמען און זעלטענע בוימער דעקאָרירען דיעזע מערקווירדיגע געביידען, וועלכע הויבען שטאָלץ זייערע קעפּ צום הימעל און שפּיגלען זיך אָב אין די קלאָרע וואַסערן פון האָדסאָן ריווער. עס איז די שענסטע גאַס אין ניו יאָרק.

אין איינעם פון דיעזע פּאַלאַסטען האָט פערנומען אַ פלעט אַ רייכער און בעוואוסטער מאַהלער מיט זיין פרוי און איינציגען זוהן, אַ אינגעל פון פיערצעהן יאָהר. איהר קענט אייך פאָרשטעלען, וויפיעל טייערע בילדער, וויפיעל זעלטענע סטאַטוען, וויפיעל מערקווירדיגע מעבעל עס איז געווען אין די הויכע, געראַמע, גרויסע צימערן פון דער וואָהנונג, וואו עס האָט געלעבט אַזאַ קליינע פאַמיליע. דריי מענשען האָבען פערנומען פיעל מעהר פּלאַץ אין אַ פּאַלאַסט פון צעהן פאַמיליען אין אַן איינגען טענעמענט הויז. דער מאַהלער האָט געהאַט נור צוויי זאַכען, וועלכע זיינען איהם געווען טייער ווי זיין אייגענעם לעבען, זיין מאַהלער קונסט און זיין איינציגעם קינד. אויסער די ריינע פּאָעטישע קונסט און אויסער זיין פאַמיליען לעבען האָט גאָר נישט עקזיסטירט פאַר איהם אין דער וועלט. די ווערטער: קאַמפּף פאַר'ן לעבען, אַרמוטה און נויט האָבען געקלונגען אין זיינע אויערען, אַזוי ווי טענער פון אַ צובראָכענעם אָרגעל... זיי מאַכען אַן אוננאַנגענעהמען גערויש אויף איין אויגענבליק און פערשווינדען אין דער לופטען.

ער ווארט דער „שקלאפע״ זאָל פאַלען אויף די קניע צו זיינע פיס און זאָל פלינק ערפילען, וואָס מע הייסט איהם.

— דאָס איז ניט מיין געשעפט, ענטפערט דער „שווייצאר״ און קעהרט זיך דאן בייז אָב...

— עפען מיר די טהיר גיכער, שרייט בייז דער מיוחס אַן אַנ־דער מאָל. די טהיר עפען.

— דו קענסט אליין אויך עפענען — ביסט ניט קראנק, ענט־פערט דער „שווייצאר״, פערגעסענדיג אַז דאָס איז זיין „הייליגע״ פליכט...ביידע פיינדע שטעהען איינער געגען דעם אנדערען און דאָס יונגע בלוט צינדט זיך אָן בייביידען און צוברענט זיך אין א שרעקליכען האס... זיי שטעהען ווי צוויי קעמפפער און בעטראכטען איינער דעם צווייטען... אָבער אין דער מינוט פונקט קומט דער סו־פערינטענדענט פון הויז. דער יונגער פריץ בעקלאָגט זיך און מע בעפעהלט דעם „שווייצאר״ באלד צו עפענען די טהיר. ער עפענט די טהיר מיט פערביסענע ליפען און אין זיינע אויגען גיט אבליץ א פייער׳ל, פון וועלכען דעם יונגען פריץ ווערט קאלט. אין עטליכע מינוט ארום האָט זיך דער יונגער פריץ אומגעקעהרט צוריק, ער האָט ניט געקענט פערגעסען, דאָס דער „שקלאפע״ האָט געוואגט אויף איהם אזא קוק צו טאָן, און האָט געוואלט זיך שטילען דאָס הארץ. ער איז נור אראָב פון די טרעפ — האָט זיך אָבער באלד אומגעקעהרט און האָט געהייסען עפענען די טהיר. דער יונגער „שווייצאר״ האָט גע־שוויגען. זיין ברוסט האָט זיך געוויעגט פון אויפרעגונג, זיין הארץ האָט האסטיג געקלאפט, זיינען ליפען זיינען געווען בלאס...

— עפען די טהיר! האָט א געשריי געטאָן אויסער זיך דער יונגער „הערר״ און האָט דעם „דיענער״ געגעבען א שטארקען ציה פאר׳ן ארבעל.

— ריהר מיך ניט אָן, אָנגעשטאָפּטער צופריעדענער שוויין! האָט געענטפערט דער „שווייצאר״ און האָט אויפ׳ן אמעריקאנער אופ׳ן אָנגעשפּיגען דעם פריץ אין געזיכט. דער יונגער פריץ האָט אויפגעהויבען זיין קרעפטיגע האנד און האָט דערלאנגט א שטארקען קלאפּ זיין געגנער איבערן קאָפּ, פון וועלכען ער איז געפאלען צו דער ערד מיט׳ן קאָפּ צו א מארמאָרנע קאָלאָנע...

ראַן. ווייניג — ער איז געווען פערליעבט אין איהם.

דער פערצויגענער מיוחס איז ווירקליך געווען אַ דעספּאָט און אַ טיראַן — ער איז געוואַקסען אַן עגאָאיסט. מיט זיין גאוה, מיט זיינע קאַפּריזען, מיט זיינע שלעכטע און גראָבע ווערטער, האָט ער גיך ערוועקט גאָר אַנדערע געפיהלען, אין דעם הארצען פון זיין יונגען, געהאָרזאַמען און איבערגעגעבענעם חבר... דער יונגער שווייצאַר האָט בעמערקט, דאָס דער רייכער מיוחס דולדעט איהם, נור ווען ער דאַרף איהם... דאַרף ער איהם ניט — דערקענט ער איהם גאָר ניט. ער האָט בעמערקט, דאָס פאַר זיין פריינדשאַפט צאָהלט מען איהם מיט פעראַכטונג, — דאָס בעטען בעט מען איהם קיין מאָל ניט — מען בעפעהלט נור, מען הייסט. און געגען זיין ווילען, האָבען זיך אין זיין הארץ ערוועקט און ביסלעכווייז אויסגעוואַקסען גאָר אַנדערע אונבעקאַנטע געפיהלען... דער רויטער פנים מיט די גראָבע ליפּען פון דעם יונגען הערר האָבען אויפגעהערט צו געפעלען און האָבען אָנ־געהויבען אויסצואווייזען זיך פאַר איהם גאָר אַנדערש; די פערדלעך, מיט די ביסיקלעך מיט די ווילדע שטיק האָבען שוין ניט געפרייט מעהר דעם יונגען „שווייצאַר", זיינע רייכע קאָסטיומען און לאַקירטע שיך פלעגען צווינגען דעם „שווייצאַר" צו בעטראַכטען זיין אייגענעם קאָסטיום אין דעם גרויסען שפּיעגעל אונטער איהם... לאַנגזאַם האָבען געפיהלען פון קנאה — שנאה, פערגיפטעט דאָס יונגע הארץ — ער האָט אָנגעהויבען צו האסען דעם פערצויגענעם מיוחס.

.2

די טרייהייט און איבערגעבענהייט פון דעם „שווייצאַר" האָט דער יונגער עגאָאיסט גענומען, ווי זאַכען וועלכע קומען איהם. אָבער זיין פעראַכטונג און זיין קאַלטען בליק האָט ער אָנגענומען אַלס אַ שרעקליכע אונרעכט און בעליידיגונג — ער האָט אָנגעהויבען צו פער־פאָלגען דעם אונגעהאָרכזאַמען „שקלאַפע", צווישען זיי האָט זיך אָנ־געהויבען אַ שטילער און פערבאָרגענער קאַמפּף.

— בינד מיר צו די רימענס פון מיינע „סקייטס" זאָגט שטאָלץ דער מיוחס, הויבט אויף זיין קאָפּ נאָך העכער און ציהט אוים זיין פוס.

פּאָטער, ניט נור זיין פאַמיליע, עס איז דאָ נאָך פאַמיליען, וועלכע ווי־
לען לעבען, דאַרפען לעבען, האָבען דאָס רעכט צו לעבען און קענען
ניט... דאָס קינד, וועלכעס האָט אזוי לאַנג איהם געעפענט די טהיר,
האָט ערוועקט אין זיין ברוסט געפיהלען פון רחמנות נור דאן, ווען
זיין אייגען געליעבט קינד האָט געקראָגען א קלאַפּ מיט א מעסער.
דער ערשטער אנשטויס האָט געמאַכט א ווירקונג... דער רייכער
קינסטלער איז געצוואונגען געוואָרען צו פערלאָזען די וועלט פון
„ריינע” קונסט מיט פּאָעזי און צו דענקען פון דעם, וואָס עס קומט
פאַר אין לעבען...



.3

צוויי טעג זיינען פערביינגעגאנגען און דער „שווייצאר" האָט ניט געקענט בערוהיגען זיך און איינשטילען זיין הארץ... ביי נאכט האָט ער ניט געקענט שלאָפען, — ביי טאָג האָט ער פון קיין זאך ניט געקענט דענקען, ער האָט נור געטראכט פון איין זאך, ווי צו נעהמען נקמה פאר זיין בעליידיגונג... ווי ער פלעגט נור דערמאָנען זיך אָן דעם יונגען „פריץ" פלעגען איהם אָנהויבען ציטערען די הענד און פיס, דער קאָפּ פלעגט שווינדלען, דאָס בלוט פלעגט אין איהם פערקילט ווערען... דער פיינד זיינער איז יעדען טאָג עטליכע מאָל געגאנגען פערביי איהם, ער האָט אָבער אליין געעפענט די טהיר... ער האָט זאָגאר איין מאָל אָנפאנגען צו רעדען צום „שווייצאר" גלייך ווי עס וואָלט גאָר ניט געשעהן — דער „שווייצאר" האָט אָבער ניט געענטפערט און האָט פערדעקט זיין געזיכט... אויפ'ן דריטען טאָג, ווען דער יונגער פריץ איז געלאָפען זאָרגלאָז מיט א פרייליך ליעדעלע פערביי דעם שווייצאר און האָט א געשריי געטאָן: עפען מיר די טהיר! האָט ער ווידער באגעגענט דעם שווייצאר'ס אויגען, אין וועלכע עס האָט געברענט א פירכטערליכער פייערל... דער יונגער שווייצאר האָט געהאָרכזאם געעפענט די טהיר, האָט פלינק ארויסגעשלעפּט פון דער טאשע א פעדער־מעסעריל, האָט אין אויגענבליק געעפענט דעם גרעס־טען קלינגעל און ווען דער יונגער הערר האָט אויפגעהויבען זיין פוס אויף די ערשטע טרעפּ האָט ער פּלוצלינג דערפיהלט, ווי עטוואָס קאַלטעס האָט איהם א שטאָך געטאָן אונטערן ריפּ. מיט א יאָמערלי־כען געשריי איז ער געפאלען צו דער ערד און האָט זיך בעגאָסען מיט בלוט.

---

אין דער זעלבער נאכט איז דער מאהלער געזעסען לעבען זיין פערוואונדעטען זוהנס בעט און האָט געדענקט דערפון וואָס האָט פּאַ־סירט. ער האָט ניט געלאָזט דעם יונגען „שווייצאר" ארעסטירען, ער האָט צום ערשטען מאָל דערפיהלט, דאָס ניט נור זיין זוהן, „יענער" איז אויך א קינד; ניט נור ער, דעם שווייצארס פאָטער איז אויך א

געריכט, ווען טויזענדער אויגען האָבען געקוקט אויף מיר, ווי אויף א מערדער, ווען יעדע מינוט האָט מען אין מיר בעלעדיגט מיינע מענש־ליכע געפיהלען, געצאַפּט מיין בלוט, ווען מיין אַלטע אונגליקליכע מוטער האָט געוויינט לעבען מיר מיט ביטערע טרערען און האָט גע־קוקט אַזוי בעטענדיג אויף מיינע ריכטער? זאָל איך אייך דערצעהלען, וויפיעל עווינקייט איך האָב איבערגעלעבט, ווען די „דזשורי" האָט אין אַנאַנדער צימער געלעגט אויף די וואָגשאָלען פון זייער פערשטאַנד מיין לעבען און מיין טויט? ווי אַזוי איך בין פערשטאַרבען געוואָרען און מיין הארץ האָט אויפגעהערט צו קלאַפּען ווען די דזשורי איז ענד־ליך ערשיענען, וואָס איך האָב דערפיהלט, ווען איך האָב דערהערט דאָס וואָרט: „גילטי!" גילטי... וואָס נאָכדעם איז געווען ווייס איך ניט. איך געדענק נור דאָס מיין אַלטע מוטער האָט מיך אומ־ארמט מיט איהרע ציטערנדיגע שוואַכע הענד, האָט מיך צוגעדריקט צו איהר ליעבענדע הארץ און האָט בענאָסען מיין געזיכט מיט גרויסע טרערען... און דאן האָבען געקלונגען שווערע שליסלען, גרויסע טריט האָבען זיך געהערט... די טויערען פון שוואַרצען אַבגרונד האָבען זיך געעפענט און מיך איינגעשלונגען...

מיין אַלטע מוטער האָט אומזיסט געבעטען, געוויינט, מען זאָל מיך בעגנאַדיגען. מיין אַדוואָקאַט האָט זיך אומזיסט בעמיהעט צו שרייבען פּאַפּיערן מיט אַפּעלאַציאָנען — איך האָב געמוזט שטאַרבען אויפ'ן גאַלגען. אין א פינסטערע דונקעלע נאַכט האָבען מיינע וועכ־טער אריינגעפיהרט צו מיר אַן אַלטען פּאַסטאָר אין שוואַרצע קליידער. זיין בליק, פול מיט טרויער און מיטלייד, האָט מיר אַלעס ערקלעהרט — מאָרגען וועל איך שוין ניט לעבען מעהר... מען קלאַפּט אין הויף פון געפענגניס — דאָס בויט מען מיר א תליה. פרעמדע געדונגענע הענט וועלען ארונטער נעהמען מיין געשענדעטען קערפּער און וועלען מיך פערשפּאַרען אין אַן אייביגען פריזאָן... מיין אַלטע מוטער וועט ניט קענען קומען זאָגען מיר איהר לעצטען זיי געזונד.

א פירכטערליכע, א שרעקליכע נאַכט! דער טויט איז געווען אַזוי נאָהענט און איך האָב געדענקט פון לעבען, פון פרייד, פון גליק. דער וויכטיגער מאָמענט ווערט נעהענטער צו מיר מיט יעדען קלאַפּ פונ'ם זייגער און איך קען ניט דענקען פון וויכטיגעס... איך קען ניט דענקען פון דער געגענוואַרט... עראינערונגען קומען רייהען וויי...

# דריי שרעקליכע יאָהר.

בעשריבען פונ'ם פעראורטהיילטען אליין.

---

מיט דריי יאָהר צוריק בין איך געווען א יונגער מאַן, פול מיט גוטע האָפנונגען, מיט ענערגיע, קראַפט און שטרעבונגען, און יעצט בין איך אַן אַלטער, אַלטער גרייז. יא! איך בין גרוי און אַלטע געוואָרען — עס זיינען געווען שרעקליכע דריי יאָהר...

וואָס איז דאָס געווען — מאָרד אָדער זעלבסטמאָרד? דער טויט האָט פערשלאָסען זיינע ליפּען, ער האָט אַוועק געטראָגען אין קבר די פּירכטערליכע געהיימנים. די וואָס ווילען געפינען ניט זוכענדיג, דעם שולדיגען, האָבען באַלד געפונען אין זייערע מוחות, א גלענצענדע סברה: האָב איך איהם ניט ערמאָרדעט? מיין ווייב איז יונג און שעהן, ער איז געווען מיין פריינד און מיין קאמעראד — ווער אנדערש האָט איהם געטויטעט, אויב ניט איך?... אייפערזוכט, אייפערזוכט איז די אורזאכע!...

איך בין אַן ארעסטאנט. א שווערע בעשולדיגונג ליגט ווי א לאַסט אויף מיין קאָפּ. איך בין א מערדער!... לאנגזאַם ציהען זיך די טעג, די שלאָפלאָזע נעכט ציהען זיך נאָך לאנזאמער... דאָס הארץ איז צו־וואונדעט פון שרעק און יסורים.... שרעקליכע געדאנקען מיט גוטע האָפנונגען יאָגען איינע די אנדערע פון מיין צודולטען קאָפּ... פאר וואָס בין איך ניט שטארק גענוג, איך זאָל קענען צורייסען מיינע קייטען, אומוואַרפען די גאנצע געביידע פון אויסגעטראכטע בעווייזע? איך ברעך אין פערצווייפלונג מיינע הענד, איך וויין מיט צאָרן און האַס... און די אייזערנע גראַטעס ריהרען זיך ניט פון מיין איינגעזונקעלע צעללע און מיינע וועכטער זיינען גלייכגילטיג און קאַלט ווי די שטיינער פון מיין געפענגנים ווענט...

זאָל איך אייך דערצעהלען, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין

אָבצולייגען מיין שטראָף און נאָך אַ מאָל מיך צו פּראָצעסירען. אימי־צער דריקט מיר די האַנד, אַנדערע גראַטולירען מיך מיט פרייד, און איך פאַל צו דער ערד צוזאַמענגעבראָכען און וויין... מיין ברוסט אין אָנגעלאָדען צופיעל מיט שווערע אונגעוועהנליכע געפיהלען, ווידער האָבען אויפגעבליהעט אין מיין ברוסט גוטע האָפנונגען, מיט אונגע־דולד האָב איך ערוואַרטעט דעם טאָג ווען איך וועל צום צווייטען מאָל ערשיינען פאַר׳ן געריכט... איך בין געוועזען איבערצייגט, דאָס איצט וועל איך פריי געשפּראָכען ווערען און איך האָב געטרוימט פון גליק, פון לעבען... אַלס רוהיגער מענש בין איך געקומען אין געריכטס זאַל און אַלס פערצווייפעלטען, פערלאָרענעם און האָפנונגסלאָזען האָט מען מיך געבראַכט צוריק אין געפענגניס, — צום צווייטען מאָל האָט מען מיך צום טויט פעראורטהיילט און מיר איז שוין אויסערן טויט גאָר נישט געבליבען צו ערוואַרטען... און איך האָב ערוואַר־טעט דעם טויט.

דער געדאַנק פון טויט איז זיך אַזוי מיט מיר צוזאַמענגעוואַק־סען, דאָס איך האָב זיך, נאָך איידער מען האָט מיך געהאַנגען, גערע־כענט שוין פאַר אַ טויטען, — נאָך פאַר מיין טויט איז די גאַנצע וועלט פאַר מיר אָבגעשטאָרבען. אַלעס וואָס האָט זיך געטאָן פון יענער זייט געפענגניס, אַלעס וואָס האָט געלעבט, געקעמפּפט פאַר׳ן לעבען, גע־שטרעבט צום גליק, אַלעס פון וואָס איך האָב אַליין אַמאָל געדענקט, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, — אַלעס איז פערזונקען געוואָרען ווי אין אַ דונקעלען נעבעל... איין וואונש, איין פערלאַנג האָב איך גע־האַט — די לעצטע מינוט זאָל שוין קומען און דער שווערער חלום זאָל זיך ענדיגען...

ווען איך פלעג צוגעהן גאַנץ פריה צום פענסטער פון מיין געפענג־ניס און פלעג דערזעהן ווי די זונן שטעהט אויף צו בעלייכטען די גאַנצע וועלט; ווען איך פלעג הערען ווייט ערגעץ פרעהליכע שטימען און אַ זיס ליעד; ווען איך פלעג ערבליקען אַלטע צווייגעדיגע בוימער, וועלכע האָבען געהוזשעט און גערוישט פון יענע זייט וואַנד — האָב איך געדענקט, דאָס עס שטעלט זיך מיר נור פאָר אַזוי אין חלום און דאָס אין דער ווירקליכקייט איז ניטאָ קיין שעהנע נאַטור, ניטאָ קיין פרייליכע שטימען, ניטאָ קיין זיסע ליעדער, ניטאָ קיין לעבען... ער איז נור דאָ אַ טרוים... אַ טרוים, וועלכער וועט זיך גיך ענדיגען,

איך זעה זיך אלס גליקליך זארגלאז קינד, איך לויף אום, שטיף מיט קאמעראדען, לאך! איך האב צוואנציג יאהר ניט געזעהן דעם גרינעם טהאל ביים טייך מיט די אלטע בוימער, וואו איך האב געשפיעלט אין מיין יוגענד און יעצט זעה איך עס פאר מיינע אויגען.

עס הויבט אן צו טאגען... לאנגזאם און טרויעריג קלינגט דער געפענגניס גלאק... אין הער טריט... מען געהט צו מיר... מען געהט נאך מיר. מען טוט מיך אן אין שווארצע קליידער... די לעצטע מינוטען קומען. די הענד ציטערען ביי די, וואס פיהרען מיך דורכ'ן איינגען האלל צו דער תליה, וועלכע שטעהט אין הויף. אונזערע שטי־לע לאנגזאמע טריט הילכען זיך אב אין פוסטען האלל, גלייך ווי נאך אונז וואלט נאכגעגאנגען א טרויעריגער מארש. איך הער אימיצער זאגט מיר פון א טהיר:

„גוד באי! מיר שיידען זיך אויף אייביג".

איך בין געגאנגען רוהיג ביז יעצט, ניט דערפאר, ווייל דער שרעק־ליכער, געוואלטזאמער טויט אויפ'ן גאלגען האט מיך ניט געשראקען — ניין!... איך בין געוועזען רוהיג, ווייל אין די לעצטע מינוטען פון מיין לעבען האב איך ניט געקענט דענקען פונ'ם טויט. יעדע קליי־ניגקייט האט געוועקט מיין אויפמערקזאמקייט... די שטימע פון דעם פאסטאר האט מיר דערמאנט אן א ליעדעלע, וועלכע איך האב לאנג געהערט פון א בלינדען „נעגער". מיין האלז־טוך האט מיר דערמאנט דעם טאג פון מיין האכצייט, ווען איך האב זיך אנגעטאן צו דער חופה. אבער ווען איך האב דערהערט די ווערטער: „גוד באי" האט מיר פלוצלונג א שארפער וויטאג דורכגעבויערט מיין הארץ. מיין מוח האט זיך געעפענט, די מחיצה האט זיך אוועקגעצויגען פון מיינע אויגען און איך האב דערזעהן דעם טויט, דערפיהלט, בעגריפען, פערשטאנען, וואס מיר שטעהט פאר צו ליידען... גוד באי! גוד באי? וועה, ווי שרעקליך דאס איז! די פיס האקען זיך אונטער. די ערד וואנקט אונ־טער מיר.

איך געדענק, ווי עס איז פלוצלונג געווארען א גרויסער גערויש, אימיצער האט געקלאפט אין טויער פון געפענגניס, געקלונגען שטארק אין גלאק און געשריען:

„שטעהט, שטעהט!"... — נאכדעם איז ארייגעלאפען מיין אדוואקאט מיט א פאפיער אין האנד... דער בעריכט האט בעוויליגט

דער דער טויט קומט, ניט בעסער און גערעכטער פון אייך? א וויל־
דער, ווען ער נעהמט נקמה, טויטעט ער באַלד אויפ'ן פּלאַץ, און איהר
האָט מיך , זייט דריי יאָהר יעדען טאָג געמאַטערט און געמאַטערט".



און דאן וועט קומען דער לאנגער, אונגעשטערטער רוהיגער שלאף...
איך בין איצט געלעגען א טויטער לעבען מיין קבר און מיינע הענ־
קערם האבען נור געדארפט קומען, אריינוואַרפען מיך אין גרוב און
פערשיטען מיט ערד.

די לעצטע נאכט איז ענדליך געקומען. דער פאסטאָר מיט זיין
מיטלייד, מיט זיינע תפילות, מיט זיינע גוטע ווערטער — ווייזט מיר
אוים דום און אונערטרעגליך... די אלע גוטע ווערטער און טרייס־
טונגען — פאלש און איבריג, די אלע צערעמאָניעס און פאַרבערייַ־
טונגען — דעם טייוועלס ערפינדונגען צו פערלענגערן דעם מענשענס
צרות. גיכער! גיכער! זאָל שוין זיין אן ענדע. דער געדאנק, אפשר
קומט ווידער מיין אדוואָקאט מיט א פאפיר האָט מיך געשראָקען.

שלעכטער מענש! ער איז ווידער געקומען צו לויפען מיט אן
אונבעשרייבליכער פרייד, ווי א פערווירטער, ווי א ווילדער שרייט ער:
„פריי! פריי!" דער קאָורט „אָוו פאַרדאָנס ענד ערעָרס" האָט מיר
איצט געשענקט מיין פרייהייט. איצט? ! ווען איך בין אין דריי יאָהר
אזוי אלט און שוואך געוואָרען, ווען איך האָב מיך צוגעוואָהנט צום
געדאנק פון טויט און ערווייטערט זיך אזוי פונ'ם לעבען, ווען איך בין
פון אלע פערגעסען און פערפרעמדעט געוואָרען, ווען איך האָב קיין
איין לעבעדיגע זעעלע ניט פון יענער זייט געפעננגים, וועלכע זאָל זיך
דערפרייען מיט מיין פרייהייט; שענקען מיר דאָס לעבען, ווען אין מיר
זיינען געטויטעט געוואָרען אלע שטרעבונגען צום לעבען, ווען אין
מיר איז אָבגעשטאָרבען דער אינטערעס צו אלעס, וואָס א מענש קען
שעצען און מיט וואָס ער קען זיך פרעהען... צו שפעט!... ווען דאָס
לעבען איז מיר געוועזן טייער, האָט מען עס ביי מיר גערייכט און ווען
דאָס לעבען איז מיר א שווערער לאסט, דאן גיט מען עס מיר צוריק.
שלעכטער „גוטער" מענש, נאָך וואָס טוסט דו מיר אזא ביטערע
טובה?... קוקט, זיי פרעהען זיך אלע און איך פערדעק מיין געזיכט
און וויין נאָך אמאָל. ניט קיין גוטע טרערען איז דאָס, וועלכע קומען פון
איבערראשונג און ברעננגען א פערגרינגערונג, — עס איז ביטערע
טרערען פון פערצווייפלונג, די פרעמדע וועלט שרעקט מיך, איך האָב
מורא פאר'ן לעבען. וואָס האָט איהר געוואָלט פון מיר מיט אייער גע־
רעכטיגקייט? זיינען דען די ווילדע, וועלכע האָבען ניט קיין געפעננ־
ניסען צו פלאגען א מענשען דריי יאָהר מיט'ן געדאנק פון טויט, איי־

ריערע, מיינע פעהיגקייטען צום לערנען, מיין שטודיום אין אוני־ווערזיטעט, זיינען געווען קליינינגקייטען פאר וועלכע עס איז געווען א שאנדע און א געמיינהייט צו קימערען זיך. מיין אייגען פאָלק, מיינע אידישע ברידער, האָבען דאן פאר מיר עקזיסטירט נור אין דער טהעאָ־ריע. אין דער ווירקליכקייט האָב איך זיי ניט געקענט. מען זאָל מיר דאמאָלס געווען זאָגען, אז איך וועל א מאָל לערנען אידיש שרייבען און וועל שטאָלצירען דערמיט וואָס איך קען רעדען צו מיין פאָלק אויף זייער אָרימער שפּראך, וואָלט איך דאָס דאן גערעכענט פאר א א גרויסע בעלעדיגונג. מיין פאָלק איז געווען דאָס רוסישע פאָלק. מיין שפּראך איז געווען די רוסישע שפּראך. פאר דיעזען שרעקליכען טעות האָבען מיר שפּעטער בעצאָהלט מיט בלוט און טרעהרען.

איך בין געווען דאן 23 יאָהר אַלט.

איך בין געווען יונג, געזונד, שטארק, זאָרגלאָז. איך האָב ניט גע־וואוסט, וואָס הייסט מורא האָבען. אזוי ווי זיעגפריעד איז געגאנגען צו דער בעצויבערטער, שלאָפענדער ברונהילדע דורך פייער און שווע־בעל, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין געפיהל פון מורא, אזוי בין איך געגאנגען בעפרייען דאָס שלאָפענדע רוסישע פאָלק, ניט ווייל איך האָב זיך גערעכענט פאר א העלד, אָדער ווייל איך האָב געוואָלט ווערען א העלד... איך האָב פאר קיין זאך אין דער וועלט קיין מורא ניט גע־האַט. פון דער קלענסטער אורזאכע פלעג איך זיך אָנצינדען ווי א פייער. איהר האָט געמעגט ארויסשטעלען נעגען מיר א שארפען מעסער, אָדער די שטאָהלענדע מויל פון א רעוואָלווער, — איך בין געגאנגען אויף אייך! איך בין געווען א פייערדיגער יונג. זיינגען אין כאַר בין איך געווען דער גרעסטער בריה; בעגעהן א ווילדע שטיפעריי, וועלכע איז פערבונדען זאָגאר מיט סכנות נפשות — דער ערשטער בעלן. דער־צעהלען א געשיכטע, פון וועלכע אַלע, זאָגאר זעהר ערנסטע און פער־טרויערטע מענשען זאָלען זיך קאַטשען פון געלעכטער, זיצען פינף נעכט כסדר ביי דעם בעט פון א געפעהרליכען קראנקען, אָבנארען זעהר מיאוס א פּאָליציי־בעאמטען, אָנטאָן א היטעל מיט א קאָקאַרדע און פיהרען איבער דערפער א געמאכטען „קייזערליכען" אוקאז, שלאָ־גען זיך מיט דריי אָפיצירען מיט א מאָל, אריינוואַרפען זיך אין דער געפעהרליכסטער דראָקע, געבען פייערדיגע קלעפּ און קריגען קלעפּ — אַלעס איז געווען ביי מיר א שפּיעלכעל.

# דער פייער־מענש.

(א קאפיטעל פון א ראמאן.)

---

מיט עטליכע טאג איז צו מיר געקומען א אידישער יונגער מאן פון פעטערסאן מיט א וויכטיגער בקשה. ער אליין איז אן ארבייטער. ער האט אבער א ברודער אין שווייצאריע, אן אלטער עמיגיראנט, וועלכער איז א מאל געוועזן בעוואוסט אלס א זעהר טהעטיגער רע־וואלוציאנער־נאראדניק. ער האט מיר אנגערופען זעהר א בעקאנטען נאמען. דיעזער ברודער זיינער, וועלכער איז אנטלאפען פון סיביר, לעבט שוין זייט יאהרען לאנג אין שווייצאריע. ער איז איצט א קראנקער, אלטער און ארעמער מענש. ער האט צוגעשיקט אהערצו זיין ברודער א מאנוסקריפט, א קאפיטעל פון זיין לעבענס־געשיכטע, געשריבען אין אידיש, אין א האלב ביאגראפישע, האלב בעלעטריסטישע פארם, און ער בעט, מען זאל עס דא דרוקען אויב עס וועט געפעלען, וועט ער צושיקען נאך קאפיטלעך. און אויסער דעם האט ער נאך בדעה צו שרייבען א אידישע דראמע אויך. (נו, יא, נו!) איהר קענט אייך פארשטעלען, וואס פאר א אידישען כתב דער אלטער אידישער נא־ראדניק האט געהאט! איך האב עס איבערגעשריבען און שיק עס דרו־קען. די ערצעהלונג רופט זיך ביי איהם „דער פייער מענש“, א קאפי־טעל פון א ראמאן.

.1

איך בין געוועזן אלט 23 יאהר.

איך בין געוועזן דאן א רוסישער נאראדניק. איך האב געהאט איין אידעאל — דאס גליק פון דער גאנצער מענשהייט. איך האב גע־האט איין שטרעבונג — קויפען מיט מיין אייגענעם בלוט, מיט מיין יונגען לעבען די פרייהייט פון רוסישען פאלק. מיין צוקונפט, מיין קא־

געטאָן מיט א פרייליכען שמייכעלע און איז פערביי געגאנגען. זי איז צוגעגאנגען ביז טריפיטזיקאָוו'ס פאסאזש און האָט זיך אומגע־קעהרט, לאנגזאם און רוהיג. אויף איהרע ליפען האָט שוין יעצט גע־שפּיעלט א סארקאסטישער שמייכעלע. אין מיינע אויגען האָט זיך פלוצלונג אנגעצונדען דעם רוח'ס פייער, און איך האָב אויף איהר א וואָרף געטאָן א בליק, אין וועלכען עס האָט געברענט א שטראָם מיט עלעקטרישען פייער. איך האָב בעמערקט, אז זי איז פלוצלונג רויט געוואָרען און האָט זיך אָבגעקעהרט. זי איז ווידער לאנגזאם פערביי־געגאנגען, מיינע יונגע פריינדע האָבען אָנגעהויבען צו וויצלען זיך. איינינע האָבען געזאָגט, זי וועט זיך שוין ניט אומקעהרען מעהר. אנדערע, פערקעהרט, זיינען געווען זיכער, אז זי וועט קומען נאָך א מאָל אָנקוקען דעם „ברענענדען איד", ווי זיי פלעגען מיך רופען. עטליכע מינוטען זיינען אוועק. איך זעה, זי געהט ווידער. זי האָט אלץ געקוקט אויף מיר שפּאָטיש, מיט גאוה און אין דער זעלבער צייט איז געווען אין איהר בליק עטוואָס, וואָס האָט אזוי ווי גערופען און איינגעלאדען. איך האָב געזעהן, זי איז צוגעגאנגען ביז דער ענדע אלעע, האָט צום לעצטען מאָל א קוק געטאָן אין דער ריכטונג, וואו איך בין געזעסען, און איז ארויס פון בולוואר.

עס איז שוין געוואָרען נאכט. די גאנצע שטאָדט איז פערגאָסען געוואָרען מיט ליכט. דער שטויב פון די גאסען האָט זיך געצויגען צו די ברענענדע לאָמפּען און האָט איינגעוויקעלט די שטאָדט ווי מיט א טומאן. מיר זיינען אלע געבליבען זיצען שטיל. מיך האָט געצויגען אהין, וואו דער שעהנער רופענדער געשטאלט איז פערשוואונדען גע־וואָרען אונטער דעם מאנטעל פון דער מיסטישער נאכט...

איך בין געווען אלט 23 יאָהר.

א פּאָר מינוטען זיינען אוועק. איך בין אויפגעשטאנען און האָב געזאָגט מיינע קאמעראדען, אז איך האָב וויכטיגע ארבייט צו טאָן. מיט אן איראָנישען טאָן האָבען זיי מיך דערמאָנט, איך זאָל צוליעב די וויכטיגע ארבייט ניט פערגעסען, אז מיר האָבען היינט ווירקליך א וויכטיגע געהיימע פערזאמלונג. איך האָב אָנגערוקט אויף מיינע לאנגע געגרייזעלטע האָאָר מיין ברייטע שליאפּע און האָב זיך געלאָזט געהן. איך האָב געהערט ווי מיינע קאמעראדען לאכען פון מיר, און האָב אָנגעהויבען צו שפּרייזען מיט גיכע, איילענדע טריט. איך האָב זי

איך בין געווען אלט 23 יאָהר.

א גאנצע „קאפּנע” פון לאנגע, שווארצע געדיכטע האָאר האָט בעדעקט מיין שטאָלצען קאָפּ. צו מיין יונגען פּנים האָט זיך צוגע־טשעפּעט א שווארצע בערדיל, ווי א לאָפּאטקע און אויגען האָב איך געהאט — קען איך אייך אליין ניט ערקלערן, וואָס איז דאָס געווען פאר אויגען! געוועהנליכע אויגען, דאכט זיך, אז אָבער אין זיי א קוק טאָן, האָט עס געגעבען א בריה. שפּעטער, ווען עס איז אריין אין דער מאָדע היפּנאָטיזם, פלעג איך מיט די אויגען, אָהן שום בע־וועגונגען מיט׳ן האנד, פערהיפּנאָטיזירען דעם געזונדסטען מאן; פאר פרויען איז מיין בליק אָפּט געווען אזוי געפעהרליך ווי דער אָט־העם פון א טייוועל. פערליעבען זיך פלעג איך זיך זעהר שנעל. דער־זעהן ערגעץ א שעהנע פרוי, געגאנגען צוליעב איהר 20 קווארטאלען צו פוס, אָדער געפאָהרען פינף סטאנציעס ווייטער, ווי איך האָב גע־דארפט. איך בין ניט געווען אויסגעלאסען און האָב ציניש ניט בע־האנדעלט קיין פרוי, — איך פלעג זיך צו זיי פערהאלטען מיט די עהרליכע ריינע געפיהלע פון א פּאָעט און מיט דער בעגייסטערונג פון אן ארטיסט.

איך בין געווען אלט 23 יאָהר.

איך בין געקומען קיין כארקאָוו מיט א וויכטיגע פּאָליטישע מיסיאָן. עס איז געווען אָנפאנג מאי. א ווארעמער פארנאכט. מיר זיינען געווען אויף דעם שפּאציר־פּלאץ לעבען אוניווערזיטעט, וועל־כער איז געווען בעקאנט אונטערן נאָמען „אוניווערסיטעטסקאיא גאָר־קא” (דאָס בערגיל ביים אוניווערזיטעט). עטליכע יונגע ליים, מיים־טענס סטודענטען, זיינען געזעסען אויף א באנק. איך בין געשטאנען און האָב עפּיס קאָמישעס דערצעהלט. אלע האָבען געלאכט. פּלוצלונג זיינען מיינע קאמעראדען אנשוויגען געוואָרען און האָבען א קוק גע־טאָן אויף מיר. איך האָב זיך פלינק אומגעקעהרט. פארביי אונז איז געגאנגען א הויכע יונגע בלאָנדינקע אין זעהר א שעהנעם אָריגינעלען קלייד. נאָך איהר איז מיט פוילע טריט נאָכגעגאנגען א גרויסער נוי־פאָנדלענדער הונד, א סך העכער פון א קאלב. אין איהר גאנג, אין איהרע בעוועגונגען איז געווען אזוי פיעל גראציע און חן, אז מיר זיינען אלע צוגעשמידט געוואָרען צו אונזערע פּלעצער. זי האָט הפּנים גע־הערט, וואָס איך האָב דערצעהלט, ווארום זי האָט אויף מיר א קוק

טייערע שפּיגלען פון אַלע זייטען און איז געווען ארומגעשטעלט מיט פּאַלמען און אַנדערע פּלאַנצונגען, — בין איך געבליבען שטעהן. זי איז ערגעץ אין אַ טהיר פערשוואונדען געוואָרען און איך האָב ניט געוואוסט וואָהין צו געהן און וואָס צו טאָן. איך האָב אַ קוק געטאָן אין שפּיעגעל און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז מיין פּנים ווייזט אויס אַ ביסעל נאַרריש. זעהר גיך האָב איך דערהערט איהר קלינגענדע זילבערנע שטימע און דאַן דאָס געלעכטער פון אַ מאַן, וועלכער האָט געלאַכט מיט אַ צובראָכענעם הייזיריגען באַריטאָן. די טהיר האָט זיך געעפענט און זי איז ערשיענען מיט אַ מאַן געאַרעמט. אַ מאַן פון אַ יאָהר פינף און פיערציג אין אַ גרינעם סאַמעטענעם חאַלאַט, מיט גרינע טופליעס, מיט אַ גרינעם אָבגעלעבטען פּנים, מיט אַ גרויסען גלאַנצענדען פּליך, מיט שיטערע געלע באַקענבאַרדען. ער האָט זיך געהאַלטען זעהר מאַיעסטעטיש, ווי עפּעס אַ גרויסער פּריץ. דער הונד, וועלכער האָט זיי געפאָלגט, האָט אַ שפּרונג געטאָן צו מיר, האָט אַ שמעק געטאָן דעם פרעמדען, אונגעבעטענעם גאַסט און האָט אויסגעשטעלט אויף מיר זיינע פערוואונדערטע אויגען, גראַדע ווי דער הערר זיינער.

— דאָס איז דער יונגער מענש, וועלכער איז אַזוי פריינדליך און אַזוי העפליך געווען, מיך אַ היים צו בעגלייטען האָט זי מיך פאָרגעשטעלט מיט אַ גראַציעזע און שטיפענדע בעוועגונג פון איהר האַנד. דער מאַן האָט אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער אין וועלכען אַנשטאָט אַ פּתח האָט זיך אַלץ געהערט אַ קמץ: „חאָ־חאָ־חאָ!”

— איך דאַנק אייך זעהר, וואָס איהר האָט מיין פרוי געבראַכט אַהיים — האָט ער געזאָגט מיט גרויס שטאָלצקייט. מיך פרייעט, פאָרצושטעלען זיך: איך בין פּראָקוראָר קאַראַוואַיעוו!

פּראָקוראָר קאַראַוואַיעוו! דער בלינדער שיקזאַל האָט מיך געבראַכט צו קאַראַוואַיעוו'ן, וועלכען איך האָב ניט געקענט, אָבער פון וועלכען איך האָב געהערט אַזוי פיעל שלעכטעס, וועלכען מען האָט אין אונזערע קרייזען אַזוי פערהאַסט און פעראַכטעט און וועלכער וועט מיך אַ מאָל אפשר אויך פערשיקען קיין סיביר ווי פיעלע פון מיינע קאַמעראַדען! אַזאַ צוזאַמענטרעפעניש האָט מיר אָנגעהויבען צו געפעלען און איך האָב אויף איהם אַ קוק געטאָן מיט אַ פרייליכען, ארויסרופענדען, טראָציגען בליק. ער האָט מיר, ווי אַ שפּיאָן טיעף אַ קוק

זעהר גיך אַנגעיאָגט. זי האָט אַזוי ווי דערפיהלט, אַז איך פאָלג איהר נאָך. זי האָט זיך אומגעקעהרט און איך האָב ווידער בענעגענט איהר שפּאָטישען, סאַרקאַסטישען שמייכעלע.

אָבער איהרע ווייכע סאַמעטענע אויגען האָבען געגלעט און האָבען גערופען. איך בין נאָכגעגאַנגען. עטליכע מאָל האָט דער הונד מיך בע־טראַכט מיט זעהר אונפריינדליכע אויגען. איך בין נאָכגעגאַנגען. ווען זי האָט געדאַרפט פערקעהרען אין אַן אַנדער גאַס, האָט זי זיך אומ־געקעהרט. די ליפּען האָבען גיפטיג געלאַכט פון מיר, די אויגען אָבער האָבען גערופען — איך בין נאָכגעגאַנגען. איך האָב געזעהן, אַז דאָס איז אַ וואַזשנע אַריסטאָקראַטישע דאַמע. איהר פּנים איז געוועזן נאָבעל און אינטעליגענט, איהר בענעהמען זיך העכסט אַנשטענדיג — איך האָב ניט געקלעהרט פון קיין זאַך. איך בין נאָכגעגאַנגען.

איך בין געוועזן אַלט 23 יאָהר.

ענדליך איז צוגעגאַנגען צו אַ גרויסע, שעהנע הויז. זי איז אַרויף אויף הויכע מאַרמאָרנע טרעפּ ביז'ן טהיר. און איידער זי האָט אַ קלונג געטאָן האָט זי ווידער אויף מיר אַ קוק געטאָן. זי האָט יעצט גאַנץ אָפען געלאַכט, אָבער איהרע אויגען האָבען אַזוי ווי איינגעלאַ־דען. איך האָב אָנגעהויבען צו געהן נאָך איהר אויף די טרעפּ. זי האָט פלינק אַ קלונג געטאָן. אַ הויכער שווייצאַר מיט צוויי גרויסע באַקענ־באַרדען האָט געעפענט די טהיר. איך האָב דערזעהן אַ וועסטיבול פערגאָסען מיט ליכט . . . גרויסע בראָנזענע פיגורען, טייערע קאַוויאָרען אויף די טרעפּ. צום ערשטען איז אַריינגעלאָפען דער הונד מיט אַ פרייליכע בילעריי. זי האָט מיר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד, ווי מען זאָל זאָגען : „ביטע זעהר”, און איז אַריינגעגאַנגען. איך נאָך איהר. מיט לייכטע גראַציעזע טריט איז זי אַרויפגעלאָפען אויפ'ן צווייטען עטאַזש. דער הונד האָט אָנגעהויבען צו שטיפען און שפּרינגען נאָך איהר ווי אַ ווילדע קאַלב. אויבען האָט זי מיר ווידער אַ מאַך געטאָן מיט'ן האַנד. איך בין אויך געגאַנגען אַרויף איבער די ווייכע טרעפּ. דער שווייצער האָט געקוקט אויף מיר זעהר פערוואונדערט. איך אַליין האָב זיך אויך אָנגעהויבען צו וואונדערען. אונבעוואוסטע ערוואַרטונ־גען, נייגירדע, די פרעמדע, אונבעקאַנטע אומגעבונג — דאָס אַלעס האָט מיך זעהר אינטריגירט, אָבער קיין מורא האָב איך ניט געפיהלט.

אויבען, אויף אַ שעהנע פּלאַטפאָרם, וועלכע האָט געהאַט גרויסע

מיינע לאַנגע שוואַרצע האָאָר און האָט צאַרט געגלעט מיינע פלאַמענדע באַקען. אויפ'ן בולוואַר האָב איך זיך ענדליך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק אונטער אַ בליהענדע אַקאַציע. איך האָב גוטמוטהיג אַ טראַכט געטאָן וועגען דעם, וואָס ערשט איז פאָרגעקומען און האָב זיך צולאַכט מיט אַ הילכיגען, פרייליכען געלעכטער. אַ פויגעלע וועלכע האָט געדרעמעלט צווישען די צווייגען האָט זיך דערשראָקען און איז מיט אַ געשריי אריבערגעפלויגען אויף אַן אַנדער בוים. אַ פערליעבטע פּאָאָרעל, וועלכע איז געזעסען אויף אַ באַנק אַקעגען, האָט געקוקט אויף מיר מיט ערשטוינען ווי אויף אַ משוגענעם — איך האָב געלאַכט געשמאַק און שטאַרק, ווי מען קען לאַכען מיט צוויי געזונטע יונגע לונגען. צוזאַמען מיט מיר האָבען די שטערן אין הימעל אָנגעהויבען צו פינקלען און בעוועגען זיך, און דער ווינטעל האָט אָנגעהויבען צו לויפען איבער די בוימער.

איך בין געוועזען אַלט 23 יאָהר.

דאָס פרייליכע און הילכיגע שאַלען פון קירכען־גלעקער האָט מיך אויפגעוועקט פון מיין טיעפען שלאָף. עס איז געוועזען אַ ליעבער מאַי־טאָג פול מיט שטראַהלענדע ליכט און זינגענדע טענער.

מיר האָבען נעכטען געהאַט אַ זעהר וויכטיגע געהיימע פערזאַמלונג, וועלכע האָט זיך פערצויגען כמעט ביז טאָג. מיר האָבען בעהאַנדעלט אַ גרויסע פר[illegible]: אין זיד־רוסלאַנד האָט אָנגעהויבען דאָן צו וואַקסען אַ נייע, „[illegible]“ אָדער וועניגער, ראַדיקאַלע סעקטע, וועלכע האָט זיך גערופען „שטונדא“. די סעקטע האָט געבויט איהרע פּאָליטישע און סאָציאַלע אַנשויאונגען נור אויפ'ן עוואַנגעליום. זאָלען מיר געהן צו זיי אין די דערפער און דורך דעם עוואַנגעליום פּרעדיגען זיי סאָציאַליסטישע פרינציפּען, אָדער זאָלען מיר געהן צו זיי אָפען מיט סאָציאַליסטישע פרינציפּען און פּרעדיגען געגען עוואַנגעליום, ווי געגען אַלע אַלטע דאָקטרינען ? די דעבאַטען זיינען געוועזען הייסע, ערנסטע און איך האָב פערגעסען דעם פּראָקוראָר מיט דער פּראָקוראָרשע ; מיר זיינען אַלע געוועזען זעהר הויך און זעהר ווייט פון דער אָרימער ווירקליכקייט מיט אַלע איהרע קליינליכע ערשיינונגען. איך האָב זיך געהיצט מעהר פון אַלע. מיך האָט נור אינטערעסירט די גאולה פון'ם רוסישען פאָלק. מיינע אַלע געדאַנקען, מיין זעעלע, מיין לעבען האָבען געהערט איהם, מיין טייערען ליידענדען ברודער — דעם רוסישען

געטאָן אין די אויגען און מיין רוהיגער אידישער פּנים האָט איהם בייז געמאַכט. „איהר זייט אַ איד?" האָט ער מיך געפרעגט מיט אַ זיסע און געמאַכטע העפליכקייט. זיינע ווייסע פעטע הענד האָבען געציטערט פון אויפרעגונג.

— איך בין אַ מענש! האָב איך געענטפערט שטאָלץ.

— אַ מענש! — האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט כעס, — און דאָך קען אַ עהרליכע פרוי אליין ניט ארויסגעהן!

דער הונד האָט פּלוצלונג נערוועז אַ גענעץ געטאָן, האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ פראַגע אויסדרוק אויף זיין פריץ און האָט אויף מיר געגעבען אַ בייזען ביל.

— יעווגעני — האָט זי אַ געשריי געטאָן, — וואָס האָב איך דיך געבעטען.

— איך בעלערינ ניט דעם יונגען הערר, — האָט ער געזאָגט שוין ווידער מיט אַ פריינדליכען טאָן, — עס איז געוועזן זעהר פיין פון איהם צו בעגלייטען מיין פרוי אַהיים. איוואַן! האָט ער אויסגעשריען גראָב און בעפעהלענד צום שווייצאַר — דערלאַנג דעם יונגען הערר זיין הוט און זיין אויבער־ראָק!...

איך האָב מיין הוט געהאַלטען אין האַנד און קיין אויבער־ראָק האָב איך ניט געהאַט. איך האָב פערשטאַנען, אַז דער וויזיט, הייסט עס, האָט זיך געענדיגט. דער פּראָקוראָר האָט [illegible]קטיג געלאַכט. דער שווייצאַר פון אונטען האָט געקוקט אויף מיר [illegible] צאָרן. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף איהר. זי האָט געלאַכט מיט אַ פאַלשען געמאַכטען געלעכטער און איהרע גרויסע אויגען האָבען געקוקט אויף מיר גוט און בעטענד. זי גערעדע זאָל זיך פיהלען שולדיג. איך האָב ארויפגערוקט מיין ברייטע שליאַפּע אויפ'ן קאָפּ, האָב ניט געזאָגט קיין גוטע נאַכט, קיין איין וואָרט, האָב אונגערן אַנגעטראָטען דעם הונד אויפ'ן פוס, האָט אַ קוק געטאָן בייז אויפ'ן שווייצאַר, בין אראָב פון די טרעפּ אונמיסטען זעהר לאַנגזאַם, אַ שטאַרקען קלאַפּ געטאָן מיט דער שווערער טהיר און אַרויס אויף דער פרישער לופט. איך בין געוועזן שרעקליך בייז און צורודערט און האָב מיט בייזע טריט אונערבאַרמליך געקלאַפּט איבערן הילכיגען טראָטואַר. עס איז געוועזן אַ שעהנע מאַינאַכט. ליכטיגע שטערען זיינען געוועזן צוזייט און צושפּרייט איבער די טיעפע בלויע הימלען. אַ פרישע ווינטעלע האָט געשפּיעלט מיט

א איד? וואָס?! ווייל איך בין א איד, האָט ע...
בעליידיגונג, יעדער גראָבהייט געגען מיר ווערט ...
שטראָפט! אין מיר האָט זיך אָנגעצונדען א העליש פייער. איך ה...
איהם שוין שרייבען א בריעף און מאכען פון איהם א תל. א געמיינער ליבעראל, א קאריעריסט ער וועט מיך ערניעדריגען? ניין! שרייבען איהם וועל איך ניט. איך וועל איהם בעסער ארויסרופען אויף א דועל. יא, אויף א דועל! איך האָב געשפּאַנט איבער מיין קליין צימערל אויף דער קלאַטשקאָווסקי גאַס מיט גרויסע טריט און האָב געביסען מיין אייגענע בערדיל. מיין יונגעס בלוט האָט געזאָדען אין מיר, אין מיין יונגע ברוסט האָט געשטורמט א וואולקאַן.

איך בין געוועזן אַלט 23 יאָהר.

א דועל טויג ניט. איך וועל איהם ערנסט רופען אויף א דועל, ער אָבער וועט זיך אויסלאַכען פון מיר און וועט שיקען צו מיר זיינע פּאָליצייסקע מחבלים. די בעסטע זאַך איז — אָבוואַרטען איהם ביים אָבער־געריכט (אָקרוזשנאָי סוד), רעדען מיט איהם און, אויב ער וועט מיר ניט געבען קיין בעפריעדיגונג, פּשוט אריינפאָהרען מיט א פּאַאָר פּעטש אין זיינע פערוויאַנעטע באַקען מיט די צוויי שיטערע ביוראָקראַטישע באַקענבאַרדען. איך וועל איהם ציינען וואָס פאר א מין איד איך בין, און אין דערזעלבער צייט וועל איך איהם כאַטש א ביסעל בעצאָהלען פאר מיינע קאַמעראַדען, וועלכע ער האָט אונגליקליך געמאכט. אָבער אייגענטליך וואָס דאַרף איך שטעהן ווי א נארר און וואַרטען אויף איהם אויף דער גאַס? איז ניט גלייכער און בעקוועמער צו מאכען איהם די ערקלעהרונג טאַקע ביי איהם אין דער היים, אויף דעם זעלבען פּלאַץ, וואו מיין ערנידריגונג איז פאָרגעקומען, און טאַקי אין דער געגענוואַרט פון זיין מאַדאַם, וועלכע האָט מיך נעכטען אָבזיכטליך געבראַכט אין אזא דומע פערלעגענהייט? איך לויף ארויס אויף דער גאַס, נעהם א דראָזשקע און פאָהר. פאר יעדען צופאַל האָב איך אין מיין בוזעם־קעשענע אן אַלטען ענגלישען רעוואָלווער, א „בולדאָג”. איך היים דעם קוטשער טרייבען דאָס פערד. איך האָב קיין צייט ניט. איך ברען פון אונגעדולד און צאָרן...

איך בין אַלט 23 יאָהר.

איך האָב געגעבען א ציה אונגעוועהנליך שטאַרק דעם גלעקעל,

לאנד־ארבייטער, וועלכער בעגיסט די מוטער ערד מיט זיינע טרערען. קיין אנדער פאלק, קיינע אנדערע ברידער, קיינע אנדערע טרערען און ליידען האבען פאר מיר ניט עקזיסטירט.

איך בין אלט געוועזען 23 יאהר.

צוהיצטע און אויפגערעגטע זיינען מיר אלע געגאנגען אהיים. דאס אבער האט מיר ניט געשטערט, געהענדיג, א ביסעל א שטיף צו טאן — איבערשרעקען א פערשלאפענעם גאראדאוואי (פאליציסט), צוזאמענשטויסען זיך כלומרשט אונגערן מיט א שכור'ן אפיצער און צורייצען א הונד ביי דעם הויכען טויער פון א קופעטשעסקי, אין שלו־מער פערזונקענעם הויז. עס האט שוין אנגעהויבען טאגען די בלויע הימ־לען זיינען אוועק ווייט פון דער שלאפענדער ערד, און דער מזרח האט אנגעהויבען צו ווערען בלאס. דער גרויסער מארגענשטערען האט אונז פריעדליך געוואונקען און געשיינט אלס סימבאל פון דער קומענדער בעפרייאונג. מיר זיינען אלע געגאנגען אהיים בעגייסטערטע פון דעם הייליגען פייער פון ליעבע און ערהאבענע שטרעבונגען. ווי א שטיין האב איך זיך אווארף געטאן אויף מיין געלעגער און בין אין איין אויגענבליק איינגעשלאפען מיט א רוהיגען, זארגלאזען, שטארקען שלאף.

איך בין געוועזען אלט 23 יאהר.

ווי אבער איך האב זיך אין דער פריה אויפגעכאפט, האב איך זיך באלד דערמאנט אויף די מערכענהאפטע געשיכטע מיט דער פער־טייפעלטער פראקוראר'שע און דעם שטאלצען, אבגעלעבטען פראקו־ראר, וועלכער איז געשטאנען פאר מיינע אויגען ווי אן אלטער גאט יופיטער אין א גרינעם חאלאט. וואס איז דאס געוועזען? איך וואלט מיר קיין מאל ניט ערלויבט צו פערפאלגען א פרוי. דירעקט אדער אינדי־רעקט האט זי מיך אליין ארויסגערופען אויף אזא שריט. נאך וואס האט זי דאס געטאן? איך האב געדארפט שפיעלען די ראלע פון א נארר, אום דורך מיר זאל די שעהנע, פערפיהרערישע מכשפה קענען איבערציייגען איהר טרייהייט צום הערר געמאהל. און פאר וואס האט ער מיך אזוי געמיין בעהאנדעלט? געלאזט שטעהן אין קאררידאר, ניט איינגעלאדען אין הויז, געקוקט אויף מיר פון אויבען אראב, ווי אויף א ניעדריגע בעשעפעניש, און משלח געוועזען אהן אלע צערעמא־ניעס! איז דאס ניט דערפאר, ווייל ער האט דערקענט, אז איך בין

העפליך. איך וויל זעהן דעם פּראָקוראָר !

— דער פּראָקוראָר איז ניטאָ אין דער היים !

זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויבען און האָט אַראָבגעקוקט אויף מיר.

— עס איז ניט וואהר. — האָב איך געזאָגט גראָב.

—וואָס ? !—האָט זי אַ געשריי געטאָן בייז. דער הונד האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו מיר מיט אַ בייזער בילעריי.

— אָרעסט ! שטיל בלייבען ! טובאָ ! — האָט זי בעפעהלענד געזאָגט צום הונד. און דאן האָט זי פּלוצלונג געביטען איהר טאָן, און האָט מיט אַ שמייכעל בעמערקט :

— וואָס־זשע, מיין הערר, איהר מיינט, אז איך בעהאַלט דעם פּראָקוראָר ?

איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

דער שווייצאַר האָט מיך געשטאָכען מיט זיינע צאָרניגע בליקען און האָט יעדען אויגענבליק געווענדעט זיין קאָפּ צו איהר, גראָדע ווי ער וואָלט געפרעגט : זאָל איך איהם ארויסוואַרפען ? זאָל איך רופען פּאָליציי ? זאָל איך איהם דער׳הרג׳ענען ?

— קומט ארויף אהער און דערצעהלט מיר וועגען וואָס האַנדעלט זיך דאָ, — האָט זי געזאָגט זעהר העפליך און פריינדליך.

— ניין ! איך דאַרף רעדען פּערזענליך מיט׳ן פּראָקוראָר.

אזוי ווי אַ מיידעלע פון צוועלף יאָהר איז זי אַראָבגעלאָפען פון די טרעפּ, האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ שפּאָטישען בליק, האָט אויפגעעפענט ווי מאַסיווע האַלבע טהירען, און האָט געזאָגט : דער פּראָקוראָר וועט קומען אהער פיער אַ זייגער. ווילט איהר וואַרטען אויף איהם ? ביטע.

מיר זיינען ביידע אריינגעגאַנגען אין אַ גרויסען ליכטיגען וויי־סען זאַל. ביי די וועגד זיינען געשטאַנען ווייסע בעגילדעטע שטוהלען. גרויסע טייערע שפּיעגלען אין ווייסע בעגילדעטע ראַהמען, אַ ווייסער פּארקעט בעדעקט מיט טייערע סאַמעטענע קאַוויאָרען. איך האָב נאָך אַזאַ לוקסוס קיין מאָל אין מיין לעבען ניט געזעהן. זי האָט מיך געבע־טען זיצען און אליין האָט זי זיך אנדירערגעזעצט אויף אַ קליינע ניעד־ריגע טאַבורעטע.

— איך האָף, איהר זייט ניט געקומען ארויסרופען דעם פּראָקו־

~יר געענטפערט פון אינווענינ דאָס נערוועזע און
~ע בילען פון דעם בעקאַנטען הונד. דער שווייצאַר האָט
אייקענדיג און ערשראָקען אויפגעעפענט די טהיר און האָט אויסגע־
גלאָצט אַ פאָר ערשטוינטע, איבערראַשטע אויגען.

— וואָס איז, וואָס דאַרפט איהר דאָ? — האָט ער מיך גע־
פרעגט גראָב און פרעך, פערשטעלענדיג מיט זיין קערפער דעם אריינ־
גאַנג.

— איך דאַרף דעם פראָקוראָר! — האָב איך געענטפערט
בייז.

— דער הערר פראָקוראָר נעהמט ניט אויף ביי זיך אין דער
היים אַזעלכע געסט.

— דאָס האַרט מיך זעהר ווענינ. איך וויל זעהן דעם פראָקו־
ראָר!

— און אויסער דעם, זיי זיינען ניטאָ יעצט אין דער היים.

— דו ליינסט! האָב איך אויסגעשריען מיט צאָרן, און האָב
איהם אַ שטויס געטאָן אָן אַ זייט. די טהיר האָט זיך מיט אַ שטאַרקען
קלאַפּ צוגעמאַכט, און איך בין שוין ווידער געווען אין דער שעהנער
וועסטיבול מיט די גרויסע בראָנזענע פיגורען און טייערע קאַוור־
יאָרען.

— וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס? האָט געשריען דער שוויי־
צאַר, ניט מיט זיין קול. דער גרויסער גיופאָנדלענדער הונד האָט איהם
באַלד אָנגעהויבען אַקאָמפּאַנירען אויף זיין באַססען־שטימע.

— איך וויל זעהן דעם פראָקוראָר! — האָב איך געפאָדערט
ענערגיש.

— וואָס איז דאָרטען? — האָב איך דערהערט איהר שטימע.
זי איז געשטאַנען אויף דער פלאַטפאָרמע פון צווייטען עטאַזש אין
אַן איינפאַכע בלויע קלייד. איהר טאַליע איז געווען אומגעפאַסט מיט
אַ שוואַרצען סאַמעטענעם גאַרטעל, איהרע זיידענע בלאָנדע האָאָר
זיינען ניט געווען אין אַזאַ ביוראָקראַטישע אָרדנונג ווי נעכטען, —
דאָס אַלעס אָבער האָט אויסגעדריקט נאָך שטאַרקער איהר נאַטירלי־
כע שעהנקייט. אָה! דאָס זייט איהר? האָט זי אויסגעשריען האַלב
ערשראָקען און האַלב דערפרייט.

— יאַ, דאָס בין איך! — האָב איך געענטפערט זעהר ניט

ברידער בעגיסען זיך מיט שווייס און בלוט, שטארבען פון הונגער און נויט, בעוויינען מיט ביטערע טרערען זייער שווערען שיקזאל!

איך האָב גערעדט לאנג און הייס. איך האָב זי גערופען תשובה טאָן, בעצאָהלען דעם בערויבטען ברודער זיין חוב, האָב זי געבעטען ארומקוקען זיך אזוי לאנג ווי עס איז נאָך דאָ צייט. וואָרום זאָל זי איהר יונג לעבען פערשווענדען אָהן גליק, אָהן פרייד, אָהן א צוועק, ווען עס זיינען דאָ אזוי פיעל גרויסע, הייליגע אויפגאבען צו ערפילען!

איך האָב גערעדט לאנג, איך האָב גערעדט אינ'ם נאָמען פון גרויסע אידעאלען, אינ'ם נאָמען פון די, וועלכע איך האָב גערעכענט פאר מיינע ברידער. ענדליך האָב איך געענדיגט, און איך האָב א קוק געטאָן אויף איהר. זי איז געזעסען בעוועגונגסלאָז, איהרע הענד צונויפגעלעגט אויף איהרע קניע. לעבען איהר איז געלעגען אויסגעצויגען איהר גרויסער, שעהנער הונד. א געטליכע גרופּע! אָבער איהרע אויגען האָבען געקוקט ווייט, און מען האָט געקענט מיינען, אז איהרע געדאנקען שוועבען ערגעץ ווייט, ווייט פון דאנען.

— איהר הערט מיך נישט? — האָב איך געפרעגט מיט פערדרוס.

אין דעם גרויסען קאלטען זאל איז געווען שטיל. ווייט ערגעץ אויף א טיש האָט געקלאפּט ריטמיש א טיש־זייגער. דער גרויסער „אָרעסט" האָט צוגעמאכט די אויגען און האָט געדרעמעלט. איך בין צוגעגאנגען נעהענטער און האָב שטיל געפרעגט: איהר הערט מיך נישט?

נאָך א זעהר לאנגע און שווערע פּויזע, האָט זי גאנץ שטיל און טרויעריג געענטפערט:

— יא, טהייערער, איך הער... זי האָט אויפגעהויבען איהר שעהנעם קאָפּ און אונזערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט. אין מיינע אויגען האָט זיך פּלוצלונג אָנגעצונדען א גאנצער אָקעאן פון ליידענשאפטליכען פייער... און...

אָה! איך בין געווען אלט 23 יאָהר.

---

נינא קאראיעווא און שפּעטער געווען בעקאנט אין גאנץ רוס־

ראָר אויף א דועל, — האָט זי געזאָגט האַלב אין שפּאַס, האַלב ערנסט. איך האָב א קוק געטאָן אויף איהר א פערוואונדערטער.

— יא, יא, אויף אזא חברה־מאָן, ווי איהר, קען מען אַלעס גלויבען... איהר זייט א פייער־מענש, וועלכען קיין זאך קען ניט אָבשטעלען. איך האָב געפיהלט, אז איהר זייט נעכטען פון דאַנען אוועק א בעלעדיגטער, אָבער דער פּראָקוראָר איז ניט שולדיג. איך בין די שולדיגע. איך קען זיך אליין ניט אָבגעבען קיין רעכנונג ווי דאָס האָט פּאַסירט. עס ווייזט אויס, אז די לעבהאַפטע יוגענד, זייער נאַטירליכער, געזונדער געלעכטער, זייער קוראַזש און דרייסטיגקייט מאַכען א צו שטאַרקען איינדרוק אויף די, וואָס פיהרען א אומעטי־גען, מאָנאָטאָנען, ציערליך־מאַניעליכען לעבען... זי האָט א זיפץ גע־טאָן און שטיל בעמערקט:

— איך בין אויך אמאָל געווען א זאָרגלאָזע שטיפעריון.

— אזוי? אייך איז אומעטיג דאָ? — האָב איך בעמערקט גיפטיג און סאַרקאַסטיש. — נו, יא, איך ווייס, איהר פיהרט דאָ א זינלאָזען, מאָנאָטאָנען לעבען, און דאָך בלייבט איהר דאָ, אין געפענג־ניס, אין דער גאָלדענער שטייג, ווייל איהר האָט פערקויפט אייער גוף מיט אייער נשמה א זעעלענלאָזען, שטיינערנעם מענשען, וועלכער בויט זיין קאַריערע אויף בלוט פון מאַרטירער, וועלכער געהט אום ווי א מלאך המות און רייסט ארויס פון די קעמפּפענדע רייהען די נאָבעלסטע און טאַפּפערסטע קעמפּפער!

— איהר דאַרפט אזוי ניט רעדען אין מיין געגענוואַרט פון דעם פּראָקוראָר. זי האָט עס אָבער געזאָגט אין אזא טאָן, אז איך האָב ניט געקענט פערשטעהן, צו מיינט זי דאָס ערנסט אָדער ניט.

— איהר האָט אויך קיין רעכט ניט צו זאָגען, אז איך האָב זיך פערקויפט. איך בין אונאַבהענגיג. איך האָב זעהר א גרויסע אימעניע אין טשערניגאָווער גובערניע. איך בין רייך.

— נו, יא, איהר זייט רייך, האָב איך אויסגעשריען מיט בע־גייסטערונג. איהר זייט פערזונקען אין רייכקייט און אין לוקסוס, איהר טרעט דאָ אויף סאַמעט און אויף זייד, איהר ריהרט זיך ניט אָן אָהן האַנדשוה אפילו אָן אייער רעגענשירם, איהר עסט דאָס בעסטע און טרינקט דאָס טייערסטע, איהר שפּיעלט אויף טייערע פּיאַנאָס, פּוצט זיך אין קאָסטבאַרע ציערונג. וועהרענד אייערע אונגליקליכע

# ECCE HOMO!

(דאָס איז דער מענש!)

(צוזאַמען מיט דיעזע ערצעהלונג האָבען מיר געקראָגען פון יעקב גאָרדין פאָלגענדען בריעף: „פריינד רעדאַקטאָר! דאָס וואָס איך גיב איבער דאָ האָט מיר דערצעהלט מיין יונ־געד פריינד אלבערט דאָררים. איך וואָלט אזא ערצעהלונג ניט געדרוקט, אום פּשוט ניט צו דערלאָזען, אז די רוסישע און רוסיש־אידישע קראַנקהאַפטע ריכטונג פון ליטעראַטור זאָל קענען געפינען א מקום מנוחה אויף דאָ ביי אונז. דו אָבער ביזט דאָך א גוטער און וועסט עס מסתמא דרוקען? טו, ווי דו פערשטעהסט.*)

---

נאַכט! אין צימער איז ריין, ציכטיג און שטיל. איבער׳ן טיש ברענט א גאַז־רעהר אונטער א בלויען אבאַזשור, און איבער׳ן גאַנצען צימער איז צוגאָסען א דונקעל־בלויער שיין און אַן אנגענעהמע, פער׳חלום׳טע רוהיגקייט. ער זיצט אויף א הויכען מאָררים־שטוהל און רויכערט פערטראַכט. זי זיצט אַנטקעגען אויף א שאָקעל־שטוהל און וויעגט זיך אין א לאַנגזאַמען ריטם אָט בויגט זיך צו צו איהם זעהר נאָהענט איהר יונגער שלאַנקער קערפּער, און אָט פערשווינדעט ער אין דער בלויער דונקעלהייט. איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען זאָלען ניט זיין אזוי רוהיג און גלייכגילטיג, וואָלט מען געקענט גלויבען, אז די דאָזיגע בעוועגונגען פון איהר קערפּער זיינען א קאָקעטישע

---

*) דער רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאל „צוקונפט" אין וועלכען די סקיצצע איז צוערסט ערשיענען.

לאנד אלס איינע פון די טעטיגסטע נאראָדניצעס אין טשערניגאָווער גובערניע. אין איהר אימעניע איז געווען א צענטר פון דער בעוועגונג. אהר דאָרף איז געווען א שולע פאר'ן פאָלק, מיט פאָרטרעגע, מיט פאָפולערע ביכלעך. מיט פראָפאגאנדיסטישע אונטערהאלטונגען. פון איהר קאסע איז ניט איין הונדערטער געגאנגען פאר דער זאך פון דעם פאָלקס בעפרייאונג. איך אָבער ?... אמת, איך האָב געליעבט דיעזע מערקווירדיגע פרוי, וו מען קען נור ליעבען ווען מען איז אלט 23 יאָהר. אָבער איך האָב ניט געוואגט צו נעהמען, וואָס דער רייכער שיקזאל האָט מיר געשענקט. איך האָב גערעכענט פאר א פערברעכען צו דענקען פון מיין פערזענליכען גליק. איך האָב זיך ענטזאגט פון ליעבע און פרייד, אום צו זיין א פרייער קעמפפער. אום צו זיין בערייט יעדען אויגענבליק צו אָפפערן מיט זיך. איך האָב פערבראכט מיינע יאָהרען אין וואנדערן, בין געווען נע־ונד, האָב געליטען נויט און מאנגעל, האָב פערלוירען מיין יוגענד, מיין ענערגיע, מיינע קרעפטען אין טורמעס און אָסטראָגען — און דאָס אלעס, אום צו בלייבען אויף דער עלטער, א פערקריפעלטער, א צובראָכענער, א פרעמדער, א עלענ־דער, א קראנקער, פון אלעמען פערלאָזען און פערגעסענער. אלס א דאנקבארקייט האָבען די, וועלכע איך האָב געאָפפערט מיינע בעסטע יאָהרען, גערויבט און געמאָרדעט מיינע אידישע ברידער און געשענדעט מיינע אידישע שוועסטער...

אויף דער עלטער האָט דער אלטער רוסישער נאראָדניק געדארפט זיך לערנען רעדען אידיש, דענקען אידיש, פיהלען אידיש...

אוי! וואָס מיר האָבען ערווארטעט און פון וואָס מיר האָבען געטרוימט, ווען מיר זיינען געווען 23 יאָהר אלט!...

* * *

דיעזען קאפיטאל פון זיין לעבענס־געשיכטע, האָט צוגעשיקט דער אלטער נאראָדניק צו זיין ברודער קיין פעטערסאָן. ווי איך האָב שוין בעמערקט, עס טראָגט א האלב ביאָגראפישע, האלב בעלעטריס־טישע פאָרם. איך האָב עס געפונען פאר נויטיג איבערצושרייבען און שיקען דרוקען, ווייל עס דערמאָנט פיעלע פון אונז די פערגאנגענהייט. עס דערצעהלט פון דער שעהנער, זיסער, פערלאָרענער צייט, ווען מיר זיינען אלט געווען 23 יאָהר.

———(—0—)———

רערישע פאָרמען פון א יונגע בליהענדע פרוי.

ער איז אויפגעשטאַנען, איז זיך עטליכע מאָל דורכגעגאַנגען איבער'ן צימער און האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען איהר. זי האָט זיך אויפגעהערט צו וויעגען, האָט מיט אַן אונשולדיג־קאָקעטישער בעווע־גונג געבראַכט איהרע קליידער אין אָרדנונג און רוהיג, מיט א שמיי־כעלע געפרעגט: וואָס איז?

— וואָס איז?.... גאָר ניט... איך... האָב אייך געוואָלט פרעגען: ווי אַלט זייט איהר?

— זעהר קיין אַלטע בין איך נאָך ניט... כאַ! כאַ! איהר ווייסט דען ניט, אַז איך בין פינף און צוואַנציג יאָהר אַלט?

— פינף און צוואַנציג יאָהר? און ווי לאַנג זייט איהר פערהיי־ראַט?

— שוין זיעבען יאָהר.... איהר ווייסט דען ניט? ניקי האָט דען אייך ניט געזאָגט?

— יאָ, איך ווייס עס. פינף און צוואַנציג יאָהר אַלט... שוין זיעבען יאָהר פערהייראַט, און נאָך אַלץ אַזוי נאַאיוו, אַזוי אונערפאַה־רען, אַזוי קינדיש...

— וואָס מיינט איהר דערמיט?

— גאָר ניט.... איך מיין אַזוי אין אַלגעמיין, אַלס פרוי...

זי האָט געקוקט אויף איהם מיט פערוואונדערטע אויגען. ער איז זך ווידער דורכגעגאַנגען א פּאָאָר מאָל איבער'ן שטוב, איז צוגע־גאַנגען צו איהר נאָך נעהענטער און האָט מיט א געמאַכטע גלייכגיל־טיגקייט געזאָגט: לידא, איהר ווייסט... איהר לייקענט אָב א געוויסע טהעאָריע, אין וועלכער קיינער האָט ניט געצווייפעלט.

— וואָס איז דאָס פאַר א טהעאָריע? האָט זי רוהיג געפרעגט.

— די טהעאָריע איז, אַז א יונגע געזונדע פרוי, וועלכע לעבט אָב אַזאַ צייט און האָט ניט קיין קינדער, מוז איהר מאַן אונטריי ווערען. דער נאַטירליכער אינסטינקט פון א מוטער איז שטאַרקער פון די אַלע קינסטלערישע מאָראַלע מיינונגען...

זי האָט זיך פערשעהמט, האָט פערביסען איהר אונטערסטע ליפּעל און האָט זיך אָבגעקעהרט. האָבען דאָס זיינע ווערטער אַנגעצונדען אַזאַ פלאַם פייער אויף איהר יונגען געזיכט? אָדער זיין פרעכער, לייד־דענשאַפטליכער בליק? ער איז געשטאַנען אַזוי נאָהענט נעבען איהר,

שפיעל, וועלכע בעדייטעט: אַט בין איך, דאַכט זיך נאָהענט צו דיר און אַט בין איך ווייט!

דעם גאַנצען אבענד האָט זי גערעדט, ער האָט א מייסטען גע־קוקט אויף איהר און געשוויגען. זי האָט נאָך אמאָל דערצעהלט, ווי גוט און ליעבענד איהר מאַן, איהר „ניקי", איז; ווי שווער איהר איז צו בלייבען יעדען אבענד אליין אין דער היים, און דער אָרימער „ניקי" דאַרף זיך שלעפּען ווייט מיט זיין וויאָלאָנטשעל אין א טהעאטער אויף בראָדוויי. אמת, ער פערדיענט זעהר שעהן, אָבער ער האָט א שוואכע ברוסט. און זיי זיינען דאָ אין אמעריקא אזוי עלענד. זיי זאָלען וואָהנען אין א אידישע געגענד, וואָלט זי אפשר געהאַט בעקאַנטע. אָבער זיין שוואכע ברוסט צווינגט זי צו וואָהנען אין א געגענד פון פרישע לופט צווישען פרעמדע, גלייכגילטיגע קריסטען. יעדע מינוט האָט זי געפרעגט וויפיעל איז דער זייגער, אום צו וויסען גענוי וויפיעל עס איז נאָך געבליבען צו וואַרטען אויף „ניקי'ן". און נאָכדעם, אַבוואָהל עס איז נאָך געווען זעהר פריה, האָט זי פאַר ניקי'ן צוגעגרייט א לייכטען סאַפּער: נאָכדעם האָט זי ווידער דערצעהלט פון ניקי'ס ליעבע און איבערגעבענהייט. איז זיין זאָרג פאַר איהר ניט גרויס, אז ער האָט אליין איינגעבעטען זיין איינציגען גוטען פריינד, ער זאָל יעדען אבענד קומען אהער און פערברענגען די צייט ביז ער וועט קומען? ער וויל ניט, זיין נאַרריש ווייבעלע זאָל פיהלען לאַנגווייליג. גוטער, טייערער ניקי! אַך, ווען דער ווינטער זאָל גיכער פאַרבייגעהן! אויף די זומער־מאָנאַטען איז ניקי אַנגאַזשירט צו שפּיעלען אין א גרויסען האָטעל אין א שעהנע קאַנטרי, ערגעץ אויף די בערג. דאָרט וועט זיך ניקי אויסרוהען און וועט ווערען געזונד. אָרעמער ניקי!

ער הערט דיזעלבע געשיכטע יעדען אבענד, און עס אינטערע־סירט איהם זעהר ווענינ, וואָס זיין פריינד ניקי וועט טאָן זומער, וואָס זיין פריינד ניקי פיהלט און טוט. זיין אמת'ע, אויפריכטיגע פריינדשאַפט, זיינע פערפליכטונגען, זיינע פאַרשטעלונגען פון דעם וואָס מען מעג און מעג ניט, — דאָס אלעס האָט אָבגעטראָטען אין הינטערגרונד און איז פערשוואונדען אין דער בלויער דונקעלהייט פון דיזען פערצויבערטען צימער, און פון דיזער זעלבער בלויער דונקעלהייט שווימען ארויס יעדען אויגענבליק אין רייצענדע רענעל־מעסיגע בעוועגונגען די וואונדערבאַר־שעהנע און טייפלישע פערפיה־

יונגע פרוי האָט געוואַכט איבער איהם מיט דעם הייליגען רחמנות פון אַן ענגעל־בעשיצער, מיט די איבערגעבענהייט פון אַ פרוי, מיט די טרייהייט, געדולד און צערטליכקייט פון אַ מוטער, מיט די ליעבע און זעלבסטאויפאָפּפערונג פון אַ געליעבטע... זי איז געוואָרען בלאַס, מאַגער און שוואַך, אָבער האָט פון זיך אליין ניט געוואָלט דענקען. זיינע ווייטע בעקאַנטע האָבען זיי עטליכע מאָל בעזוכט און דאַן איז זי געבליבען אליין מיט איהר קראַנקען, אָרימען ניקי'ן. ווען דאָס ביסעל געלד איז אַוועק, די וויאָלאָנטשעל איז שוין געווען פער־משכונ'ט און די אָרימע עלענדע יונגע פרוי האָט געדראָהט מאַנגעל און נויט, דאַן איז ניקי'ס אַלטער פריינד געקומען. אַלס אַ פערברע־כער, אַלס אַ שולדיגער האָט ער אריבערגעטרעטען די שוועל... מיט אַ שווער געמיטה האָט ער זיך ענטשולדיגט און מיט ביטערע, אויפ־ריכטיגע טרערען האָט ער בעטראַכט דעם אָרימען, בעוואוסטלאָזען ניק'ן. זי האָט איהם בעגעגענט מיט פריינדשאַפט און דאַנקבאַרקייט. זי האָט קיין זאַך ניט געדענקט. קיין זאַך ניט געוואוסט, — פאַר איהר איז געשטאַנען אַ מענש, וואָס האָט ליעב איהר אָרימען ניקי'ן, אַ מענש, וואָס איז געקומען העלפען רעטען איהם פון טויט... ער איז איז ניט אַוועק פונ'ם קראַנקען, ער האָט געהאָלפען וואַרימען וואַסער, לעגען קאַלטע קאָמפּרעסען, בייטען וועש, בעטען די בעט פאַר'ן קראַנ־קען. מיט אמת'ע מיטלייד און רחמנות האָט ער דעם קראַנקען בע־דיענט, געטראָגען אויף די הענד, געלאָפען נאָך אייז, אין אַפּטייק, צום דאָקטאָר; האָט מיט אַ יד רחבה, ווי אַן אמת'ער פריינד, געגעבען געלד אויף אַלעס, וואָס מען האָט געדאַרפט, און ווען דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז עס איז ווייניג האָפנונג געבליבען, האָט ער פערזעצט זיין גאָלדענעם זייגער, און האָט געבראַכט צום קראַנקען אַ פּראָפעס־סאָר.

די שווערע שלאָפלאָזע נעכט פון דער יונגער פרוי, איהרע טרערען און געבעט, איהר אונערמיעדליכע אויפמערקזאַמקייט און ליעבע האָבען ניט געהאָלפען, דער אָרעמער ניקי איז געשטאָרבען. איהר פערצוויי־פלונג, איהר יאָמער־געשריי, איהר וויינען און קלאָגען זיינען געווען אַזוי אונענדליך שטאַרק, און איהר שמערץ איז געווען אַזוי טיעף, אַז עס איז געווען שווער צו גלויבען, אַז זי וועט עס איבערלעבען. ניקי'ס פריינד האָט געקוקט אויף איהר מיט אַ צובראָכען הארץ און פון זיינע

אַז זי האָט געהערט ווי שווער ער אָטהעמט און האָט געפיהלט זיין שטאַרקע אויפרעגונג. געגען איהר ווילען איז זיין אונרוהיגקייט איבערגעגאַנגען אויף צו איהר. מיט אַ פלינקע בעוועגונג האָט זי ארויסגערוקט פון הינטער זיך דעם שטול און איז אויפגעשטאַנען. אין דעם אויגענבליק אָבער האָבען זי פּלוצלונג ארומגענומען צוויי שטאַרקע אָרעמס און זי האָט דערפיהלט די פרעכע בעריהרונג פון זיין קערפּער. איין אויגענבליק איז זי געבליבען בעטויבט און אונבעוועגליך, ווי אַ שוואַך פייגעלע בלייבט אין אַ שטאַרקען נעץ, איידער זי קומט צו זיך און הויבט אָן צו שלאָגען מיט די פליגלעך... די יונגע פרוי האָט זיך ארויסגעריסען פון זיינע הענד, האָט איהם מיט צאָרן אָבגעשטויסען פון זיך און האָט מיט ענטריסטונג אויסגעשריען: וואָס טוט איהר דאָס?... איך וויל ניט איהר זאָלט געהן אַהער!.. איהר דאַרפט מעהר אונזער שוועל ניט אַריבערטרעטען! אָרעמער ניקי!

ניקי'ס פריינד האָט אויפגעהערט צו געהן צו זיי. ניקי האָט זיך זעהר געוואונדערט און האָט דעריבער געבראָכען דעם קאָפּ. זי אָבער האָט ניט געוואָלט דערצעהלען ניקי'ן די אמת'ע אורזאַכע. ערשטענס, האָט זי ניט געוואָלט ערגערן אַ קראַנקען מענשען און, צווייטענס, זי האָט געוואָלט האַלטען דאָס געהיימניס פאַר זיך אליין. אויף ניקי'ס פריינד איז זי טאַקע געווען זעהר בייז, אָבער דענקען ווענען דעם וואָס איז געשעהען איז איהר געווען אנגענעהם. אַזאַ שטאַרקער, שעהנער מאַן וואָלט געלעגען ווי אַ שקלאַף ביי איהרע פיס, ווען זי וואָלט ניט געווען אַזאַ עהרליכע, אַזאַ טריי־איבערגעבענע פרוי! און אָפט, ווען זי פלעגט ביינאַכט בלייבען אליין, פלעגט זי געגען איהר ווילען אַ טראַכט טאָן: טאַקע פאַר וואָס איך בין ניט קיין מוטער? און דאַן פלעגט זי ארויסרופען אין איהר זכרון אַלע איינצעלהייטען פון יענעם אבענד און פלעגט פיהלען זיין שטאַרקע אומאַרמונג, זיין הייסען אָטהעם, די בעריהרונג פון זיין קערפּער.

זעהר גיך אָבער זיינען דיעזע נאַרישע געדאַנקען און עראינערונגען פערשוואונדען און פערגעסען געוואָרען — ניקי איז זעהר געפעהרליך קראַנק געוואָרען. ער איז ביינאַכט געפאָהרען פון טהעאַטער אַ פערשוויצטער און אין אַ וואַגאָן פונ'ם „עלעווייטער" האָט איהם געכאַפּט אַ קאַלטער צוג־ווינד — ער האָט געקראָגען לונג־ענטצינדונג. וואָכען לאַנג האָט ער געקעמפּפט מיט זיין שווערע קראַנקהייט. די אָרעמע,

איהר איצט דעם קאָרסעט? האָט ער געזאָגט שוין מיט אַ פּערענדער־טע שטימע. אין דעם אויגענבליק איז ער שוין געוואָרען אַן אַנדע־רער.

— וואָס הארט מיך? מיר איז אַלעם איינס, — האָט זי גע־ענטפערט מיט דערזעלבער אַפּאַטיע און נאַאיווע גלייכגילטיגקייט. פּלוצלונג האָט זי דערפיהלט די פרעכע בעריהרונג פון זיין קערפּער, ווי אַמאָל, און אַ שוידער איז אַריבער איבער אַלע איהרע גליעדער. אַ געשריי פון שרעק און פערצווייפלונג האָט זיך ארויסגעריסען פון איהר יונג־ברוסט: „וואָס ווילט איהר טאָן? ער איז דאָרט!"... אַ גע־היימע שטילקייט האָט אָנגעפילט דאָס צימער, און אַ ליידענשאַפט־ליכער וויספּער איז פערשוואונדען געוואָרען אין דער דונקעלהייט. נאָך אַמאָל האָט זיך דערהערט איהר שטימע, שוין זעהר שוואַך, וויי־נענד און בעטענד: „ניין! ניין! איך בעט אייך!" און דאַן איז ווידער אַלעס געוואָרען שטיל. די פעררעטהעריי..ע, אונבעגרייפליכע, פיעל געווינשטע און נאָך מעהר געפלוכטע געטין אַפראָדיטאַ האָט אראָבגע־שוועבט פון איהרע מיסטישע רעגיאָנען, און האָט אַלעס איינגעוויקעלט אין איהר פייערדיגען מאַנטעל פון ליידענשאַפט און לוסט...

און „ניקי" איז אין דעם צווייטען צימער געלעגען אויף דער ערד איינגעוויקעלט אין אַ שוואַרצען מאַנטעל. נעבען איהם געזעסען אַן אַלטער איד מיט אַ פערשמאָלצענעם תהלים אין האַנד און האָט גע־דרעמעלט. צוקאָפּענס האָט ביי איהם געברענט אַ סעטרינעווע ליכט, וועלכע האָט שוואַך בעלויכטען נור דעם קליינעם קרייז ארום זיין קאָפּ... דאָס גאַנצע צימער איז געווען פערזונקען אין אַ שטילע דונ־קעלהייט.



אויגען האָבען זיך גענאָסען גרויסע שמערצליכע טרערען. און ווען די אידען פון חברה קדישא זיינען געקומען דעם בר־מנן פערטיג צו מאכען, איז איהר וואהנזיניגער קלאָגען געוואָרען אזוי דריקענד שווער, אז דער שטארקער פריינד האָט ענדליך אויף אָנגעהויבען צו יאָמערן אויפ'ן קול. מיט געוואלט האָט ער זי ענדליך אָבגעריסען פונ'ם טויטען קער־פער און זי ארייננעפיהרט אין איהר צימער. „האָט רחמנות אויף זיך, האָט רחמנות אויף אייערע יונגע יאָהרען", האָט ער געבעטען און טרע־רען האָבען איהם געשטיקט. מיט ריינע געדאנקען, מיט צערטליכער ליעבע פון א ברודער האָט ער גערעדט צו איהר, געטרויסט, געבעטען, ביז זי האָט זיך אביסעל בערוהיגט. און ווען די רעאקציאָן איז געקומען, און זי איז איינגעשלאָפען מיט א שווערען שלאָף, איז ער אויף די שפיץ פינגער ארויס פון איהר צימער. וויפיעל זי האָט געשלאָפען האָט זי ניט געוואוסט, נור ווען זי האָט זיך אויפגעכאפט, האָט זי דערזעהן, ווי ניקי'ס טרייער פריינד האָט שטיל געעפענט די טהיר. אין צימער איז געווען דונקעל. ווי זי האָט איהם דערזעהן, האָט זי ווידער אָנגעהויבען צו וויינען. מיט א בעפעהלענדע שטימע פון אַן על־טערען ברודער האָט ער איהר בעפוילען צו בערוהיגען זיך. ער האָט צוגעמאכט די טהיר, האָט זי מיט צערטליכקייט אנידערגעלעגט צוריק אויפ'ן געלעגער ווי א קינד, האָט אראָבגעצויגען די שיך פון איהרע מיעדע פיס און האָט זיך געבען איהר אנידערגעזעצט. זי האָט שטיל געוויינט, און ער האָט געגלעט איהרע ווייכע זיידענע האָאר.

— איהר, מאַזיע, זייט אויך פיעל אויסגעשטאנען די לעצטע טעג, האָט זי געזאָגט מיט א טיעפען געפיהל פון פריינדשאפט און דאנקבארקייט. זי האָט ווידער אָנגעהויבען צו וויינען הויך.

ער האָט זיך צוגעבויגען צו איהר און האָט שטיל געזאָגט: „פאר מיר, לידא, דארפט איהר ניט זאָרגען. נור איהר וויינט ניט... אייערע טרערען צוברעכען מיר דאָס הארץ". ער האָט גערעדט מיט א ווארעמע אויפריכטיגקייט, און מיט זיינע ליפען האָט ער אָנגעהויבען אָבצו־טרוקענען די טרערען פון איהרע בלאסע באַקען. אין צימער איז גע־וואָרען שטיל, און נאָך דונקעלער. זי איז געלעגען מיט אָפענע אויגען און האָט געטראכט, ווי גליקליך זי איז, וואָס זי האָט דאָ כאָטש איין פריינד אין דיעזער גרויסער, פרעמדער וועלט...

— אייך איז אזוי שווער צו אטהעמען... נאָך וואָס דארפט

מאַדאַם הואַ דע גראַנקאָורט האָט געפיהרט זעהר אַ זאָרגלאָזען לעבען. זי האָט געטראָגען טייערע קליידער, געגעבען בעלער, געטאַנצט... ווי זי האָט אָבער ערפאַהרען דאָס די גרעסטע טהייל פון איהר פערמע־גען איז פערשוואונדעט און זי וועט ניט קענען פיהרען אַ „טאַנצענ־דיגען" לעבען, האָט זי פערגיפטעט זיך און איהר איינציגע קינד, זעהר אַ שעהנע מיידעלע... זאָל בעסער מיין קינד שטאַרבען איצט, אַזוי האָט די מוטער געשריבען, איידער זי וועט דאַרפען אליין אַרביי־טען און פערדיענען מיטלען צום לעבען.

איינע אַ געוויסע לוסעטע דע באַרעזש איז געווען בעריהמט אין גאַנץ פּאַריז מיט איהרע טייערע קאָסטיומען, שאַצבאַרע ציהרונג, זעלטענע פערד, שעהנע קאַרעטען.. זי האָט געלעבט אַ גוטען טאָג ביז זי האָט געקענט קריגען אַלעס, וואָס איהר אויג האָט פערלאַנגט. זי איז געווען שעהן, קלוג, געבילדעט און האָט פערשטאַנען ווי אַזוי צו אַמוזירען די, וועלכע לעבען נור דערויף צו קריגען געלד, מיט וועל־כע זיי זאָלען קענען צאָהלען פאַר „גרויס-וועלטיגע" פערגעניגענס... ווי אָבער די שעהנע לוסעטע האָט דערזעהן, אַז זי קריגט שוין ניט אַזעלכע גרויסע סוממען, ווי זי איז געווען געוואָהנט, האָט זי זיך פערגיפטעט... דעם ערשטען מאָל האָט זי זיך פערגיפטעט מיט מאָרפיום. מע האָט זי געראַטעוועט. דעם צווייטען מאָל האָט זי גענומען אַ שטאַרקערען גיפט און איז אַוועק אַהין, וואו מע דאַרף ניט צאָהלען פאַר היט, פאַר שפּיצען, פאַר זיידענס, פאַר יואוועלען...

באַלד נאָך איהר האָט געפאָלגט אויף אַ גרויסאַרטיגע דאַמע פון דיעזען סאָרט, אַ געוויסע לעאַנטינע דע קאָורסי... דיעזע האָט גע־האַט געלד און האָט „געשפּיעלט אויף דער בערזע", אום לייכט, אָהן האָרעוואַניע און אָהן דאגות רייך צו ווערען. אויף דער בערזע, ווי גע־וועהנליך, האָט מען איהר געלד פערשווינדעלט און זי האָט זיך אריינ־געשאָסען אַ קויל אין קאָפּ אריין.

אַזעלכע טראַגעדיען שפּיעלען זיך אָפּ איצט זעהר אָפט אין די „הויכע פענסטער", ניט נור אין פּאַריז — אין אַלע גרויסע שטעט. דאָס לעבען, וואָס האָט ניט אין זיך דעם זינן און דעם צוועק פון לעבען, פיהרט אליין צום טויט.

———(—0—)———

# פערקעהרטע טראַגעדיען.

דער מלאך המות האָט די לעצטע צייט אָנגעהויבען זעהר אָפט קלאַפּען אין די „הויכע פענסטער". שרעקליכע טראַגעדיען ווערען אָבגעשפּיעלט אין די קרייזען פון די „גליקליכע" און אויסערוועהלטע פּאַריזער. אָבער די טראַגעדיען אין פערגלייך מיט די טראַגעדיען, וועלכע ווערען אָבגעשפּיעלט צווישען די ארעמע קלאַסען, דאַרפען בעצייכענט ווערען מיט דעם צונאָמען „פערקעהרטע". דעם ארבייטער טרייבט צו פערצווייפלונג און זעלבסטמאָרד נויט, מאַנגעל און הונגער, די גליקליכע טרייבט צו זעלבסטמאָרד איבערזעטיגקייט, איבערמעסיגקייט און די ליכטיגקייט מיט וועלכע זיי קענען קריגען אַלעס, וואָס זיי פערלאַנגען און וועלכע מאַכט זייער לעבען מאָנאָטאָן און לאַנגווייליג. דעם ארבייטער שרעקט דאָס, וואָס ער האָט ניט קיין ארבייט. די אויסערוועהלטע שרעקען זיך אויף טויט ווען זיי זעהען, אַז עס קומט זיי פּאָר צו ארבייטען. אַזעלכע פערקעהרטע טראַגעדיען שפּיעלען זיך אָפּ אין פּאַריז כמעט יעדען טאָג און זיי רופען ארויס אין „די הויכע פענסטער" אַ גרויסע מהומה. גראַפען, בּאַראָנען, גרויסארטיגע דאַמען, הויך־וועלטיגע קאָקעטקעס, געפּוצטע ליידיג־גייערס אומזיסטיגע טהע־טרינקערס מאַכען אַן ענדע פון זייער לעבען אקוראַט ווי די, וועלכע ליגען אונטער דעם יאָך פון ארמוטה און אונגליק.

ניט לאַנג האָט גאַנץ פּאַריז געקאָכט פון דעם זעלבסטמאָרד פון דעם בעריהמטען גראַף קאָיעטלאַיאָן. מיט עטליכע טעג צוריק האָבען פיער יונגע רייכע דאַמען בעשלאָסען אָהן אַ פּאַרוואָס, צו שטאַרבען מעלאָדראַמאַטיש. זיי האָבען זיך אָנגעטאָן אין די שעהנסטע קליידער, האָבען גענומען אַ צימער אין אַ רייכען האָטעל, האָבען געגעסען, געטרונקען, געזונגען ליעדער, מיט זידענדען שאַמפּאַניער האָבען זיי אריינגענאָסען אין זיך אַ שטאַרקען און גיכ־ווירקענדען גיפט און זיינען אַלע פיער געשטאָרבען אין שעהנע סצענישע פּאָזען.

פערגאָסענע בלוט צו די הימלען... אָבער די גוטע אַלטע צייטען זיינען פערביי און קיינער קומט ניט און זאָגט ניט, פערשעמט און דערשראָקען: „אָה, עס איז וואהר, מיין זינד איז גרויס, אונערטרעגליך", — ניין! אונפערשעמט, מיט'ן שרעקליכען שטעמפעל פון ברודער־מערדעריי און זיין קופערנעם שטערן לעבט יעצט קין פּריאנק און פריי אויף דער וועלט! ער וואנדעלט ניט אום נע ונד, פערקעהרט, ער הערשט און געוועלטיגט און טרעט פרעך מיט זיין פוס די מוטער־ערד, וועלכע איז בענאָסען מיט'ן בלוט פון זיין אייגענעם ברודער. אומזיסט שרייט יעצט הבל'ס בלוט צו די הימלען. קין בלייבט ביי זיינע ליגען און ער לאַכט גלייכגילטיג און פרעך: „חא! חא! חא! וואָס הארט מיך? יעדער איז פעראנטוואָרטליך פאַר זיך אליין. השומר אחי אנכי?

מיט גוטע געדאנקען, ריינע געפיהלען און ערהאבענע אידעאַלען קומט אָפּט צו אונז אונזער ברודער, אונזער מיטמענש, אונזער פריינד. ער איז בעגייסטערט מיט זיינע גרויסע אויפגאַבען, ענציקט מיט'ן גליק צו זיין נוצליך און צו לייסטען גוטעס פאַר זיין ברודער; זיינע אידעאַלען דאָס איז זיין בלוט, די געדאנקען, דער מארך פון די ביינער, זיינע שטרעבונגען, דאָס זיינען די בעוועגונגען פון זיין הארץ, זיינע ברידערליכע אבזיכטען דאָס איז זיין לעבען. וואָס טוען מיר, זיינע גרויזאַמע ברידער? מיר פערניכטען זיינע אידעאַלען, טויטען זיינע גוטע שטרעבונגען, ערמאָרדען זיינע עדעלע געפיהלען, מיר רויבען זיין גייסטיגעס לעבען, צושמעטערען גרויזאם זיין נאָבעלעס הארץ, טרעטען מיט די פיס דעם מארך פון זיין קאָפּ, פערגיסען גלייכגילטיג זיין בלוט אויף דער ערד און שטעלען אונזערע פיס אויפ'ן ערמאָרדעטען. אומזיסט דונערט און שטורעמט צו אונז די הימלישע שטימע פון גערעכטיגקייט; „קין, וואו איז דיין ברודער?" מיר לאַכען פרעך און בערוהיגען זיך מיט ליגען. דאָס בלוט פון אונזער אונגליקליכען נאָבעלען ברודער קלאָגט צו די הימלען און מיר געהען אום גלייכגילטיג מיט'ן שטעמפעל פון קין אויפ'ן שטערן. מיר ווערען ניט אנשוויגען — ניין! מיר ענטפערן מיט עזות: וואו מיין ברודער איז? חא, חא, חא! איך ווייס ניט, השומר אחי אנכי?

אזוי ווי שעהנע, צאַרטע בלומען צווישען דערנער, ערשיינען אמאָל צווישען אונז, ריינע, נאאיווע, אונשולדיגע מענשען. זייער

# קין דער ברודער מערדער.

נור צוויי ברידער זיינען געוועזן אויף דער וועלט — קין און הבל, די קינדער פון איין פאטער און מוטער. שעהן און פריי איז געוועזן די גרויסע וועלט און דאך האבען צוויי ברידער ניט געפונען גענוג פלאץ צוזאמען צו לעבען אויף דער ערד. קין האט ערמארדעט זיין איינציגען מיטמענש, זיין לייבליכען ברודער און מיט בלוט איז בעגאסען געווארען די מוטער־ערד.

און ווען א שטימע פון הימעל האט ערשאלט: „קין, וואו איז דיין ברודער?" האט דער מערדער געזוכט מיט ליגען צו פערלייקענען זיין פערברעכען און האט געענטפערט: „איך ווייס ניט, בין איך דען מיין ברודערס וועכטער — השומר אחי אנכי? און די שטימע פון הימעל האט ווידער ערשאלט, און קין האט דערהערט די ביטערע ווערטער: „וואס האסט דו געטאן, אונגליקליכער? דאס בלוט פון דיין ברודער יאמערט דאך צו מיר פון דער ערד!"

דער מערדער איז געווארען פערשעמט, פון קיין ליגען האט ער מעהר ניט געוואגט צו דענקען, און ער האט מודה געווען זיין זינד און האט געזאגט: „אה! עס איז וואהר מיין זינד איז גרויס, אונערטרעגליך..." און מיט א שטעמפעל פון א ברודער מערדער האט געוואנדערט קין זיין לעבענלאנג אויף דער ערד און ער איז גע נע ונד ביז'ן טויט. ער האט געשוויגען, ער האט ניט געוואגט מעהר צו פרעגען: השומר אחי אנכי?

פיעלע, פיעלע טעג זיינען אוועק פון דער צייט, זינד די שעהנע ביבלישע לעגענדע איז געדיכטעט געווארען און יעדען טאג ווערט די מוטער־ערד בעגאסען מיט ברודער־בלוט און יעדען טאג הערען מיר דעם פרעכען ליגען פון די מערדער: איך ווייס ניט, וואו מיין ברודער איז, השומר אחי אנכי? און יעדען טאג קלאגט און יאמערט דאס

זעהען מיר פלעקען בלוט, וואָהין מע קעהרט זיך און מע װענדט זיך הילכט אין די אויערן דער ביטערער געשריי און געוויין, דער יאָמער און קלאָג פון דעם ברודער׳ס בלוט, און קין פרעסט און זויפט, ווינקט מיט פרעכהייט און ציניזמוס צו די הימלען און לאַכט: חא, חא, חא! גון, וואָס בין איך שולדיג? השומר אחי אנכי?

דער הימעל שווייגט און די ערד אליין הויבט אָן צו פרעגען; „קין, וואו איז דיין ברודער?" איבער ימים און טייכען, איבער בערג און טהאָלען ערשאַלט אַ מעכטיגע שטימע: „קין, וואו איז דיין ברודער?" דורך די אייזערנע גראַטעס פון אַסטראָגען, דורך די שטיי־נערנע ווענט פון קאַזעמאַטען דרינגט דורך אַ פראַגע: „קין, וואו איז דיין ברודער?" דורך מאַרמעלנע ווענט פון פּאַלאַסטען און די גראַניטע קאָלאָנען פון שלעסער טראָגט זיך אַ בת קול: „קין, וואו איז דיין ברודער?" דורך דער געהיימניס און בעטרוג, דורך די ליגען און פאַלשקייט, דורך עלענד און נויט, דורך די זיפצען און טרערען קלינגט די מעכטיגע שטימע: „קין, וואו איז דיין ברודער?" דורך די פינסטערניס און עלענד, דורך די שווארצע טהאַטען און פערצווייפלונג שלאָגען זיך דורך שטראַהלען פון ליכט און וואַרהייט און פיעלע פאַנ־גען אָן צו פרעגען: קין, וואו איז דיין ברודער? די צייט קומט ווען מע וועט ניט וואַגען מיט פרעכהייט צו ענטפערן: חא! חא! חא! השומר אחי אנכי! די צייט קומט, ווען אַלע, מוזען ענטפערן פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע!... און אויף דער פראַגע: וואו איז דיין ברו־דער? וועט יעדער ענטפערן: איך וויים, וואו מיין ברודער איז, וואַ־רום דער וועכטער פון מיין ברודער בין איך און דער וועכטער פון מיר איז מיין ברודער. שומר אחי אנכי!...



ליעבע צו אונז איז ריין ווי קריסטאָל פון די בערג, זייערע געפיהלען זיינען וואהר ווי די ווארהייט אליין. זיי פערשטעהען ניט קיין פאַלש־קייט, ווייסען ניט פון קיין פערשטעלונג, האסען יעדע אונ־אויפריכטיג־קייט, זיי דענקען אזוי ווי זיי פיהלען און זאָגען דאָס, וואָס זיי דענ־קען. זיי ברענגען אונז מיט פרייד צו א קרבן די אמת'ע ליעבע. צו־טרוי און איבערגעבענהייט. און מיר? מיר צוטרעטען מיט די פיס דיעזע צארטע בלומען, מיר פערגיפטען מיט ציניזמוס און געמיינ־הייט זייער רייכע געפיהלען, מיר בעשמוצען זייער אונשולד, פער־שפאָטען זייער טרייהייט און צוטרוי. ווען זיי זאָגען אונז די ווארהייט, פערוואַרפען מיר זיי מיט שטיינער. מיר ערמאָרדען זיי ווייל זיי האר־מאָנירען ניט מיט אונז. מיר פערגיסען זייער אונשולדיג בלוט, ווייל מיר פערטראָגען ניט אלעס וואָס איז העכער און בעסער פון אונז. וואָהין איהר ווענדעט אייער אויג איז מיט זייער בלוט בעגאָסען און פערפלעקט די מוטער־ערד! צו די הימלען שרייט און קלאָגט זייער אונשולדיג בלוט און יעדער פון אונז האלט די הענד אין די פאקעטס און לאכט קאלטבלוטיג: „וואָס ווייסען מיר, ווער עס האָט דיעזע נאַ־איווע נאררען ערמאָרדעט? חא! חא! חא! פאר דער גאנצער וועלט זאָרגען? השומר אחי אנכי?

ברויט בעט הבל ביי זיין ברודען קין און ער גיט איהם א שטיין. ער פאָרדערט גערעכטיגקייט און קין רויבט דאָס לעצטע וואָס ער האָט. ער פרעגט ביי זיין ברודער אן עצה וואָס צו טאָן און קין פיהרט איהם אין פינסטערען וואלד. ער דערצעהלט איהם פון מיטלייד און ברודער־ליעבע און קין צאָהלט איהם מיט פערראטה און מאָרד. מיט'ן שטעמפעל פון ברודער־מערדעריי לעבט קין א גוטען טאָג אויף דער וועלט און הבל, געביך, וואנדערט אום נע ונד. — מיט טרערען, מיט שוויים און מיט בלוט בעגיסט אונזער ברודער די ערד און די מער־דער בערוהיגען די הימלען מיט ליגען און בעטרוג. קלאָגען און זיפ־צען שטייגען ביז די וואָלקענס, דער קלאנג פון קייטען הילכט איבער דער גאנצער וועלט, מאָרד־טהאטען ווערען אויסגעפיהרט אָפען און פריי, מיט בלוט איז אָנגעטרונקען די ערד פונ'ם לאנד־ארבייטער, מיט בלוט זיינען בעגאָסען אלע מאשינען און רעדער, מיט בלוט זיינען בע־שפריצט די אייזענבאהנען און וועגען, מיט בלוט זיינען אויסגע־פארבט אלע געביידעס און מאָנומענטען, אויף יעדען שריט און טריט

רעמע קאַלדרעס איז שוין לאַנג קיין זכר ניט געבליבען. „שיר השירים" האָט געזונגען דער זומער, דער ווינטער זינגט: „איכה ישבה בדד" דער זומער איז אוועק.

אוועק דער שעהנער זומער. באַלד וועלען קומען די דונקעלע, נע־בעלדיגע טעג, מיט די אונענדליכע רעגענס... א גאַנצען טאָג וועט קלאַפּען דער רעגען אין פענסטער, די קעלט וועט אומלויפען אין די בעד רומס, דער דלות וועט שפּאַציערען איבער'ן פראָנט רום, דער „קבצן" וועט זיך וויעגען אין דעם דורכגעריבענעם ראָקענטשער און פון דער טירעל פון מענטעל פּיס וועט פייפען דער ווינד. א נייע מוזיק פאַנגט זיך אָן אין שטוב — א גאַנצען טאָג הערט זיך, מע הוסט, מע אטהעמט שווער פון א פערקילטע ברוסט, מע זיפצט. דער זומער איז אוועק.

דער זומער איז אוועק. עס קומען די לאַנגע ווינטער נעכט, דער „מענש" וועט האָבען גענוג צייט צו רעדען פון אַנדערע און צו דענ־קען... זעהר ווענינ פון זיך אליין. עס וועט זיין גענוג צייט איבערצו־צעהלען אַלע פרעמדע חטאים און צו בערעכענען די זינד פון אַלע בע־קאַנטע... דער געדאַנק וועט שוין האָבען ארבייט צו שפּילען אין „66", צו מאַכען א פינאַקעל פּאַרטי מיט א „פישי פּוישען"... איהר הערט? דער ווינד רייסט דעם לאָדען, קלאַפּט און יאָמערט. דער ווינטער קומט, דער דלות רוקט זיך צו נעהענטער, די וועלט ווערט העסליכער, די געדאַנקען ווערען טרויעריגער. דער זומער איז אוועק.



# דער זומער איז אוועק.

(ניט פּראָזע און ניט פּאָעזי).

---

דער זומער איז אוועק. די הייסע, ליידענשאפטליכע ליעבע פון דער ליכטיגער זונן איז אָבגעקיהלט געוואָרען — זי דערווייטערט זיך פון אונז. די שעהנע טעג זיינען פערביי, עס קומען דונקעלע, וואָלקענדיגע, אונמוטהיגע טעג און לאנגע קאלטע נעכט. דער לייכטער, שטיפענדער ווינטעלע האָט זיך פערבאָרגען, זיין פּלאַץ האָט פערנומען אַ מעלאנכאָלישער קאלטער ווינד מיט זיין אונענדליכע און מאָנאָטאָנע טרויער ליעד, דער זומער איז אוועק.

דער זומער איז אוועק. בלויע הימלען האָבען זיך פערצויגען מיט אַ שווארצען מאנטעל פון אַן אבל. געלע פערוועלקטע בלעטער רוישען אונטער די פיס. די בוימער אין די פּארקען האָבען אראָבגעוואָרפען פון זיך די יום־טוב׳דיגע קליידער פון גרינעם סאמעט און ווייזען אויס אזוי אָרעם און עלענד, די שעהנע פּאָעטישע נעכט זיינען פערשוואונדען. עס זיצען שוין ניט פערליעבטע פּאָרלעך אויף די ביינק אינ׳ם שאטען, עס הילכט ניט דאָס ליעד פון דעם נאכטיגאל. אַ קאלטער, בייזער ווינד שטורעמט און רוישט, רייסט נאקעטע צווייגען, לעגט לאנגע דינע קנייטשען אויף די פערקילטע וואסערען. דער זומער איז אוועק.

די פּאָעזי פונ׳ם זומער איז אוועק, עס קומט די פּראָזאַ פונ׳ם ווינטער. די שעהנע, ליכטיגע טעג זיינען פערגאנגען, עס קומען די שרעקליכע ימים נוראים. טרו! טרו! איהר הערט? דער דלות בלאָזט שופר. עס ווערט ונתנה־תוקפ׳דיג אויפ׳ן הארצען. די קינדערלעך דארפען האָבען גאנצע שיכלעך, ווארעמע קליידעלעך. מע דערמאָנט זיך פון הייצונג און אַ קאלטער שוידער געהט איבער אלע ביינער. דער ווינטערדיגער פּאלטאָ איז פער׳משכונ׳ט אין פּאון שאפּ, פון די וואַ־

גערױנקען קריכען אין קאָפּ אַרײַן, טרױעריגע אַבזיכטען קוקען צו מיסטער אברהמזאָהן רײַהען־װײַז, ער קעהרט זיך אױף אַלע זײַטען, קרעכטשעט, זיפּצעט, דער קאָפּ װערט װי פּערדולד, ער זינקט...

.2

שש !... פּאַרזיכטיג, לאַנגזאַם גנב'עט ער זיך אַראָפּ פון בעט... ער הערט מיט זײַנע אױערן יעדער קלאַפּ פון זײַן האַרץ... אַ פּוס האָט זיך אַ גליטש געטאָן און פּערטשעפּעט אַ בענקעל, ער בלײַבט שטעהן אַ טױט דערשראָקענער און הערט זיך צו, זײַן גאַנצער קערפּער ציטערט װי אין אַ קדחת... שטיל ! אַלע שלאָפען...

די טהיר פון האָל האָט אַ סקריפּע געטאָן. ער געהט אױף די שפּיץ פינגער מיט די טרעפּ אַראָפּ... אין זײַנע הענד אַ פלאַש מיט קעראָסין, עטליכע פּײַפּערס, אַ באָקס מיט פאַרלאָר מעטשעס... די פיס האַקען זיך אונטער, דער אָטהעמט פּערכאַפּט. ענדליך, דאָס איז די טהיר פון בײַסמענט. פינסטער !...

אי ! װער האָט עס אַ גלאַנץ געטאָן מיט די אױגען ? װער האָט עס אַ שפּרונג געגעגעבען, אַזאַ קלאַפּ ? ... דעם הױז־קיפּערס קאַץ ? ... פּוס ! שש !... אַ מעטש טרעשצעט... אַ קלײן פײַערל ניט אַ פלאַם... ער געהט װײַטער... פּאַפּיער ברענט... באַלד װעט אַ פלאַקער טאָן דער קעראָסין ..

שטיל ! אַלע שלאָפען רוהיג װײַט, אונטען קנאַקט עטװאָס און רױשט... אַ װאָלקען מיט רױך ציהט זיך לאַנגזאַם איבערן האָל. װאָס איז דאָס ? מען קלינגט שטאַרק אין אַלע גלעקלעך... מען קלאַפּט אין טהיר... פײַער ! פײַער ! שרײַען פערצװײפעלטע מענשען... פיעל מענשען לױפען, מען פאַלט, מען קלאָגט... פײַער־לײַטע קור־מען, דער ליאַרעם־גלאָק קלינגט !... פײַער ! פײַער !

עס האָט ערשט אָנגעהױבען צו טאָגען, עס איז נאָך פינסטערליך און אױף דער שטראַסע לעבען זײַן הױז שטעהט אַזאַ מענגע מיט נײַ־גיעריגע מענשען... װי טרױעריג זײַן הױז זעהט אױס ! אַן אמת'ע חורבה : די פענסטער אױסגעשלאָגען, די טהירען פערברענט, די װענט אײַנגעפאַלען.

— דאָס איז דער לענדלאָרד, זאָגט אײנער צום צװײטען...

# די שרעקליכע נאַכט.

.1

ר׳ יעקב בר"ב יצחק אברהמזאָהן קען ניט אנשלאָפען ווערען. זיין מיסעס שלאָפט לעבען איהם ווי א גע׳הרג׳עטע, איהר מויל איז ווייט אָפען און דער נאָז פייפט א שטורעמדיגע מעלאָדי, אין נעבסטען צימער „קיקען" די קינדער אָפט מיט די פיס און אטהעמען רוהיג און רעגעלמעסיג אויפ׳ן אנדערען פלאָר סקריפּעט א בעט און אימיצער בורטשעט פון שלאָף — מר. אברהמזאָהן, קען ניט אנשלאָפען ווערען.

די גאַנצע נאַכט באַרשאַפט רעכענט ר׳ יעקב אברהמזאָהן פיר א רייכען מענשען, ער האָט אַן אייגען הויז, טראָגט א רינג מיט דימאַנטען, אין זיין שמוציגע פערשוואַרצטע ווייסע אויבערהעמד שטעקט א שפּילקע מיט א דיאַמאַנט, גרויס ווי אַן ארבעס. ער איז פּרעזידענט אין א שוהל, א טראַסטי און דער לאָדזש „אנשי לפיכך לא אחדל אביון", וועלכע געהערט צום גרויסען בעריהמטען אָרדען „בני סנפּיר וקשקשת"... האָט א רונדען בייכעל, רעדט מיט א טרומפּעטער באַס שטימע און האָט א מיסעס, וועלכע וועגט 270 פונט. מיט איין וואָרט: מען האַלט איהם פאַר א נגיד, מען גיט איהם כבוד און מען איז איהם מקנא — און ער, נעבעך, שלאָפט ניט.

ער שלאָפט ניט, ווייל זיינע געשעפטען געהען שלעכט. קיין געלד איז ניטאָ, אויף די רייסעס גליקט ניט, דאָס הויז איז „פּערמאָרטגיידזשט", חובות איבערן קאָפּ און די צייטען זיינען שווער. אמאָל האָט מען געקענט אריינכאַפּען, אריינהעצקען, אָנבלאָפען, אָבשערען א גרינעם, אָנפייפען א גלויביגען אמעריקאַנער — יעצט איז אַלעס ווי אָבגעשניטען. א כאָלעריע זאָל אויף זיי קומען! יעדער וויל שווינדלען און קיינער וויל ניט בעשווינדעלט זיין!

דער זיינער שלאָגט צוויי. פערשיעדענע פּלענער און נאַררישע

# די וואַהרע ליעבע.

(עטיוד)

.1

ער האָט זי געליעבט, זי האָט איהם געליעבט. עס איז אַזאַ געוועהנליכע זאַך, עס איז די געטליכע ליעבע! מע זעהט עס ניט זעהר אָפט, אָבער הערען — הערט מען דאָס אויף יעדען שריט און טריט.

מע זעהט ניט די ליעבע, ניט דערפאַר ווייל די ליעבענדע שעמען זיך ארויסצוטראָגען אויף דער גאַס זייער ליעבע. היינט שעמען זיך ניט מענשען צו „אַדוועטייזען" די הייליגסטע געפיהלע... אָבער דאָס, וואָס איז ניטאָ קען ניט ארויסציינען, דערפאַר הערט מען אָבער ווי מען רעדט ווערטער. ער זאָגט: „איך ליעב דיך פון טיעפען האַרצען" און געהט זוכען פערגעניגען אויף דער בויערי. זי זאָגט „דו ביסט מיין נשמה" און ווינקט מיט'ן אויג אויף אַנאַנדער זייט, רעדען און פיהלען זיינען צוויי בעזונדערע זאַכען.

און דאָך „זי" די זי פון אונזער ערצעהלונג האָט געליעבט, גערעדט וואָס געפיהלט און געפיהלט, וואָס גערעדט.

— האָסט דו עטוואָס געלט? פרעגט ער. זי ארבייט אין אַ שאָפּ אַ גאַנצע וואָך און שבת גיט זי איהם אָב איהר גאַנצען פערדיענסט, מיט פרייד, מיט פערגניגען אָפּפערט זי איהם איהר ארבייט, איהר טרייהייט, איהר ליעבע, איהר גאַנצעס לעבען, ער נעהמט איהרע שוועַרע קרבנות, ווי אַ זאַך, וואָס קומט איהם. ער צאָהלט איהר פאַר איהר ליעבע מיט טענות, מיט גראָבהייטען, מיט אייפערזוכט. זיין שקלאַפין איז זי. לאַכט זי, קריינקט עס איהם, זי טאָר זיך ניט פרייען, זי דאַרף איהם נור דיענען. וויינט זי איז ער אונצופריעדען, זי דאַרף איהם אַמוזירען. רעדט זי ניט מיט קיינעם, איז ער בייז, זי דאַרף זיין מיט אייניגע בעקאַנטע פריינדליך. מאַכט זי שפּאַס מיט זיינע פריינד ווערט ער משוגע פון אייפערזוכט. נור מיט איהם דאַרף זי רעדען, מיט איהם מאַ-

אונגליקליכער! זיינער א באַי פון דרייצעהן יאָהר איז פערברענט געוואָרען... ערשט געענדיגט גרעמער סקוהל... און אַן אַלטע אי־דענע טאָפּ־פלאָאָר איז דערשטיקט געוואָרען...

און דערצו נאָך איז זיין ווייב פון זינען אראָב... מען האָט זי ערשט גענומען אויף אַן אמבולאַנס...

ר׳ יעקב בר״ב יצחק אברהמזאָהן שטעהט ווי דערשראָקענער און הערט וואָס מען רעדט. אָך! עס איז וואהר. זיין קינד, זיין באַי, זיין געשיקטער, פעהיגער באַי לעבט ניט מעהר... זיין פרוי איז אין בעלוויו האָספּיטאַל, פיער פּאָליסלייט האָבען זי קוים געקענט נעהמען: זי איז אומגעלאָפען וו א פערווירטע און געשריען: פייער! פייער!...

און די אַלטע רבקה פון טאָפּ פלאָאָר איז אויך טויט. דריי נפשות! און וואָס? די אינשורענס קאָמפּאני גיט דען באַלד געלד? מען וועט אָנפאנגען אונטערזוכען, פרעגען, נאָכקוקען... אַלץ קען ענטדעקט ווע־רען און נאָכדעם געריכט, פּריזאָן!

— דאָ קומט די פּאָליציי! שרייט איינער. מיסטער אברהמזאָהן וויל זיין קאַלטבלוטיג. ער וויל זיך ניט שרעקען, און דאָך הויבען אָן ציטערען זיינע הענד און פיס, ער פיהלט, ווי ער ווערט בלאַס, א קאַל־טער שוויים בעדעקט זיין געזיכט... ער וויל זאָגען, אז ער פיהלט איבעל און קען ניט... פיער דיקע פּאָליסלייטע מאַרשירען ארויס אין טאַקט, נאָך זיי געהט אליין דער קעפּטען. ער קוקט אויף איהם בייז... זיי ווייסען שוין אַלעס, זיי געהען נאָך איהם...

— וועה איז מיר! וועה איז מיר! גיט ער ענדליך א געשריי ניט מיט זיין קול... און... כאַפּט זיך אויף פון זיין שווערען שלאָף... ער קוקט ארום זיך ערשטוינט און פערוואונדערט.

— וואָס איז, משוגענער? גאָט איז מיט דיר! זאָגט זיין אידע־נע און קעהרט זיך אום צו איהם מיט אַלע איהרע 270 פונט...

— א פינסטערע נאַכט! א שרעקליכע נאַכט!... מורמלען זיי־נע בלאַסע ליפּען און זיינע אויערען הערען, ווי זיין געליעבטער באַי טוט אָן די שיך אין נעכסטען צימער און פייפט הויך: „אָנלי וואַן גוירל״....

——(—0—)——

# צווישען צוויי שפּיגלען.

שטיל. איינס שלאָגט דער זייגער. רוהיג איז געוואָרען אין גרויסען טענעמענט הויז, זעלטען גיט א קלאַפּ די טהיר פון האָל און עס הערען זיך האלב לויטע אזוי ווי פערשלאָפענע גלעקלעך פון דער שפּעטיגע „קאר", ווייט ערגעץ לויפט דורך א'ן עקספּרעס מיט א גערויש איבער די שטיינער פון דער גאַס און עס ווערט ווידער שטיל.

זי זיצט אליין פאַר איהר און הינטער איהר שטעהען צוויי שפּיגלען, אין מיטען א קליין טישעלע מיט צוויי וועקסענע ליכט. דאָס הארץ ציטערט, דאָס בלוט לויפט שנעל איבער די אָדערען, אין קאָפּ קלאַפּט עס ווי מיט א קליין האַמערעל: טיק! טיק! טיק! טיק! טס! וואָס איז דאָס? זי האָט א זיפץ געטאָן? אין בייסמענט האָט א'ן ערשראָקענעס קינד א וויין געטאָן פון שלאָף און די מוטער זאָגט שטיל: „נאָט איז מיט דיר!" איבער'ן טראָטואַר קלאַפּען הילכיגע טריט און אימיצער פייפט „עני רוני" און אלעס ווערט ווידער פערשטאָרבען...

א שאָטען לעגט זיך אויף'ן וואנד... די ליכט ברענען דונקעלער, עפּעס האָט זיך אזוי ווי א ריהר געטאָן אין שפּיעגעל, א שוידער געהט איהר איבער'ן גאנצען קערפּער, דאָס הארץ וויל זיך ארויסרייסען, קומט דאָס שוין די שרעקליכע מינוט? ווער „ער" באלד ערשיינען? וועט זי איהם דערזעהן?

נעווים וועט ער ערשיינען! ער מוז קומען, דען זי האָט געטאָן אלעס, ווי די אלטע מיסעס האָט איהר נעלערענט: „שבת צו נאכט, נאָך צוועלף אוהר, צווישען צוויי שפּיעגלען, צוויי וועקסענע ליכט... זיטצען אזוי לאנג און קוקען ביז ער וועט ארויסטרעטען... קומט ער אין ווייסען, איז עס א צייכען, אז ער איז לאנג געשטאָרבען. קומט ער אין שווארצען — לעבט ער, דער שלעכטער מענש. וויל מען ער זאָל זיך אומקעהרען — זאָגט מען: משה, איך רוף דיר אהיים! וויל מען

כען שפאסען, איהם דיענען, איהם זיך אפפערען. ער איז פאר איהר דאס גאנצע לעבען...

ער איז איהר הערשער, איהר דעספאט, איהר טיראן און זי איז זיין שקלאפין, זיין דיענסט, זיין אייגענטהום.

וואס שטארקער איהר ליעבע איז, דאס גרעסער איז זיין גראב־הייט, וואס גרעסער איהר איבערגעבענהייט, דאס מיאוס'ער איז זיין אייפערזוכט...

.2

דער מאנאט אפריל איז געקומען. די נאטור האט זיך ערוואכט פון איהר לאנגען שלאף, די בוימער בערעקען זיך מיט גרינע בלעטלעך... אלעס בליהעט ארום זיי און איהרע רייגע געפיהלע בליהען אויף נאך שטארקער אין איהר גוטען הארצען... און ער? ער קויפט פאר איהר געלד א רעוואלווער, ווארפט זי צו דער ערד ווי א ווילדער און פרעגט זי: „ווענען האסט דו ליעב?" ער גלויבט ניט איהר גוטען בליק, גלויבט ניט איהרע גוטע ווערטער. ער דענקט ניט, ער פיהלט ניט. דאס געוועהר איז אין זיין האנד און ער ציעלט איהר גלייך אין האר־צען....

די אונגליקליכע פאלט א פערוואונדעטע, דערשראקענע. מענ־שען רינגלען זיי ארום, דער פאליציסט שטעהט מיט'ן קלאב, און אויף איהרע ליפען שפילט א גוטער שמייכעלע, זי האט ניט קיין טענות — זי ליעבט... — וואס איז דארט אזוי? שעפטשען איהרע בלאסע לי־פען... עס טרעפט זיך דען ניט אז א רעוואלווער שיסט אויס אונ־גערן?... וואס ביסט דו שולדיג? זי רופט איהם צו מיט איהר שוואכע שטימע, אומארעמט איהם מיט איהרע ציטערענדע הענד, דריקט איהם צו איהר הארצען, קוסט די האנד, וועלכע האט זי פער־וואונדעט, וויעדערהאלט צום טויזענדען מאל: „איך ליעב דיך" און טרערען פליסען שטיל פון איהרע אויגען. „גלויבסט דו מיר ניט"?... פרעגט זי שטיל.

ער שטעהט א געריהרטער, א דערשראקענער, אן איבערראשטער. ער הערט וואס זי רעדט. פיהלט וואס זי זאגט, פאנגט אן צו פערשטעהן וואס זי פיהלט — און ער גלויבט!... ער וויל גלויבען, אבער עס איז שוין צו שפעט...

———:———

* * *

שטיל. דער זייגער שלאָגט דריי. אַללעס שלאָפט אין גרויסען טענעמענט הויז. זי שלאָפט ניט. מיט שטילע טריט געהט זי אום איבער'ן צימער און איהרע בלאַסע ליפּען שעפּטשען: געשטאָרבען! געשטאָרבען מיין משה! די ליכט האָבען לאַנג אויסגעברענט און זייי־נען פערלאָשען געוואָרען. אַלעס איז פערזונקען אין דונקעלהייט... מאָרגען וועט אַן אַמבולאַנס אַוועק פיהרען אויפ'ן שווארצען אינזעל די יונגע פרוי, וועלכע איז אין איין נאַכט גרוי געוואָרען, איהרע קינ־דער וועט מען אַוועק פיהרען אין דעם הויז פון יתומים . . . און משה... וואו איז משה דער אפּרייטאָר?



ער זאָל שטאַרבען באַלד דאָרט וואו ער איז — פאַרלעשט מען אַ ליכט". יאַ, זי געדענקט גוט. זי גלויבט און ערוואַרטעט איהם. זי ווייס, אַז די אויפגעקלערטע לאַכען פון אַזעלכע זאַכען, אָבער זי לאַכט ניט. אַ פרוי, וועלכע האָט אויסגעוויינט אַלע איהרע טרערען, וועלכע האָט פערלאָרען אַלע איהרע האָפנונגען, וועלכע האָט שוין פערספּענדעט אַלע איהרע קרעפטען — אַזאַ פרוי לאַכט שוין ניט פון קיין זאַך אין דער וועלט.

יאַ, זי געדענקט אַז נאָך גאָר ניט לאַנג איז זי געוועזען יונג, געזונד, יעצט איז זי קראַנק, פאַר דער צייט פאַרעלטערט. ער האָט זי אַוועק געוואָרפען מיט צוויי קינדער... נויט! הונגער! בזיונות! זי האָט איהם געזוכט, גערופען, געוויינט גאַנצע נעכט און געוואַרט... געדרוקט אין אידישע צייטונגען, ווער ווייס פון אַ הויכען יונגען מאַן משה אַן אפּרייטער... ער איז ניט געקומען...

ענדליך אָבער וועט זי איהם זעהן, ער וועט זיך באַווייזען אין שפּיגעל, ער וועט קומען צו איהר — אָבער גאָטעניו! גאָטעניו! ניט אין ווייסען! ניט אין ווייסען!

אָבער שש! ווער אָטהעמט עס אַזוי שווער? אַזוי ווי אַ גרינג ווינטעלע שוועבט איבער'ן צימער. די פייערלעך פון די ליכט האָבען אָנגעהויבען צו ווינקען. זי מיינט אַז דאָס גלאָז פון די שפּיגלען רוקט זיך אָב פון איהר און זי זעהט אַזוי ווייט... ווייט... וואָס איז דאָס? צוויי פייערלעך טרעטען אַרויס פון דער דונקעלער ווייטקייט... זיי באַוועגען זיך, זיי שווימען, זיי קומען נעהענטער! דער אָטהעם האַקט זיך איבער פון שרעק, דאָס הארץ האָט מורא זיך צו ריהרען, די אויגען בלייבען שטעהן אומבאַוועגליך, אַלע גליעדער ווערען פערקיהלט... נעהענטער, נעהענטער שווימען די פייערלעך, זי הערט אַ שטילען זיפץ... אוי וועה! זי זעהט אַ ווייסען שאָטען... האָט זי געהערט דעם זיפץ, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסען פון איהר איינגענע ברוסט? האָט זי געזעהען איהר אייגענע ווייסע קלייד? ניין! זי צווייפעלט ניט: דאָס איז געוועזען ער... משה! אין ווייסען... ער האָט אַ זיפץ געטאָן, איז פערשוואונדען געוואָרען... געשטאָרבען! געשטאָרבען דער, וועמען זי האָט ערוואַרטעט צו זעהן... פערלאָרען! פערלאָרען אויף אייביג: אומזיסט וועט זי רופען: קעהר זיך אום צו מיר!... ער וועט שוין ניט קומען.

לאנד, וואו ער שטעהט אויפ'ן ברעג און ערוואַרטעט זי.

ערוואַרטעט ער זי? געוויס, זיכער, אָהן צווייפעל. זי ווייס דען ניט ווי היים זיין ליעבע איז געווען? האָט ער איהר דען ניט געשריעבען אזעלכע פייערדיגע בריעף? האָט ער דען ניט געבעטען רחמים זי זאָל קומען צו איהם? האָט ער איהר דען ניט געשריבען די וואָרהייט, דאָס ווען ער זאָל שוין יא וועלען זי פערבייטען, האָט ער ניט אויף וועמען, די אמעריקאַנער מיידלעך עסען צופיעל קענדי, טאַנצען צו לאַנג אין די טאַנץ־קלאַסען און שטעהען צו שפּעט אין די „האָללען" מיט זייערע „פעללאָוס"... אָבער וואָס געהט איהר אָן, וואָס איז דאָרט פאר „האָללען" מיט „פעללאָוס", אז דאָס הארץ זאָגט איהר בעסער פון אלע בריעף, ווי טריי ער ליעבט זי?

דער דאַמפּפער געהט ווייטער און די גליקליכע אמעריקאַ רוקט זיך צו נעהענטער און נעהענטער... ים פויגלען שוועבען שוין אין דער לופטען, שיפען בעגעגענען זיך עפטער, אלע מענשען אויפ'ן שיף זיינען געוואָרען לעבעדיגער, אנדערע זאָגען זיי זעהען שוין א שוואַרצען פּינטעל ווייט, ווייט...

לאַנד! לאַנד! אמעריקאַ!

## 2.

ער האָט זי בעגעגענט אין קאַסעל־גאַרדען. אויסגעפּוצט ווייא דזשענטעלמען... מיט האַנדשוה, מיט א שעהנעם שטאָק... מיט א דיעמאַנטענעם רינג אויפ'ן פינגער... ער איז אזוי שעהן געוואָרען... אָבער וואָרום האָט פּלוצלונג א וואָלקען פערדעקט די זונן פון איהר גליק? וואָרום האָט זיך א קאַלטער שטיק אייז געלעגט אויף איהר הארצען? ער איז דאָס? ווען ער איז געווען מיט א בערדיל האָט זי ניט געזעהן אזעלכע צוויי אונסימפּאַטישע שטריכען לעבען זיינע ליפּען... ער איז נאָך שעהנער, אָבער אין דער שעהנקייט ליגט עפּעס א העס־ליכקייט, וועלכע זי פיהלט און קען זיך ניט ערקלערען... דעם קאָפּ האַלט ער אזוי שטאָלץ און קוקט אזוי פרעך... אך! זי האָט געציטערט, געברענט, מיט אונגעדולד ערוואַרטעט דיעזע מינוט... און... און... איז דאָס ווירקליך ער?

ער האָט אויך געפרעגט דיזעלבע פראַגע: איז דאָס זי? די

# ער איז דאָס?

(א סיוזשעט פאר א ראָמאן.)

.1

„וויין ניט, שיינדיל, דער מענש איז שוין אזוי בעשאפען: ער פערלאָזט פאָטער און מוטער און פעראייניגט זיך מיט זיין בעשערטען זיווג. זאָל זי זיין אין אמעריקא גליקליך און מיר וועלען פון דער ווייטען הערען גוטע בשורות און פרעהען זיך. טאָכטער מיינע, פערגעס זשע ניט אָן אונז... דו זעהסט ווי די מאמע וויינט!..."

די ווערטער האָט געזאָגט דער פאָטער, די מוטער האָט ביטער געוויינט און די יונגע טאָכטער האָט געזאָגט צום לעצטען מאָל „זייט געזונד" און איז אריין אין וואגאָן. איהר איז געוועזען שווער צו שיידען זיך פון איהרע עלטערען. זי איז געוועזען א בת יחיד'קע, א געליעבטע, א פערצויגענע, אָבער קיין אמעריקא האָט איהר געצויגען א קראפט, וועלכע איז שטארקער פון קינדער ליעבע. דאָרטען איז ער... דער גרויסער צויבערנער, וועלכער האָט פון איהרע רויטע ליפען אראָבגעגנב'עט דעם ערשטען, אונשולדיגען, ריינעם קוס, דער, וועמען זי האָט אין דער שטיל מיט א ציטערענדע שטימע געזאָגט: איך ליעב דיך! און זי פאָהרט אין אמעריקא.

עטליכע טויזענד מייל איז א קלייניגקייט, ווען מען ליעבט טריי און איבערגעגעבען. וואָס בעדייטען די אונאנגענעהמליכקייטען פון דער רייזע, ווען מען שטרעבט צו א געוויסען ציעל, צום גליק פון לעבען? און זי איז געוועזען רוהיג און זאָרגלאָז. פון דעם גרויסען דאמפפער האָט זי זעהר זעלטען געקוקט צוריק, וואו איהרע ליעבענדע און עלענדע עלטערען זיינען געבליבען. זי האָט געקוקט נור פאָראויס. זי האָט מיט אונגעדולד ערוואַרטעט, ווען וועט זיך שוין בעווייזען יענע שעהנע

# די באַשערטע.

(א נאָוועלע אין דריי טהיילען).

---

## ערשטע טהייל.

שלמה מאיר באַלעמבוך איז געבאָרען געוואָרען אין א שטעטעל וואָס איז געווען ניט אין גאַנצען זאַמוט און ניט אין גאַנצען פּוילען און ניט אין גאַנצען קורלאַנד. דערפאַר האָט ער גערעדט רוסיש ווי א דייטש, פּויליש האָט ער געקענט ווי א רוס און דייטש ווי א גוטער זשמודיאַנער . . .

אַז מען קען דריי שפּראַך און מען האָט נאָך דערצו א פּיינע האַנדשריפט, און מען קען שרייבען אַן אַדרעסע ווי א קינסטלער, מאַכען א חתימה מיט געדרעהטע צוקען און אויסמאָלען א „לידידי" מיט א דריי שטאָקיגען „למר" איז מען דאָך שוין כמעט א משכיל, אָבער אַז ער האָט נאָך דערצו געלייענט צוויי מאָל דעם „אהבת ציון" איז ער'ס דאָך געווים . . . הא! ווי זאָגט איהר . . .

מילא בקיצור, שלמה מאיר באַלעמבוך האָט חתונה געהאַט, האָט גענומען 500 רובעל נדן, א זייגער מיט א קייט, א טלית מיט א זילבערנע עטרה מיט א שטאָט אין מזרח וואַנד, וועלכע איז אָנגעקומען דער כלה בירושה. זעלבסטפערשטענדליך, ער האָט גענומען דערצו א ווייב אויך. זי איז געווען מיט צוויי קעפּ העכער פון איהם. מיט א זעקס, זיעבען יאָהר עלטער, דערפאַר אָבער האָט ביי איהר איין אויג געקוקט אין דרום זייט און דאָס אַנדערע אין צפון זייט, און זי איז געווען שוואַרץ־חן־עוודיג ווי די בעסטע שוה־וואַקס, זי האָט ניט געהאַלטען זעהר שטאַרק פון השכלה און ציוויליזאַציאָן פון דעסטוועגען פלעגט זי יעדער יאָהר שענקען איהר געליעבטען שלמה מאיר א שוואַרצינקען אינגעלע מיט קרומע אייגעלעך . . .

אין קורצען, איהר נאָמען איז געווען ציפּע און זי האָט געקענט

שעהנע צויבערין, וועלכע ער האָט מיט אונגעדולד ערוואַרטעט? זי איז געוואָרען מאַגערער, דער ווינד האָט איהר פערשוואַרצט די באַקען... און דערצו נאָך אַזאַ קאָמישע רוסישע היטעלע מיט אַ גרינהאָרנ'שען פּאַלטאָ?...

זעהר פריינדליך האָט מען זיי אויפגענומען ביי זיינע פריינדע. ער איז געוואָרען לעבהאַפטער ווען ער האָט אָנגעפאַנגען צו דערצעה־לען פון זיך. וואָס פאַר אַ בריה ער איז, וואָס פאַר אַ געשיקטער יונג... ווי אַזוי איהם איז געלונגען צו ווערען אַ סיגאַר מייקער, צו ערוואָר־בען די ליעבע און צוטרוי פון דעם באָס פון דער פעקטאָרי, אונטערצור־שטעלען אַ פיסעל דעם פאָרמאַן און פערנעהמען ענדליך זיין פּלאַץ... ער האָט שוין געלד אין באַנק... מען ליעבט און מען אַכטעט איהם... פיעל רייכע עלטערען וואָלטען זיך געשעצט גליקליך אַזאַ איידעם צו האָבען.

זי האָט געשוויגען, זי האָט איהם געהערט מיט אַ טרויעריגען שמייכעל אויף איהרע ליפּען און איהרע געדאַנקען זיינען געווען ווייט פון יענעם זייט אָקעאַן, וואו איהרע ליעבע עלטערען זיינען פערבליע־בען... און וואו עס זיינען אויך פערבליעבען אַלע איהרע זיסע טרוי־מען. זי איז געווען גליקליך, ווען די ווירטהין פון הויז האָט ענדליך בעמערקט, דאָס דער גאַסט איז מיעד פון וועג און דאַרף געהן פריה שלאָפען. ווי אַן אונטערגעהאַקטער זאַנג האָט זי אַ פאַל געטאָן אויף איהר געלעגער, האָט טיעף אין קישען פערבאָרגט איהר אַרעם קעפּעלע און האָט זיך צו־וויינט מיט ביטערע פערצווייפעלטע טרערען...



די פרייע אמעריקאַ, די בעסטע מדינה אין דער וועלט... ויברח און ר׳ שלמה מאיר האָט ענדליך... דאָ ענדיגט זיך דער צווייטער טהייל פון אונזער ערצעהלונג.

---

## דריטער טהייל.

אין אָנקעל סעם׳ס מדינה האָט הערר באַלעמבוך גאַנץ האַרי־אָפּ צו־וויקעלט און ענטוויקעלט אַלע זיינע פערוויקעלטע טאַלאַנטען און קוים איז ער געוועזן צוויי יאָהר אַ פעדלער, איז ער שוין געוואָרען אַ סעקרעטער אין אַ דייטשיש־אידישע לאָדזש, האָט אָנגעהויבען שמייכלען צום פּרעזידענטס שעהנע טאָכטער און איז געוואָרען אַ סטוּ־דענט אין לאָו־קאַלעדזש. זיסע האָפנונג האָבען געבליהעט ביי איהם אין הארצען: ער איז אַ לאָיער מיט אַן אָפּיס אין נאַססאַו סטריט, מיט די שעהנע פעני אָנשטאָט ציפּה׳ן... און... און זיין רייכע פאַנטאַזיע האָט איהם געטראָגען הויך און ווייט...

בלילה ההוא נדדה... אין יענער נאַכט איז עס פערוואָגעלט געוואָ־רען. עס איז געוועזן אַ פינסטערע, אַ קאַלטע נאַכט, און מיסטער באַ־לעמבוך איז נעגאַנגען אַהיים שלאָפען גאַנץ צופריעדען און גליקליך. דעם פּרעזידענט׳ס שעהנע פעני איז מיט איהם געשטאַנען 2 שעה אין אַ פינסטערען האָלל... ער האָט ניט געוואָלט אויפוועקען זיינע לאַנדס לייט ביי וועלכע ער האָט געהאַט אַ בעדרום. מיט זיין אייגענעם טהיר־שליסעל, האָט ער שטיל געעפענט די טהיר און איז געבליבען שטעהן אין דער פינסטערניס אַ דערשראָקענער... איהם האָט זיך אויסגעוויזען, דאָס זיין בעט האָט אַ טרעשטשע געטאָן און אימעצענס נאָז האָט אַ פייף געטאָן... מיט ציטערענדע הענד האָט ער אָנגעצונ־דען אַ שוועבעלע... אימיצער איז דאָ... איצימער שלאָפט ביי איהם אין בעט... דאָס פייערל פון מעטש האָט איהם אַ ברען געטאָן די פינגער און איז פערלאָשען געוואָרען... ניט טויט, ניט לעבעדיג איז געשטאַנען מיסטער באַלעמבוך, זיינע פיס האָבען געציטערט, דאָס הארץ האָט זיך געצאַפּעלט... ווער איז דאָס? ווער איז דאָס? האָט ער אַ געשריי געטאָן ניט מיט זיין קול... די בעט האָט ווידער אַ קראַך

שילטען אז עס זאָל צופען, רייסען, בייסען. און ויהי היום...
דאָ ענדיגט זיך דער ערשטער טהייל פון אונזער ערצעהלונג.

---

## צווייטער טהייל.

עס איז געווען זעקס, זיעבען יאָהר נאָך דער חתונה, ווען ר׳ שלמה מאיר באַלעמבוך האָט בערעכענט אז ער האָט שוין ניט קיין גדן און האָט 5 שווארצינקע משכילים׳לעך. האָט ניט פון זיין בעשערטע קיין רוהיגע מינוט און האָט א ווייב, וואָס איז מיאוס ווי דער יצר טוב, בייז ווי דער מלאך המות און שלעכט ווי טויזענד רוחות.. נעווען איז ער כמעט א קורלענדער און האָט געקענט קענען דייטש, פארוואָס זאָל ער ניט אריבער כאַפען זיך קיין דייטשלאנד?... ער האָט א שעהנעם האנדשריפט און קעניגסבערג איז א שטאָדט פון ציוויליזאציאָן. וישא, ער האָט אויפגעהויבען זיינע פיסלעך, ויצא ער האָט גענומען דעם אהבת ציון מיט׳ן טלית אויפ׳ן פלייצע, וילך חרנה, און איז אוועק נאָך קעניגסבערג. ווירקליך, קעניגסבערג איז א גוטע שטאָדט מיט ציוויליזאציאָן און מסחר און ר׳ שלמה מאיר באַלעמבוך איז א פעהיגער יונג און כמעט א דייטש... האָט ביי איהם ניט פיעל צייט גענומען און ער האָט געמאכט גליקליכע עסקים, ווי איינער פון די בעסטע רוסיש־פוילישע און דייטש־זשמודיאנישע שנאָ־רער אין דער וועלט...

די ערשטע צוויי, דריי פסח־ן האָט די עגונה ציפה נעבעך ערוואר־טעט איהר מאַן. זי האָט גערעכענט, ער וועט נאָך אפשר קומען, נאָכ־דעם האָט זי א שפיי געטאָן, האָט א מאַך געטאָן מיט דער האנד און איז... און איז אליין אויך געקומען קיין „גינספעריק״ מיט איהרע אַלע פינף ציטעריגע שווארצינקע „בני יחידים׳לעך״... זי האָט געקענט נענגוג דייטש צו מאַכען איהם מיט דער בלאָטע צוגלייך און גענוג רו־סיש מכבד צו זיין איהם מיט א פּאָאַר פעטש און ר׳ שלמה מאיר איז נעבעך געפאָהרען צוריק אהיים און האָט זיך ווידער בערעכענט אין א צוויי דריי יאָהר ארום, אז ער האָט שוין זיעבען שווארץ־חנ׳־עוודיגע בריליאנטען און אז פאר אזא געבילדעטען משכיל ווי ער, איז

# בילדונג.

.1

— ע! דו ביסט גאָר ניט געבילדעט! וועלכער געבילדעטער מאַן געהט עס ניט טרינקען מיט א גוטען ברודער א גלאָז ביער און פערברענגען א פּאָר שטונדען? פוי! דו ביסט גאָר ניט געבילדעט.

ניט איין מאָל און ניט צוויי מאָל האָט מאָזעס סיגאל געהערט אזעלכע פּאָרווירפע פון זיין בעסטען קאַמעראד טשאַלי יאָהאַנסאָן. א סך אידען האָבען געארבייט אין פעקטאָרי און דאָך איז טשארלי געווען א גוטע פריינד נור מיט איהם, מיט מאָזעס סיגאָל. און מאָזעס האָט שטאָלצירט מיט דעם גליק, און זעהר געשעצט דיעזע גוטפריינדשאַפט. א קלייניקייט טשארלי! ערשטענס איז ער כמעט א פאָרמאַן, צווייטענס איז ער א לעבעדיגער יונג, א גבור, געבילדעטער דזשענטעלמען, וועלכער וויים פון אלעס, וואָס עס טוט זיך אין „לאָנדאָן" טהעאַטער און אויף דער פיערצעהנטער סטריט און קען זינגען אלע ליעדער פון „פאָלקס־גארדען" און „אטלאַנטיק גאַרדען". אזא עהרע, אזא כבוד! זיין פינגער בפינגער מיט א קריסט, מיט טשארלי יאָהאַנסאָן! איין זאַך האָט איהם געקרייגקט: אלע זונטאַג האָט מען געדאַרפט מיט „טשארלי" נעהמען צו ביסלעך משקה, און גענגען דעם פראָטעסטירט זיין יונגע פרוי „פעני"... זי טענה'ט, אז פאר דעם געלד איז בעסער קויפען דעם קינד א פּאָאַר שיכלעך און די צייט בעסער פערברענגען מיט איהר אין דער היים. זי איז ניט קיין געבילדעטע דאמע און פערשטעהט גאָר ניט אין פּאָליטיק...

— וואָס ארט דיך וואָס זי פלאַפּעלט, זאָגט טשארלי, איך האָב אויך א פרוי, זי וואגט אָבער ניט צו זאָגען דעות...

— יא, אָבער וואָס זאָל איך טאָן? פרעגט מאָזעס, זי וויינט... זי... זי... האָט מיך ליעב...

געטאָן, דער פרעמדער נאָז האָט ווידער אַ פּייף געטאָן און אַ בעקאַנטע שטימע האָט געענטפערט: „דאָס ביזט דו שלמה מאיר? וואָהין וואַנ־דערסט דו אום אזוי שפּעט, משוגענער" . . . דאָ האָט זיך דער מאַנאָ־לאָג איבערגעריסען מיט אַ ברייטען געגעץ און דאן האָט די בעקאַנטע שטימע געזאָגט: „נו, קום שוין שלאָפען, מנובל! . . . קום שוין! . . .

זיין אַלטע בעשערטע פון גאָט איז געקומען און מיט איהר זיינע זיעבען בריליאַנטענע זיהן . . . און אַז ער האָט שוין יאָ אָנגעצונדען גאַז, איז איהם גוט פינסטער געוואָרען אין די אויגען . . .

זעלבסטמאָרד! זעלבסטמאָרד, דאָס איז דער איינציגער מיטעל...

אָבער זאָל ער זיך הייננגען, שיסען, אראָבוואַרפען זיך פון ברוקלין ברידזש? ער האָט זיך פערטראַכט, דאן האָט ער פון זיך אַרונטער־גענומען זיינע קליידער, האָט פערלאָשען די גאַז, און . . . דאָ ענדיגט זיך אונזער ערצעהלונג.



פערקעהרט, זי הויבט נאָך אָן מיט א טאָן העכער, זי וויל וויסען וואָס וועט זיין דער סוף.

— דער סוף! דו ווילסט וויסען דער סוף? שרייט מאָזעס אויסער זיך און... זיין פרעכע האנד הויבט זיך אויף און ער גיט זיין אָרע־מער פעני צוויי קליינע שוואכע פעטש!... ער פיהלט גראדע ווי מען האָט איהם אליין געגעבען צוויי מאָל א שטאָך אין הארצען, ער האָט קיין מוטה ניט, א קוק צו טאָן זיין פעני׳ן אין די אויגען... ער גיט א קלאפּ מיט׳ן טהיר און לויפט ארויס.

ער טרינקט ברענדי, וויסקי אין סאלון און קען ניט פערלעשען דעם פייער וואָס ברענט ביי איהם אין הארצען. ער הערט זיך צו וואָס אנדערע רעדען און קען ניט פערטרייבען דעם געדאנק, וואָס פערפאָלגט איהם: וואָס טוט יעצט זיין פעני? ער האָט געהערט ווי זי איז געפאלען אויפ׳ן פלאָאר מיט א שרעקליכען געוויין. טרערען שטיקען איהם... ניעדערגעשלאָגען, פערשעהמט היילט ער זיך צוריק, שטיל געהט ער ארויף אויף די טרעפּ און שטעלט זיך נעבען זיין טהיר... דאָס הארץ קלאפּט, די הענד און פיס ציטערן... ער הערט זיך צו, עס איז שטיל... ער גיט דריי שוואכע קלעפּ אין טהיר — קיין ענט־פער... אללעס פערשטארבט אין איהם... דאָס בלוט ווערט פער־קיהלט פון שרעק, ער ווערט אין איין אויגענבליק ניכטער. „פעני!" זאָגט ער מיט א ציטערענדער שטימע. קיינער ענטפערט ניט. עס איז שטיל און פינסטער אין קאָררידאָר!... איהם ווייזט זיך אויס ער האָט געהערט, אימיצער האָט א שווערען זיפץ געטאָן און ער עפענט אויף האסטיג די טהיר...

.3

א שרעקליכער געדאנק איז געקומען דער יונגער פרוי אין קאָפּ, ווען ער האָט א קלאפּ געטאָן מיט׳ן טהיר און איז אוועק. וואָס? עס איז ערשט דריי יאָהר נאָך זייער חתונה און ער שלאָגט זי שוין, וואָס וועט זיין שפּעטער? וואָס קען זי ערווארטען פון א מאַן, וועלכער פערשיכור׳ט זיין שווער פערדיענטעס געלד? אָבער וואָס זאָל זי טאָן? לויפען? וואָהין לויפט מען צוויי א זייגער אין דער נאכט און ווער קען איהר העלפען? זי האָט א מוטער און פריינד, אָבער צו זיי

— גיב איהר א פּאָר פּעטש, וועט זי דיך נאָך שטארקער ליעב האָבען... די ווייבער האָבען ליעב א שטארקען מאַן מיט א כאראק־טער. פרעג מיך, איך בין א געבילדעטער מענש... אז מען פּאטשט זיי אויס, ווערען זיי ווייך ווי זייד, נידריג ווי גראָז, שטיל ווי וואַ־סער.

— יא, זאָגט מאָזעס און דאָס הארץ טיאָכקעט איהם פון רחמנות, מיין פּעני איז אזא שוואכע, אזא איידעלע...

— נארר דו! זעה ביי אונז א ווייב איז געזונד ווי אַן אויוועז! מיר שלאָגען זיי — זיינען זיי געזונד... קלעפּ איז זעהר געזונד. א געבילדעטער מענש שלאָגט מיט שכל, פאַרזיכטיג...

.2

שפּעט ביי נאכט איז געקומען מאָזעס סיגאַל אהיים. „טשארלי״ האָט איהם געלערענט ווי א געבילדעטער מענש טרינקט פּונש, דזשין, ראָם מיט מילך. קלארעט מיט זעלצער, אָויל מיט פּאָרטער. די משקה האָט איהם צו־וואַרעמט און ער איז געוועזן צופריעדען און אויפגעלעגט. ער האָט זיך געפיהלט גוט און האָט געוואָלט זיין פּעני זאָל זיך אויך שעצען גליקליך און זי, די אונדאנקבארע, האָט גאָר אָנגעהויבען טענה'ן און וויינען...

— שטיל! זאָגט מאָזעס מיט א בייזע מינע, א געבילדעטער מענש ערלויבט ניט זיין פרוי זאָל זאָגען דעות... פּעני קוקט איהם אָן מיט איהרע גרויסע פערוויינטע אויגען — ער זעהט אזוי קאָמיש אויס איצט, אז זי וואָלט זיך צולאכט, איהר זאָל ניט זיין אזוי בי־טער אויפ'ן הארצען.

— א מאַן מיט א תאראקטער, זאָגט מאָזעס און טאָפּעט מיט'ן פוס, טוט ווי ער וויל!.. ער זעצט זיך צום טיש, שפּארט אונטער זיין פערטומעלטען קאָפּ מיט א האנד און פערזאָרגט זיך... ער ליעבט זיין פּעני, אָבער דאָך קען ער דען מיט איהר גליקליך לעבען, אז זי פערשטעהט ניט, וואָס בילדונג איז?... און זי פערשטעהט ניט, ווי אונגליקליך ער איז... זי איז נערעכט, זי טענה'ט, זי וויינט, מאכט פּאָרווירפע, בעליידיגט — ער כאַפּט זיך פון זיין אָרט און ברומט ווי א בייזער ליב: שטיל! שטיל זאָל זיין! אָבער זי שווייגט ניט,

# דער אידישער גייסט.

## אַן אַלטע לעגענדע — אַ נייע וואָרהייט.

---

פינסטער און ביטער איז דעם אידען אויפ'ן האַרץ.

פערהאָרעוועט און פערמאַטערט, שלעפּט ער זיך קוים אויף די פיס.

די נוגשים שטעהען מיט די בייטשען; זיי יאָגען, זיי טרייבען, זיי לאָזען אַ מינוט ניט אָבדערכען.

אַלע טאָג אַנדערע גזירות, אַלע טאָג אַנדערע רדיפות: „קלייבען אַליין שטרוי, אַליין קנעטען ליים און מאַכען דיזעלבע צאָהל ציעגעל" איז דער לעצטער פּריקאַז.

און דער איד קלייבט נעבעך שטרוי, און ער קנעט ליים, און ער מאַכט די זעלבע צאָהל ציעגעל, און ער בויט פּיתום מיט רעמסס...

און אַלץ שטיל, געדולדיג, אָהן אַ מורמעל און אָהן דעם קלענסטען ווידערשטאַנד.

מאַנכע פון זיינע אייגענע ברידער ווערען זיינע נוגשים, זיין אייגען בלוט און פלייש פּייניגט איהם, טרייבט איהם. און דער איד פערטראָגט אַלעם געלאַסען, רוהיג, ניט אַ וואָרט אויסצורעדען, אַבי ער בעקומט זיינע פּיש מיט ציבעלע, אַבי מען קאָרמעט איהם, אַבי ער האָט דעם קאָפּ וואו אוועקצולעגען...

מעהר בעט ער ניט, מעהר פערלאַנגט ער ניט, מעהר זוכט ער ניט.

און ער אַרבייט און ער האָרעוועט, און ער שלעפּט, און ער בויט, און ער ווערט פער'חושך'ט.

אָבער אַזאַ צושטאַנד האָט ניט געקענט לאַנג אָנהאַלטען.

משה איז ערשיענען!

געהן? האָבען זיי איהר דען פריהער ניט געזאָגט אז דער שידוך גע־פעלט זיי ניט? ניין! עס איז דאָ נור איין מיטעל זיך בעפרייען און דאָס איז דער טויט.

מיט ציטערענדיגע הענד ציהט זי געשווינד ארויס דעם שנירעל פון איהר קאָרסעט, לויפט צו צום קינדס וויגעלע, בעגיסט זיינע בע־קעלעך מיט הייסע טרערען... עפענט אויף דעם קליידער קלאזעט, בינדט צו דעם שנירעל צו א גרויסען נאָגעל... און... פונקט אין דער מינוט הערט מען ווי ער רופט „פעני", ער קלאפט אין טהיר, ער לויפט אריין. זי בלייבט שטעהן ווי א פערגליווערטע שטיק אייז... ער קוקט זיך ארום, דאָס קינד שלאָפט און זי איז ניטאָ... פעני! שושקען זיינע בלאסע ליפען... וואו ביסט דו, פעני? ער לויפט אין קיטשען, אין בעדרום ווי א פערווירטער, קעהרט זיך אום צוריק און אונבעוואוסטערהייד עפענט ער דעם קליידער שאַף: זי שטעהט אין ווינקעלע ווי א פערשטיינערטע... איין בליק אויף איהר טויט־בלאסען פנים, אויף דעם שנירעל אין איהר האנד און ער פערשטעהט אלעס, איין אויגענבליק שטעהט ער און קוקט אויף זיין פעני מיט טרעהרען אין די אויגען און דאן פאלט ער צו איהרע פיס, נעהמט ארום מיט זיינע ציטערענדע הענד איהרע קניע און מיט א פערשטיקטער שטי־מע רעדט ער קוים אוים: „פעני! פערצייה מיר... טייערע פעני, ליעבע... זאָלען מיר אָבדארען די הענד אויב איך וועל נאָך אמאָל וואגען... זאָל איך אויסגעהן דאָ, ביי דיינע פיס, אויב ווען עס איז אין מיין לעבען... פעני? פעני?" טרערען לאָזען איהם ניט רע־דען...

שטיל איז אין טענעמענט הויז, אלעס רוהט און שווייגט, און דער הימעל איבער ניו יאָרק ווערט ווייסער און ווייסער, און קליינע שטערענדלעך פאלען פון הימעל איינע נאָך די אנדערע... די זוהן געהט, און א נייער טאָג קומט מיט נייע פרייד און נייע שמערצען... שש! וועקט ניט די וואָס ארבייטען שווער ביי טאָג און וויינען בי־טער ביינאכט...

אוי! די בילדונג! די בילדונג!...

———:———

און זיי האָבען אויפגעטאָן וואונדער.

און זייער טעטיגקייט האָט זיי געבראַכט ערפאָלג. דאַן איז צו זייער בעגייסטערונג שוין ניט געווען קיין גרענעץ.

זיי דארפען אריבער דעם געפערליכען ים, און זיי שרעקען זיך ניט.

זיי דארפען וואנדערען אין א מדבר, און זיי געהן.

זיי האָבען ניט קיין ברויט, און דאָס האלט זיי ניט אָב.

זיי האָבען ניט קיין וואסער, קיין קליידער, קיין שיך, — דאָס אַרט זיי ניט.

זיי האָבען בעגייסטערונג און פרייהייטס־לוסט. דאָס איז זייער מאכט, דאָס איז זייער קראפט, וואָס האלט זיי צוזאמען.

און זיי מארשירען מיט זייער בעגייסטערונג ביז... ביז אין דעם מדבר אריין...

אָבער ניט דער מדבר איז זייער ציעל; זיי ווילען קומען אין דעם ארץ זבת הלב ודבש — אין דעם לאנד וואו עס פליסט מילך און האָ־ניג, און דאָרט, דארף מען א תורה, געזעצע, פערנונפט...

משה ווייס דאָס, משה פערשטעהט דאָס, און ער ערקלערט דאָס זיינע ברידער.

די ברידער זיינען בעגייסטערט, זיי הערען גאָר ניט וואָס מען רעדט צו זיי, און שרייען נעשה פאר נשמע...

אָבער צו עררייכען די תורה — די קאלטע פערנינפטיגע וועג־ווייזונגען, ווי צו קומען אין דעם ארץ זבת חלב ודבש, דארף דויערען אביסעל צייט...

און ישראליק פערלירט זיין געדולד. ער הויבט אָן צו צווייפלען און צו מורמלען...

ער האָט ניט בעגריפען דעם פרייהייטס־גייסט, ער האָט ניט פערשטאנען די פרייהייטס־אידעען... ער איז נור געווען שיכור פון בעגייסטערונג, פון די שעהנע פראזען, פון די פערשפרעכונגען, וואָס מען האָט איהם געמאכט...

און דאָ יאָוועט זיך אהרן, דער פּאָליטיקער.

ער איז א פראקטישער מענש, ער פערשטעהט זיך צו צופּאסען צו דעם ווילען פון פאָלק, ער וויל האָבען ערפאָלג...

„איהר ווילט א גאָט, א פיהרער? זאָגט ער, ברענגט נור אייער

א מאן מיט פייער, מיט ענערגיע און מיט טאלאנט; א פרייהייטס קעמפפער, א העלד.

ער האט דעם צער פון זיינע ברידער ניט געקענט פערטראגען; א פייער פון האס צו די אונטערדריקער און פון ליעבע צו זיין פאלק האט אין איהם אויפגעפלאקערט.

ער פערלאזט זיין הויז, זיין פרוי און קינדער, און געהט פרע־דיגען צו זיין פאלק.

אומזיסט איז זיין מיהע!

דאס אידישע הארץ איז פוסט, דער קאפ פערשטאפט און די אויגען פערלאשען. וויסט, וויסט און פינסטער איז ארום און ארום...

קיין פרייען געדאנק קענען זיי ניט פערנעהמען, קיין גלויבען אין בעפרייאונג, קיין האפנונג אויף בעסערע צייטען, קען מען אין זיי ניט ערוועקען, — אלע חושים זיינען אבגעשטארבען.

זיי זיינען צופיעל פערהארעוועט, צופיעל פערשקלאפט.

אהרן, דער פאליטיקער, דער פראקטישער מענש, אבהענגיג, פער־לירט זיין מוטה און גיט אויף די האפנונג.

משה בלייבט פעסט. „איך וועל ניט רוהען און ראסטען, זאגט ער צו זיך, ביז איך וועל ניט זעהן מיין פאלק בעפרייט. זיי טארען קיין שקלאפען ניט בלייבען”.

און מיט נייעם מוטה, מיט נייע ענערגיע; מיט נייע קראפט און מיט נייעם ענטהוזיאזמוס נעהמט ער זיך העלפען בעפרייען זיין פאלק. און זיין ארבייט איז ניט געווען אומזיסט.

דאס פאלק האט ערוואכט!

דער פרייהייטס געדאנק האט זיך ענדליך אריינגע׳גנב׳עט אין זיין פוסטע הארץ. ער האט זיך דורכגעארבייט דורך דעם פאלק׳ס מוח, וועלכער איז געווען פערשטאפט מיט ליים און שטרוי.

ער האט אויפגעריסען די אויגען, וועלכע זיינען געווען פער־שטעלט מיט די גרויסע מויערען פון פיתום מיט רעמסס.

און דאס הארץ האט גענומען קלאפען האסטיגער און לעבעדיגער, און דער קאפ האט אנגעהויבען מעהר דענקען און דאס אויג האט אנ־געהויבען ווייטער און ליכטיגער צו זעהן.

א געוואלדיגער ענטהוזיאזמוס האט אלעמען בעהערשט און זיי האבען געשווארען ניט צו רוהען ביז זיי וועלען אלע זיין פריי.

גאָלד און זילבער, גיט אהער די פּאָר גראָשען און איך גיב אייך א גאָט..."

ישראַליק ווערט ווידער בעגייסטערט. ער האָט ליעב הויכע פּראַ־זען, שעהנע צוזאַגעניש... ער רייסט אראָב די ציערונג פון זיין ווייב, ער לעדיגט זיך אויס פון קאָפּ ביז די פיס און טראָגט אלץ צו אהרן'ען און ער בעקומט — א גאָט א קאַלב.

א קעלבערנעם גאָט, אָהן לעבען, אָהן א נשמה. און דער זעלבער ענטהוזיאזמוס, און דיזעלבע בעגייסטערונג און דאָס זעלבע שכרות בעהעררשט דעם אידען — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

משה האָט ענדליך געזיעגט. דאָס קאַלב איז פערניכטעט געוואָ־רען....

אויף ווי לאַנג?

אה, אידישער גייסט!



# צוויי פישעלעך.

(א פאנטאסיטשע ערצעהלונג, אנשטאט חד גדיא).

.1

צוויי פישעלעך זיינען געבארען געווארען און אויסגעוואקסען ווייט אין די בערג. זיי האבען ניט געוואוסט, אז די קליינע שטילע און רוהי־גע טייכעלע, וועלכע איז באדעקט מיט גרינעם שוים און בעשאטענט מיט צווייגען פון אלטע בוימער, וואו זיי שווימען ארום, שטיפען. פליעסקען זיך גאנץ פריי, — דאס די זעלבע טייכעלע, וואס ווייטער זי לויפט פון די בערג ווערט זי אלץ גרעסער און טיעפער, און דאס ביים גרויסען מעער איז זי א שטארקע און מעכטיגע טייך.

רוהיג ווי די נאטור ארום זיי, איז געוועזען זייער לעבען... ווען דער ווינד ארום זיי האט גערוישט און דער וואלד האט געשטורעמט, זיינען זיי געלעגען שטיל אויפ׳ן גרונד פון זייער טייכעלע פערטיפט אין א זיסען דרעמעל. האבען זיך די שטראהלען פון דער זונן דורכ־געריסען דורך די געדיכטע צווייגען — זיינען זיי שוין געוועזען אויפ׳ן גרונד פון זייער טייכעלע פערטיפט אין א זיסען דרעמעל. האבען זיך די שטראהלען פון דער זונן דורכגעריסען דורך די געדיכטע צווייגען — זיינען זיי שוין געוועזען אויפ׳ן וואסער, האבען געשטיפט, געווארפען זיך אין אלע זייטען, געיאגט איינעם דעם אנדערן... און ווען אין א שעהנער זומער נאכט פלעגט די לבנה מיט די שטערען ארעבציהען צו זיי אין טייכעל די שעהנע בלויע, הימלען, — פלעגען זיי צושווי־מען צום ברעג און טרוימען...

די קאלטע ווינטער טעג זיינען פאראיבער געגאנגען, די זונן האט זיך אויפגעהויבען הויך איבער די בערג און דער ווייסער פעסטער שנעע איז געווארען שווארץ. ער איז ביי זיך ארפגעפאלען און האט

מאסען, און דאן קענען זיי אויפבויען אזעלכע וואונדערליכע געביי־
דעם... ווען מיר, די פיש פון וואסער, זאלען זיך פעראייניגען, וואל־
טען מיר ברעקלעך ווייז אראבגעטראגען דעם בריק אויפ'ן גרונד
פונ'ם מעער, און דעם גרויסען אקעאן פון איין ברעג צום צווייטען
וואלטען מיר געקענט פערצאמען און קיינעם ניט לאזען זיינע וואסערן
דורכשניידען...

ביידע פישעלעך האבען זיך אראב געלאזט אויפ'ן גרונד און האָ־
בען זיך צוגעלייגט אויפ'ן ווייכען זאמד אבצורוהען זיך פון זייער ווייטען
און שווערען וועג.

.2

א שעהנע קלארע נאכט איז געקומען. די פיעל־שטאקיגע געביידע
ביים ברעג איז פארגאסען געווארען מיט העלען שיין פון ליכט, וואס
האבען זיך אנגעצונדען אין איהרע הונדערטער פענסטער. די גאנצע
געביידע האט זיך ווי א צויבערישער פאלאסט אבגעשיינט טיעף אין
די קלארע וואסערן און האט געגרייכט ביז'ן גרונד...

זאגט די קליינע פישעלע: אין דיעזען פרעכטיגען פאלאסט
וואהנט געוויס דער גאט פון פרייד. זיינע וועגד זיינען געוויס געבויט
פון אניקס און סאפפיר, זיינע זיילען פון רובינען און אמעטהיסען,
זיינע שיינענדע פענסטער פון דימענטען און בריליאנטען... דו הערסט
דעם גערויש דארט? דאס שפיעלען געוויס דארט גרויסע גייסטער
אויף ציטרען און ארפען... שעהנע פרויען טאנצען בעפוצטע מיט
קראנצען פון דופטענדע ראזען און ליליען. און קינדער, שעהנע ווי
ענגלען, צווייטשערן ווי פרייע פויגעלעך ביי די רוישענדע פאנטא־
נען...

— ניין, קינד, ניט קיין פאלאסט איז דאס, עס איז א דונקעלע
הויז געבויט פון ביליגע ציגעל... איינג און שמוציג אין די צימערען...
ניט דער גאט פון פרייד, גרוויזאמען נויט וואהנט דא. דו הערסט דעם
גערויש? דאס רוישען רעדער און האמערם... פערחושכ'טע מענשע־
לעך ארבייטען; די בעגאסענע מיט שוויים, קריינקליכע פרויען פער־
בריינגען דא זייערע בעסטע יאהרען, קינדער נאקעטע און הונגעריגע,
דא אונטער'ן שווערען יאך.

די קליינע פישעלע האט זיך פלוצלונג דערשראקען און האט א

אַנגעהויבען צו פערשווינדען. פון די בערג האָבען זיך געגאָסען שטראָמען וואסער אראָב אין טיעפען טאָל. די טייכעלע האָט אָנגעהויבען זידען און רוישען, פליסענדע וועלען האָבען אויפגעכאפּט די צוויי קליינע פישעלעך און האָבען זיי אוועקגעטראָגען פון זייער פריעדליכער שטילער היימאטה ווייט, דורך פרעמדע לענדער צום גרויסען אָקעאן...

מיט א גרויסער געפּילדער און ליארעם טראָגט זיך די טייך ווייטער און ווייטער, צוגיסט זיך ברייטער, שניידט זיך אריין אין די הויכע ברעגען... וואו זי בעגעגענט אין וועג א הארטען פעלז קעהרט זי אראָפּ אָן א זייט און געהט ווייטער מיט'ן וועג צום ים הגדול... מיט'ן שטראָם טראָגען זיך די דערשראָקענע פישעלעך נעגען זייער ווילען, זיי זעהען צו ערשט אלטע ווילדע וועלדער און דאן פעלדער פערזייטע, ווייטער גרויסע שטעדט מיט פיעל פאבריקען און הויכע קוימענעס... ענדליך דערהערען זיי ווי עס שטורעמט, רוישט און ברויזט דער גרויסער אָקעאן...

א גרויסער וואל פון מעער איז זיי געקומען אנטקעגען און האָט זיי א וואָרף געטאָן אָן א זייט... זיי זיינען פערביי געשוואומען פערביי א גרויסע געטין מיט א לאנטערנע אין האנד, האָבען זיך דורכגעטראָגען אונטער א גרויסען צוויבערישען בריק, וועלכער איז געהאנגען אין דער לופטען און האָבען זיך אָבגעשטעלט לעבען א גרויסע פיעל שטאָקיגע געביידע.

זאָגט די קלענערע פישעלע: שוועסטער, ווי עס זעהט אויס, האָט עס אונז פערטראָגען אין א לאנד פון מעכטיגע ריעזען און טיטאנען. געוועהנליכע בעשעפעניסען וואָלטען ניט געקענט אריבערוואַרפען איבער'ן וואסער אזא וואונדערבארען בריק איבער וועלכען עס לויפען מיט זייער אייגענע קראפט שווערע קאראָטען... און די גרויסע געטין דאָרט אויפ'ן קליינעם אינזעל, גיט אכט, געווים, אויף איהרע געטליכע קינדער, זאָרגט פאר זיי און זעהט עס זאָל זיי קיין זאך ניט פעלען....

— ניין, קינד, ניט ריעזען און טיטאנען, אזעלכע מענשען, ווי ביי אונז דאָרט, אין אונזערע שטילע בערג, וואָהנען דאָ... זעהר גרויסע געטין איז געמאכט פון שטיין און אייזען, איהרע אויגען האָבען ניט קיין קראפט צו זעהן און זי האָט ניט קיין הארץ צו פיהלען... ניט דער גוטער ווילען, די ביטערע נויטה פעראייניגט זיי אין גרויסע

# קאַפע מיט נייעס.

איך פאנג אָן מיין טאָג אזוי ווי אָן אמת'ער אַמעריקאנער. איך טרינק קאַפע און קוק אריין אין א גרויסע צייטונג. עס רופט זיך: קאַפע מיט נייעס. ווען איך וועל נאָך, אי"ה, מעהר אַמעריקאניזירט ווערען, וועל איך מסתמא האָבען אויך לאָנטש מיט נייעס, ברעקפעסט מיט נייעס, דינער מיט נייעס, סאפער מיט נייעס, „א רייד" אויפ'ן עלעוויטאָר מיט נייעס און א שפּאציר אין פּארק מיט נייעס... דערוויייל בין איך צופריעדען, ווען איך האָב נור קאַפע מיט נייעס...

טרעפט זיך אייך א מאָל, זאָגט דעם אמת, אויפשטעהן, ווי מע זאָגט, מיט'ן לינקען פוס פון בעט? ... דאכט זיך, וואָס איז א לינקע פוס? פון דעסטוועגען האָט זי אזא מאכט, אז איהר זייט בייז און איהר ווייסט ניט אויף וועמען, אונצופריעדען און איהר ווייסט ניט מיט וואָס, נערוועז און איהר ווייסט ניט פאר וואָס. אייך איז שווער אויפ'ן הארצען און איהר פערשטעהט ניט, מיט וואָס איז נעכטיגער טאָג געווען בעסער. מיט איין וואָרט, די לינקע פוס... איהר זעצט זיך צום טיש זופּען אייער קאַפע און פּונקט היינט דערמאָנט איהר זיך, אז פון דער היים אָן האָט איהר נאָך קיין אמת'ע קאַפע ניט געטרונקען. עס איז ניט קאַפע, עפּעס א בורדאָ פון ציקאָריע מיט ביטערע פּולווער מיט קובעבע... די פּוטער איז גאָר קיין פּוטער ניט — חלב, מארגארין, מיט דער שווארץ יאָהר ווייס וואָס. מילך איז א באָטשווינע פון וואסער מיט קרייד, מיט מאגנעזיע... און די צייטונג... איז דאָס א צייטונג? אויך ביטערע פּולווער מיט מארגארין, מיט וואסער, מיט קובעבע... אוי, די לינקע פוס!...

איך טרינק אָפּ מיין קאַפע און געה צו מיין שרייב טיש... איך וויל מאכען א נוטען חנ'דעלע צו די לעזער, א שמייכעל טאָן, דער־צעהלען א פיינע געשיכטע, „אויסטראכטען" עפּעס א פרייליכע סצענ־

נעשריי געטאָן: וואָס איז דאָס פאַר א שרעקליכע חיה, וועלכע טראָגט זיך פון איין ברעג צום אנדערען?...

— דאָס איז ניט קיין חיה, דאָס איז א שיף מיט מענשען... זיי רוהען דאָ ניט די גאַנצע נאַכט, די נויטה האָט זייער רוה גע־רויבט!...

— פאַר וואָס ביי אונז, ווען זיי קומען צום ברעג, קלינגען שטאַרק זייערע פרייליכע שטימען און הויכע געלעכטערם?

— די נויטה לאָזט זיי ניט לאַכען און פריילעך רעדען.

— פאַר וואָס ביי אונז, ווען דער מענש שווימט אויף זיין קליין שיפעלע הילכט ווייט א שעהנע זיסע ליעד?

— די נויט האָט זייערע ליעדער פערניכטעט...

— איך וויל אהיים, זאָגט די קליינע פישעלע... איך וויל צוריק...

— אויף אייביג? האָט טרויעריג געזאָגט די קליינע פישעלע און א שאַרפער וועהטאָג האָט דורכגעשניטען איהר גאַנצען קערפּערעל, אויף אייביג!... און זי האָט זיך פאַרגעשטעלט די קליינע שטילע טייכעלע בעשיצט מיט הויכע בערג... טהאָלען בעדעקט מיט גרינעם אַט־לאַס... וועלדער, וועלכע שטעהען ווי פערטראַכטע... א קליין שי־פעלע טראָגט זיך שטיל און דעם מענשענס פרייע ליעד טראָגט זיך ווייט איבער'ן טייך און הילכט זיך אָב אויף די הויכע בערג...

— שוועסטער, מיר וועלען שוין קיין מאָל ניט הערען דאָס ליעד?

— דאָס ליעד, האָט געענטפערט די עלטערע און האָט זיך האַס־טיג א וואָרף געטאָן אָן א זייט. לעבען זיי האָבען א גלאַנץ געטאָן צוויי גרויסע אויגען א ברייטער מויל האָט זיך געעפענט און האָט בע־וויזען צוויי רייהען שאַרפע ציינער.

די צוויי פישעלעך זיינען פערשלונגען און פערגעסען געוואָרען און אנדערע פישעלעך טראָגען זיך מיט'ן אייביגען פלוס צום גרוי־סען אָקעאַן...

נ. ב. דיעזע געשיכטע האָבען די וואַסערן דערצעהלט דעם דיכ־טער, ווען ער איז אמאָל אין א שעהנע נאַכט געפאָהרען איבער'ן טייך פון גרענד סטריט צו בראָדוויי פערי פערביי א גרויסע צוקער־פאַבריק...

—:—

די פרוי האָט געגעבען אַ פאַלשען נאָמען, מיט אַ פאַלשען אדרעס. און ווען דער פּאָליסמאַן איז געגאַנגען רופען אַן אמבולאַנס, איז די יונגע קימפּעטאָרין פערשוואונדען... שפּעטער האָט מען די אונגליקליכע געפונען אין אַהנמאַכט אויפ'ן טראָטואר פון אַ אנדער גאַס... דער פּראָצעס פון ליטנערט'ן, וועלכער האָט אָפּגעקאָכט זיין ווייב, ציהט זיך נאָך... אַ בעל־בית פון אַ מוזעאום האָט אָפּגעקויפט פאַר צעהן טויזענד דעם ביטעל, וואו די אונגליקליכע פרוי איז פערברענט געוואָרען... דעם ביטעל וועט מען פיהרען איבער גאַנץ אַמעריקא און מען וועט מאַכען געלד... אין ראָטשעסטער האָט אַ געוויסער סמיט ערמאָרדעט זיין ווייב, האָט זיך אליין געבונדען און האָט אָנגעהויבען שרייען: געוואַלד! רעטעט! מאָרד!... אַ יונגע פרוי גאָלדשטיין מיט איהר מאַן האָבען דער'הרג'עט אַן אַלטען אידען. דערפאַר, וואָס ער האָט געמאָנט זיעבציג סענט פאַר קוילען... איבער אַכט טויזענד קינדער, זיינען אין ניו יאָרק געבליבען אין דרויסען, ווייל עס איז ניטאָ פאַר זיי קיין פּלאַץ אין די סקולס... אין וואַן בורען זיינען זיעבען מענשען דער'הרג'עט געוואָרען אויפ'ן אייזענבאַהן... נור איין ליכטיגען שטראַהל האָב איך געפונען אין דעם גאַנצען פינסטערען יריד פון דעם מענשענס לעבען... איין גוטע נאָבעלע טהאַט... און דאָס האָט געטאָן אַ הונד... אַ זיעבען יעהריגעס קינד איז אריינגעפאַלען אין וואַסער און אַ הונד האָט זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך איהם און האָט איהם גערעטעט...

דאָס זיינען די פּונקטען, וועלכע איך האָב היינט איינגעשלונגען צוזאַמען מיט מיין קאָפּע, וועלכע פון זיי זאָל איך אויסערוועהלען פאַר אַ סיוזשעט?... וועלכע נייעס זאָל איך פאַר אייך בעאַרבייטען? וואָס זאָל איך אייך זאָגען וועגען דעם?... עס קען זיין אין אַן אַנדער צייט, וואָלט אין אייך געקענט וואָס איז וועגען די אַלע נייעס זאָגען, אָבער ניט היינט... איך בעט אייך, היינט לאָזט מיך בעסער אָב... אוי! די לינקע פוס...

———:———

קע פון לעבען, אויפמאַהלען א „קאַמישען״ בילד פון דעם מענשענס טראַגעדיע... איך קען ניט — די לינקע פוס... וואָס זאָל איך שרייבען? איך רעכען איבער אַלע נייעס, וועלכע איך האָב איינגעשלונגען צוזאַמען מיט דער בורדאָ, וועלכע רופט זיך „קאַפּע...״ לאַמיך אקאַרשט זעהן, וועל איך דאָ ניט געפינען א סיוזשעט פאַר אַן ארטיקעל? די גאַנצע ערשטע זייט איז פערנומען מיט גרייטער ניו יאָרק פּאָליטיק. מיליאָנען מענשען לעזען קאַלטבלוטיג, ווי עטליכע קהלשע־גנעלר־כאַפּער רייסען זיך און טהיילען זיך אָפּען מיט דער גנבה... קראָוקער זאָגט „איך וויל ניט זיין קיין קאַנדידאַט. איך האָב געהאַט מיין טאָג, זאָלען אַנדערע אויך האָבען א גוטען טאָג. קיין פערד, זאָגט ער, וועל איך שוין אויך מעהר ניט קויפען. גענוג פּאָליטיק און גענוג פערד. נאָכדעם, געדענק איך, געהט אַן ערקלעהרונג פון סעטלאָו... ער זאָגט, דאָס וואָרט „רעפאָרם״ איז פערמיאוסט, ערניעדריגט, פערקריפּעלט... אויף א מיטינג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָט מען געזאָגט, אז די רעדאַקטאָרס פון בודלערישע לאָיאַלע צייטונגען, האָט מען געראַרפט אויפהענגען אויף א פאָנאַרנעם סטאָלב... מען בעשרייבט די טרויעריגע לויה פון די ערמאָרדעטע מיינערס... 3550 סאָלדאַטען בעוואַכען די מערדער זיי זאָלען ניט קענען ארעסטירט ווערען. די ריכטער געבען ארויס וואַראַנטס זיי צו פערהאַפטען און די מיליץ היט זיי אָפּ מען האָט געלינטשט א נעגער... ער האָט פערגוואַלטיגט פינף פרויען און האָט דערשאָסען א מענשען פאַר דרייסיג טעג....

אין דער שטאָט באַבילאָן איז דאָ א פרוי, וואָס אַמוזירט זיך מיט שרפות... זי האָט פערגניגען צו זעהן, ווי מענשען כאַפּען זיך אויף ביי נאַכט טויט־ערשראָקענע, דער פייער פּלאַקערט, קינדער און פרויען שרייען, די גלאָקען קלינגען... טהאָרן און מיסים געק וועלען פאָרגעשטעלט ווערען פאַר דער דזשורי, און גאָלדענסופּס קאָפּ איז נאָך ניטאָ... א געוויסער מיסטער הופער איז געשוואומען פון טראָי ביז ניו יאָרק, 165 מייל, אום צו ווערען דורכדעם בעריהמט און קריגען א פּלאַץ אין א פינף־סענטיגען מוזעאום... אויף דער ניין און ניינציגסטער סטריט, איסט, האָט א פּאָליסמאַן געפונען אויף א סטופּ א יונגע פרוי, וועלכע איז געלעגען אין א טייך מיט בלוט. לעבען איהר, איז געלעגען א קינד, וועלכעס איז ערשט געבוירען געוואָרען...

דער הויף איז געווען פול מיט לעבען... ניט נור געשעפטס לעבען, די נאַטור אליין איז דאָ געווען זעהר גוט רעפּרעזענטירט. פון אָפּיס פלעגט אָפּט ארויסלויפען א שטאָלצער ניו־פאונדלענדער הונד און פלעגט זיך שטיפענדיג א וואָרף טאָן אויף די היהנער, וועלכע האָבען פריעדליך געלעבט אין דיעזען קאָהל יארד. עס איז געווען אזוי אנגע־נעהם צו זעהן, ווי די עהנער האָבען דאָ נע׳בעל־הבית׳עוועט, האָבען געקעמפּפט איינער מיט׳ן צווייטען און האָבען געפיהרט לאנגע קאָנ־ווערזאציאָנען מיט די לײדים, די היהנער... איהר מעגט לאכען, אז איך פלעג דערהערען אָפּט מאָל, ווי די עהנער אנקענען הויבען אָן קלאַפּען מיט די פליגלען און הויך קעהרען, פלעג איך זיך צו הערען מיט פערגעניגען... אין ניו יאָרק, וואו מען הערט אזוי פיעל רעד־נערס און אזוי פיעל פייפעריי, אזוי פיעל טומעל און געפּילדער — פלוצלונג אַן אמת׳ע נאַטירליכע „קוקעריקו!” א נארישקייט דאכט זיך, און עס דערמאָנט פאָרט אָן אנדערע צייטען, רופט ארויס לאנג פער־שוואונדענע בילדער... איהר זעהט א קליין שטעדטעל, א רוסיש דער־פעלע....

צווישען די עופות זיינען דאָ אויך געווען אריסטאָקראַטען. עט־ליכע ריאַבע „צעסערקעס” אָדער ווי די דייטשען רופען זיי, פּערלהיה־נער, וועלכע רעדען זעהר הויך... א פּארשוין, א פּאוולין און א נאָ־בעלע פּאווע... מיט שטאָלצקייט און מיט גאוה פלעגט דער פּאוולין שפּאַצירען איבער׳ן הויף, און מאַכענדיג פון זיינע שעהנע פעדערען א זעלטענע „פּען”... און זי איז געגאַנגען לעבען דיעזען געליעבטען ענאַאיסט מיט שטילע טריט...

נאָך פּאָר א יאָהרען ווינטער איז שוין אויף דיעזען יארד ניט גע־ווען אזוי פיעל לעבען און בעוועגונג. איצט אָבער איז דאָ שטיל און טויט... די גרויסע בוכשטאַבען פון „בראונס קאָאָל ענד וואוד יארד” זיי זיינען אָבגעבליאַקעוועט געוואָרען... אנשטאָט די גרויסע בערג, ליגט א קופּקעלע קוילען... מענשען ארבייטען ניט מעהר, אויסער איין אלטען פערשלאָפענעם פאַרמאַן. אנשטאָט די געזונטע, פעטע פערד, — איין אלטע קליאַטשע... ניטאָ קיין היהנער, דער שעה־נער פּאוולין און פערשוואונדען געוואָרען... שטיל איז דאָ, פּוסט און אונמוטהיג...

די זונן שיינט ווידער.

# אַן אונמוטהיגער אַקאָרד.

עס רעגענט. שוואַרצע וואָלקענס העננען נידריג איבער די דונקעלע טענעמענט הייזער. אזוי ווי פון א דורכגעריסענע זיפּ גיסט זיך דער רעגען אויף די שטיינער פון גאַס. אין שטוב איז אזוי פינסטער, אז איך זעה גאָר נישט ביי מיין שרייב טיש... איך געה צום פענסטער און קוק ארויס אין דעם טרויעריגען „דרויסען" ארויס... עס איז שטיל. זעלטען ווען לויפט דורך א פערבייגעהער, אן עקספּרעס גיט א שטורם איבער די שטיינער און ווערט גיך פערשוואונדען. איך הער, ביי מיין שכן אין הויז נעהמט אימיצער אויף דער פּיאַנאָ אן אונמוטהיגען מי־נאָרנעם אקאָרד און אלעס ווערט אנשווייגען.

דער רעגען קלאַפּט מיט א מאָנאָטאָנע רעגעלמעסיגקייט אין די שויבען פון פענסטער. איך גיב א קוק אנקעגען אויף א גרויסען, פּוסטען הויף און דאָס, וואָס איך בעמערק דאָרט, מאַכט מיך איצט נאָך אונמוטהיגער... עס איז שוין פיער יאָהר אז איך זעה דיזען הויף אלע טאָג פון מיינע פענסטער... א גרויסער הויף, אָבגעצאַמט מיט געפאַרבטע ברעטער, אויף וועלכע עס איז מיט גיגאַנטע אותיות אויפגעשריעבען: „בראונס קאָאל ענד וואוד יארד"... א מאָל איז דיעזער הויף געווען פול מיט לעבען. גאַנצע בערג מיט פערשיעדענע זאָרטען קוילען זיינען געלעגען אין בעזונדערע אבטהיילונגען. צעהנד־ליגער מענשען האָבען מיט לאָפּאַטעס געוואָרפען די קוילען אין דער הויך. יעדע מינוט פלעגען ארויספאָהרען פון הויף נייע אָבגעפאַרבטע וואָגענס מיט קוילען. געזונטע גרויסע פערד האָבען געהירזשעט אין הויף... אָפּט פלעגט די גאַנצע גאַס זיין פערפּלייצט מיט הונדערטע „טאַטשקעס", וועלכע פלעגען אָנפילען דעם גאַנצען הויף מיט נייע טראַנספּאָרטען... פרייליכע, מונטערע שטימען האָבען זיך שטענדיג געטראָגען פון דיעזען יארד... עס האָט דאָ געקאָכט און גערוישט,

# די פערבלאָנדזעטע נשמה.

(געשריעבען פון דער נאַטור).

.1

ער איז געזעסען אין איינעם פון די בעוואוסטע דאון־טאונער קאַפע סאַלונס מיט אַ דייטשע צייטונג אין האַנד, ווען איך האָב איהם דערזעהן צום ערשטען מאָל. אַ נידריטשענער מיט וויס־גרויע זילבער־נע בערדעל, מיט רויטע בעקלעך ווי ביי אַ דייטשע גרעטכען, מיט אַ גרויסען אָפּענעם, מיט געדאַנק בעלייכטעטען שטערען ווי ביי דעם גע־לערנטען דאָקטאָר פאוסט, מיט נאַאיווע, לעבהאַפטע אויגען ווי ביי אַ דייטשען בורש, מיט פלינקע בעוועגונגען פון אַ אינגעל מיט זעהר צוטראָגענע תחתונים און אָן אויסגעריבענעם רעקעל. זיינע פּענסנע האָבען זיך אַראָבגערוקט ניעדריג אויפ'ן נאָז און ער איז געזעסען פער־טיעפט אין דעם, וואָס מען שרייבט פון זיין „פאטערלאנד"...

דער ווירטה פון קאַפע סאַלון איז צוגעגאַנגען צו איהם און האָט גאַנץ פאַמיליאַר געזאָגט: „העררפיינקוכען, וועט איהר זאָ גוט זיין און געהן קויפען מיר דריי לעבלעך וויס ברויט?"

— אָ, יא! אָ, יא, נאַטירליך, מיט פערגניגען, האָט געענטפערט שנעל דער אונבעקאַנטער. אין אָן אויגענבליק האָט ער אַראָבגעכאַפּט זיינע „פּענסנע" פון נאָז און אריינגעשטעקט אין בוזעם־קעשענע, געבראַכט אין אָרדנונג זיין האַלז־באַנד, ריכטיג געשטעלט זיין ווייסען קראַגען, און אין אַ סעקונדע שפּעטער איז ער געלאָפען פון יענער זייט גאַס איבער'ן טראָטואַר צום בעקער... נאָך בעפאָר דער „ווייטער" האָט מיר דערלאַנגט מיין גלאָז טהעע, האָב איך איהם שוין ווידער געזעהן ביי דעם אייגענעם טישעל, מיט'ן גאַנצען נאָז אריינגעשטעקט אין די נייעס פון זיין פאָטערלאַנד.

איך געה צום פענסטער. דער מעכטיגער ווינד טרייבט און שטויסט די שווארצע וואָלקענס... איך קוק אויפ'ן קאָאל יארד און עס איז אזוי אנגענעהם צו זעהן א פרייע שטיקעל פלאַטץ, וועלכע איז ניט פערבויעט מיט הויכע טורעמס און וואָהין עס פאַלען אזוי פיעל ליכ־טיגע שטראַהלען... דער אלטער בראון, דער קאָאל הענדלער איז טאקע אויף צרות, אָבער וואָס קען מען העלפען? איהם האָט אויפגעפרע־סען דער קאָאל טראָסט, אזוי ווי אנדערע קליינע סוחרים ווערען אויפ־געפרעסען פון אנדערע טראָסט. געוויס יעדער צושטאנד האָט זיינע פּאָעטישע אייגענשאַפטען, וועלכע ווערען אויפגעפרעסען צוזאמען מיט די בראונס... אָבר וואָס איז די פּאָעזי, די מינארנע און מאַ־זשאָרנע אקאָרדען, מיט די שעהנע פּאוולין געגען דער אייזערנער, מעכטיגער ווירקליכקייט?...



בעדייטונג פון די ווערטער... אָבער מיינע העררן, גליוק האָט געוואָלט די וואהרע דראמא זאָל דיענען דער מוזיק און וואגנער האָט ערניעדריגט די מוזיק און האָט געזאָגט: די מוזיק דארף דיענען דער דראמא... יא, וואגנער איז גליוק'ס נאָכפאָלגער פונקט ווי שומאַן און מענדעלזאָן בארטאלדי זיינען די נאָכפאָלגער פון דעם גרויסען באַך. נעהמט צוםביישפּיעל באַך'ס בעריהמטע קאנטאטע „איך האטטע פיעל בעקימערנים..." איז אייך בעקאנט דאָ דער פּלאַץ, וואו עס פאנגען זיך אן דיעזע פוגען? ... ער האָט אָנגעהויבען זינגען מיט זיין הייזעריגע שטימע, מאכען די הענד קלאפּען טאקט מיט די פיס... אין א מינוט ארום האָט ער שוין ציטירט פון בעטהאָווענס נייענטען סימפּאָני, שפּעטער האָט ער „געפייפט" פון וועבער'ס „אָבעראָן".

דעם דריטען מאָל האָב איך איהם גאנץ אונערווארטעט באגעגענט אין אן אָרעמען רעסטאָראַן. ער איז געזעסען אין א ווינקעלע און האָט געשפּיעלט אויף א זאָנדערבארען מוזיקאלישען אינסטרומענט, וועלכען מען האָט ניט געקענט אָנרופען ניט מיט'ן נאָמען פליימע, ניט פּיקאָל, ניט פייפעלע... נאָכ'ן שפּיעלען האָט יעדער פון זיינע צוהערער געלעגט א פעני אָדער צוויי לעבען איהם אויפ'ן טיש. איך האָב מיך בעשלאָסען, ערפאהרען גענוי ווער איז ער, דיעזער מערקווירדיגער דייטשער יהודי.

.2

דיעזער אַלטער יונגער־מאנטשיק איז אלט פינף און זעכציג יאָהר. ער איז נאָך א בחור און האָפט מיט דער צייט, ווען זיין „גרויסע" ענטדעקונג וועט אנערקענט ווערען, חתונה צו האָבען מיט א שעהנע יונגע אלמנה. ער טרוימט פון ליעבע ווי א זיעבצעהן יעהריגער בחור'על, און גלויבט ערנסט, דאָס זיינע גליקליכע יאָהרען וועלען נאָך ערשט קומען. דערווייל הונגערט ער, געהט זעהר אָרעם געקליידעט, ערניעדריגט זיך אום צו פערדיענען א שטיקעל טרוקען ברויט און נעכטיגט שוין זעקס יאָהר אַלץ אין איינעם פון די אָרעמסטע „לאָדזשינג" הייזער אויף דער בויערי, וואו מען נעהמט ביי איהם פופצעהן סענט פאר א נאכט.

ער שטאמט פון זעהר א רייכע פאמיליע. אלע זיינע קרובים זיינען נעשיקטע קויף־לייטע און ער אליין האָט אויך געהאט א פערמעגען

— הערר פיינקוכען, זיי האָבען ביי מיר היינט א סיגארע...

—אָ! אָ, וואצו?... ערלויבען זיי מיר בעסער איין טאסע קאַפע און איין שטיקכען ברויט מיט פוטער... חע! חע! חע!.. צום טייוועל, איך האָב שוין ווידער אפעטיט...

דעם צווייטען מאָל האָב איך איהם געטראָפען אין דעם זעלבען „קאפע סאלון". ארום איהם איז געזעסען א גאנצע קאָמפּאניע מוזיקער און ער, דער אלטעטשקער, האָט גערעדט מיט בעגייסטערונג און איז ארומגעשפרונגען אויף זייןביינקעל, ווי א אינגעל א שטיפער. ער האָט גערעדט, ווי אַן אמת'ער קענער פון קלאסישע מוזיק. עס האָט אויסגעוויזען, ביי איהם אין קאָפּ איז דאָ א ביבליאָטעק פון דער מוזיקאלישער ליטעראטור. ער האָט יעדע מינוט דערמאָנט די נעמען פון די בעריהמטע מוזיקאלישע גאונים און האָט ציטירט, דאָס הייסט געזונגען צעהן־פופצעהן טאקטען, פון יעדער זייער ווערק. אזוי ווי פון א פאָנטאַן האָבען זיך ביי איהם געגאָסען טיעפזיניגע בעמערקונגען, וויציגע פאראלעלען, וויכטיגע ארגומענטען, היסטאָרישע פאקטען, „איך בין א דייטשער, מיינע העררן, און שטאָלציר דערמיט. דען מיר דייטשען האָבען געגעבען דער ציוויליזירטער וועלט אמת'ע פילאָזאָפי און אמת'ע מוזיק...

— איהר זייט א דייטשער? האָט בעמערקט איינער פון זיינע צוהערער. איהר זייט דאָך א יהודי.

— דייטשלאנד איז מיין פאָטערלאנד! דייטשלאנד האָט אייך געגעבען אזעלכע זשעניז פון געדאנקען ווי לייבניץ, קאנט, העגעל און געטע און אזעלכע זשעניען פון הארמאָני ווי סעבאסטיאן באך, הענדעל, גליוק, מאָזארט בעטהאָווען, האידען, שפאר, וועבער, מענדעלזאָן און שומאַן...

— נו, און וואגנער'ן רעכענט איהר גאָר ניט?

— יא, וואגנער איז אויך א זשעני, אָבער איך ליעב איהם ניט... ער האָט בעהאנדעלט די מוזיק ווי אַן אנארכיסט... וואגנער מיט זיין מוזיק דער צוקונפט איז קיין נייעס ניט אין דער מוזיקאלישער וועלט. דער גרויסער גליוק האָט אויך געזאָגט, דאָס אַן אָפערא ברויכט צו זיין נור א מוזיקאלישע דראמא... ער האָט אויך געקעמפפט געגען די איטאליענישע שארמאנקע מוזיק, מיט עפעקטען, מיט זיסע אריען, וועלכע האָבען קיין צוזאמענבונד ניט מיט דעם געדאנק און

פוילטען קאָסטיום, און איז דאָך לעבעדיג, מונטער, פריילין און פול מיט האָפנונגען. די מוזיק בעגייסטערט איהם, די גרויסע קלאַסיקער האַלטען איהם שטענדיג העכער פון דער ווירקליכער אָרעמער וועלט.. ער לעבט אין די ספערען פון סימפאָני און הארמאָני און הערט דעם דלות ווי דעם פאַר א יאָהריגען שנעע...

ווי אַזוי קען ער זיך פיהלען עלענד, פרעמד און נע־ונד, ווען ער האָט אַזעלכע טרייע קאָמעראדען, ווי הענדעל, מאָצארט און בעטהאָ־ווען? ... וואָס קען איהם שרעקען דער אָרימער, שמוציגער לאָדזשינג־הויז, ווען זיין גייסט רוהט אימער אין דעם טעמפעל דער קונסט?... ער דערמאָנט דעם אַלטען, דייטשישען פיאַניסט אין איינעם פון טור־געניעווס ראָמאַנען, וועלכער איז פערבלאָנזעט געוואָרען קיין רוס־לאַנד, וועלכער האָט געלעבט צווישען פרעמדע מענשען און האָט זיך געהאַט זיין אייגענע וועלט פון וואהרע קונסט און הארמאָני... ער האָט טריי געליעבט און אמת געלויבט און איז געשטאָרבען אַן עלענדער אין דער פרעמד... ער איז געווען אין אונזער פראַקטישער, מאַטעריאַליסטישער, שמוציגער וועלט אַ פרעמדע, פערבלאָנזעטע נשמה...



פון דרייסיג טויזענד דייטשע טאַלער... ער איז אָבער צווישען די סוחרים און הענדלער געווען א פערבלאָנזעטע נשמה — די נאַטור האָט אין איהם איינגעהויכט אַן ארטיסטישען גייסט מיט אַן אמת'ע איבער־געבענע ליעבע צו וואהרע קונסט; בעזאָנדערס, צו דער הימלישער מוזיק... מיט וואָס איז דער מענש געווען בעשעפטיגט זיין גאַנצעס לעבען, — קען מען וויסען דערפון, וואָס ער קען אויסווענדיג אַלע קוואַרטעטען פון היידען, אַלע אָראַטאָריעס, אַלע גרויסע סימפאָניען, אַלע קאַנטאַטען, אַלע מעסעס, אַלע בעריהמטע קלאַסישע אָפּערען. ער האָט זיך אינטערעסירט נור מיט איין זאַך — מיט מוזיק. אַזאַ געשעפט ברענגט ניט קיין פּראָפיט — ער איז גיך געוואָרען א קבצן. איהם האָט עס ווענינ געקימערט ער איז געווען אַזוי גוט בעקאַנט אין די מוזיקאַלי־שע קרייזען, דאָס מען האָט איהם אָהן געלד געלאָזט אויף אַלע אָפּערן־פאָרשטעלונגען, אויף אַלע קאָנצערטען און סימפאָנישע אבענדען. וואָס נאָך האָט ער געדאַרפט?...

ער האָט געקענט, געליעבט, געפיהלט די מוזיק און איז אָבער אליין געווען זעהר א שוואַכער מוזיקער. ער האָט געשפּיעלט אויף א פלייטע, ווי א געבילדעטער אַמאַטוער קען שפּיעלען... מיט געפיהל, מיט געשמאַק און אָהן טעכניק. איז פּלוצלונג איהם איינגעפאַלען א געדאַנק: ערפינדען אַזאַ מוזיקאַלישען אינסטרומענט, וועלכער זאָל זיין איינפאַך ווי די אינסטרומענטען אויף וועלכע אונזערע אור־עלטע־רען, די פּאַסטוכער האָבען געשפּיעלט און וועלכער זאָל אין דער זעל־בער צייט בעפריעדיגען אַלע פאָרדערונגען פון דער מוזיקאַלישער ווי־סענשאַפט. יאָהרען, צעהנדליגע יאָהרען פון זיין לעבען זיינען פער־שוואונדען פאַר איהם אונבאַמערקט. ער האָט געאַרבייט, געפּלאַנעוועט, געמאַכט מאָדעלען, געטראַכט און ענדליך — ער האָט איצט א היל־צערנע פייפעלע, אויף וועלכע ער שפּיעלט טאָנען און האַלבע טאָנען, א פייפעלע וועלכע אין זיינע אויגען, דאַרף זיין גערעכענט ווי איינע פון די גרעסטע ערפינדונגען פון אונזער יאָהר הונדערט. ער גלויבט אין זיין ערפינדונג, אָבער די פּראַקטישע מענשעלעך דאָרט אין איי־ראָפּאַ .און אויך דאָ אין אמעריקא ווילען ניט גלויבען... און ער שפּיעלט אויף זיין פייפעלע „דערווויילע" אין רעסטאָראַנען פאַר עטליכע סענטען. שלאָפט אין א לאָדזשינג הויז, בעדיענט דעם רעסטאָראַן־קי־פּער פאַר א טאַס קאַפע, פערנעהט זיך אליין יעדען טאָג זיין צו־

מיט יעדען טאָג. פיעלע קאַטאָלישע פעראײנען און געזעלשאַפטען גרינדען זיך דאָ אַלע וואָך. יעדער מאָנאַט וואַקסען הונדערטער נײַע קירכען־געביידעס, וועלכע קאָסטען מיליאָנען דאָלאַרס. דער פאַנאַטיז־מוס לעבט אין די הערצער פון פאָלק אונד די רעליגיאָן איז מעכטיג. אונזער קאַטאָלישע קירכע וועט שפּיעלען אין גיכען די גרעסטע פּאָ־ליטישע ראָלע אין אַמעריקאַ. די אַלטע מיינונגען זיינען צווישען די מאַסען אָבגעהיט מיט אויפערזוכט און די אפּיקורס'ישע וויסענשאַפטען זיינען שוואַך, ווי זויג־קינדער, זיי האָבען נט קיין ציין צו קייען און צו בייסען. אונשטערבליך איז די רעליגיאָן.

קאַרדינאַל סאַטאָלי.

---

דער דריטער בריעף איז אַדרעסירט קיין מאָסקווא.

ליעבער פריינד, איך בין גאַנץ צופריעדען מיט אַמעריקאַ. געשעפ־טען קען מען דאָ מאַכען פּונקט ווי ביי אייך. אַז מען שמירט פאָהרט מען דאָ גראַדע ווי אין רוסלאַנד. פּאָליציע נעהמט כּאבאַר, קרעדיט איז דאָ, אָנזעצען קען מען צוויי מאָל אין אַ יאָהר, ברענען איין מאָל אין צוויי יאָהר, גאָלען די באָרד אַלע זונטאָג אונד הערען אַ פּרעדיגט פון אַ רעפאָרמירטען רעוורענד אַלע ראָש השנה. אָן אָפּערא האָבען מיר דאָ אין אונזער מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז אַ בעסערע ווי ביי אייך און פריי בין איך ווי אַ יונקער, איך מאַך גוטע ביזנעס, רויכער האַ־וואַנער סיגאַרען און מיינע קינדער לערנען ביי פּראָפעסאָר פעליקס אַדלער אין זיין מוסטער שולע. דיין פריינד קויפמאַן.

---

דער פיערטער בריעף איז געגאַנגען קיין דרוע, וויטעבסקער גו־בערניע.

ידידי משה! וואָס זאָל איך דיר שרייבען? אויף אונזער שפּראַך הייסט עס: מען מאַכט אַ לעבען אין אַמעריקאַ און ביי אייך זאָגט מען פּשוט: מע ליגט אין דער ערד און מען באַקט בייגעל. איך ארבייט פון פריה מאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט, אַלע קינדער ארבייטען, אפילו די קליינינטשקע לויפען אַרום מיט פּייפּערס — און וואָס האָ־בען מיר? אַ מכה, שונא ישראל! שולען, מקואות, רבנים מיט דרשנים

# פיער בריעף.

אין דער טאַשע פון א בריעפטרעגער זיינען געלעגען פיער בריעף איינער לעבען אנדערען ווי פיער גוטע שכנים. אלע זיינען געוועזען אד־רעסירט קיין אייראָפּא, אלע אין גלייכע קאָנווערטען, אלע מארקעס פון יונייטעד סטייטס אָף אמעריקא, אין אלע פיער בריעף איז געוועזען געשריבען די ווארהייט און יעדע ווארהייט איז געוועזען אזוי ווייט איינע פון די אנדערע ווי דער הימעל איז ווייט פון דער ערד, און דאָך האָט מען פאר יעדער ווארהייט נור פינף סענט בעצאָהלט זי זאָל עקס־פּאָרטירט ווערען אין דער אלטער אייראָפּא אריין.

דער ערשטער בריעף איז געוועזען קיין ווינא. די ווארהייט איז דאָרט געוועזען אויסגעדריקט בזה הלשון:

טייערער קאמעראד! די גרויסע געדאנקען דער פרייהייט פּראָ־פּאגאנדירען זיך דאָ אָפען. די ארבייטער בעוועגונג שטארקט זיך מיט יעדען טאָג, אלע אונטערדריקטע פעראייניגען זיך און פאָרברייטען זיך צום קאמפף. פאנאטיזמוס איז פערניכטעט געוואָרען. די אלע רעלי־גיאָנען זיינען דאָ אין אמעריקא גאנץ שוואך און שפּיעלען קיין פּאָלי־טישע ראָלע ניט מעהר. דאָ אין אמעריקא זעהט מען שוין דייטליך אז די רעליגיאָן איז אַן אלטע באָבע אָהן ציין, זי קען ניט קייען און קען ניט בייסען. קלוגע מיינונגען פערשפּרייטען זיך צווישען פאָלק, די ריינע וויסענשאפט וואקסט און ווערט שטארק מעכטיג.

דיין פריינד בראוּוערמאַן.

---

דער צווייטער בריעף איז געגאנגען קיין רוים:

הייליגער פאפּסט! די גרויסע געדאנקען פון קאטאָליציזמוס פּראָפּאגאנדירען זיך דאָ גאנץ אָפען, אונזער קירכע פערשטארקט זיך

# די נייע קאָפּעריישאָן.

אין האָלסייל געשעפט פון מר. דייוו רעשעסקעס (דוד יאָסקעס בלע"ז) איז שטיל. די קלערקס שטעהען אָבגעזונדערט און וואגען ניט צו רעדען הויך; די שעהנע בוכהאלטערין לינא, וועלכע האָט שטענדיג די פּריווילעגיע צו לאַכען אין סטאָר, — לאַכט ניט היינט; ער, דער באָס אליין, מר. דייוו דזשעסקעס, זיצט מיט אן אראָבגעלאָזענע „נאָזע" און מיט א פּערלאָשענעם סמוקער אין האנד. מען קען מיינען, מר. דזשעסקעס פּלאַנעוועט איצט ווי צו מאַכען א פייער, אָדער צו שפּיעלען א טריק די קרעדיטאָרען, אָדער ווי צו קורירען זיך פון דיספּעפּסיע. אין דער ווירקליכקייט אָבער זיינען די געדאנקען זיינע ווייט פון פייער און דיספּעפּסיע. ביי איהם איז אַלעס אָלל רייט אָבער ניט אָלל רייט איז מיסיס דייוו דזשעסקעס. זי איז געקומען, ניט פאר אייך געדאכט, פון דער קאָנטרי מיט א בים און האלט זעהר שמאָל...

מענשען! נעהמט אייך אראָפּ א מוסר פון מיסיס דזשעסקעס, פאר דער קאָנטרי האָט זי געהאט, קיין עין הרע, צוויי הונדערט און אכט און פופציג פונט און נאָך דער קאָנטרי איז זי געקומען ביט צוויי אָקעם פלייש און שמאָלץ מעהר. אויף דער פּיאַזע אין האָטעל איז פאר איהר געשטאַנען א ראָקענטשער עקסטרא סייז. ניט אנדערש ווי בע־האַנגען און בעפּוצט מיט אַלערליי דזשולערי פלעגט זי זיצען אויף דער פּיאַזע און שאָקלען זיך ביז דער גלעקעל האָט גערופען עסען. אָבגע־געסען — ווידער געשאָקעלט זיך ביז דער גלעקעל האָט גערופען עסען, ווידער אָבגעגעסען און ווידער געראָקט זיך, און ווידער געגעסען און גע־ראָקט זיך ביז'ן שלאָפען... אויסגעשלאָפען זיך און געראָקט זיך ביז'ן עסען. פּלוצלונג איז געקומען אויף דער פּיאַזע צופליהען א קליינע חיה'לע „זים, זים זים" האָט גערוישט און געזוכט א פּאַסענדע סטאַנציע. מרס. דזשעסקעס גלאַנצענדע באַק האָט געוואונען איהר סימפּאטהיע.

האָבען מיר דאָ מעהר פון אייך, אָבער נחת נאָך וועניגער. מיר וואַלגערן זיך אין ענגע אַלקערלאָך, עסען פערשימעלטע הערינג און די פּאָליציי פרעגט ניט קיין פּאַספּאָרט און טרעט אויפ׳ן קאָפּ. טרויעריג ציהען זיך די טעג — מען שטעהט אויף אין דער פריה צו דער ארבייט, און מען לייגט זיך שלאָפען מען זאָל ווידער כוח האָבען אויפצושטעהן אר־בייטען. בלאָטע און שמוץ האָבען מיר גענוג, מעהר ווי אין דרוע, אָבער די זונן האָב איך נאָך ניט געזעהן אין אמעריקא, מיט קיין פרישע לופט האָט נאָך מיין הארץ ניט געאָטעמט און קיין גרינע בוי־מעלע האָט נאָך מיין אויג ניט בעגעגענט. מען שטופּט אָב די וועלטעל, די לעצטע כוחות ווערען פערלאָרען, די פיס אויסגעקרימט, די ברוסט אויסגעדארט, דער מארך פון די ביינער אויסגעטרוקענט, די אויגען ווערען שלאַף און קראַנק... און וואָס וועט זיין דער תכלית? ווען וועט זיין אַן ענדע צו די צרות?

ידידי משה מיין פלוניתטע שרה־פרומע איז אלט און גרוי געוואָ־רען... פער׳חושך׳ט, פערשווארצט, די קינדער אָבגעריסענע, אָבגע־שליסענע, באָרוועסע, נאַקעטע לויפען אום מיט די ווילדע יונגאטשעס און איך זיץ און נעה, און נעה, און נעה!... איך וועל נעהען ביז דער מלאך המות וועט זיך ערבארעמען איבער מיר, וועט קומען און זאָגען: אמעריקאנער סיטיזען! גענוג ארבייטען! קום רוהען אין ענגען פינס־טערען גרוב... און עס קען נאָך זיין, אז איידער איך וועל טרעפען אין קבר אריין וועלען דאָקטוירים ערגעץ אין א האָספּיטאַל צושניידען מיין ארעם הארץ אויף שטיקלעך און צוברעכען מיין אונגליקליכען קאָפּ אויף ברעקלעך. פריינד מיינער, די טרער וואָס איצט אראָבגעפאלען אויפ׳ן בריעף דאָס איז מיין זיעגעל, דאָס איז א חתימה פון א קבצן, דיין פריינד שווייגמאַן.



מיט רויך פון זיין סיגארע, האָט געפונען אז פונקט יעצט פאסט ניט ארויסצולאָזען דעם רויך פון מויל. ער האָט געוואָלט דעם גאנצען רויך אראָפּשלינגען און האָט זיך שטארק פערהוסט און פערפערכעט. ביז'ן היילינגען אָרט האָט דער רויך דעם ראבינער געקיצעלט און ער האָט ניט אויפגעהערט צו הוסטען: מר. דזשעסקעס האָט געזיפצעט און די פערד זיינען געגאנגען מיט קליינע לאנגזאמע טריט.

ענדליך איז געקומען די לעצטע שרעקליכע מינוט. דער ארון איז געשטאנען לעבען אָפענעם קבר, נאָהענט דערביי דער אלמן און זיינע קינדער אין טרויער. ביי די אבלות זיינען ניט נור די שווארצע קליידער שוין געווען ארומגעטרימט מיט ווייסע טאסמעס, נור אפילו די נאָז פאטשיילקעס זיינען געווען אמת'ע עכטע טרויער אוניפאָרם, כדת המאָדע. די קרובים האָבען געוויינט, גוטע פריינד האָבען געהאלטען לאָפּעטעס, יעדער האָט געוואָלט פערדיענען א מצוה ביי מרס. דזשעס־קעס. דער שמש האָט געזאָגט א געדונגענעם יתגדל ויתקדש, די איירי־שע דרייווערס האָבען אנטקעגען אין א סאלון געטרונקען ביער און גע־קייט טשו טאָבעקאָ, די פערד, בעדעקט מיט ווארעמע דעקען האָבען געגענעצט און געסקריפּעט, און דער רעווערענד, ביי וועלכען דער רויך האָט נאָך אלץ געריסען אין האלז, האָט זיך אויסגעהוסט, לאנגזאם אויסגערייניגט זיין סאָלידע דייטשע נאָזע מיט א גרויסען ווייסען שנופּ־טוך און האָט אָנגעפאנגען:

„ברידער און שוועסטער! דער קעניג דאוויד האָט געזאָגט: היודך עפר (האיאָדך האפאר) גאָט אָף איזראעל, קען דיך לויבען אש? ברידער אונד שוועסטער, בעטראכטעט דיעזע טויטע פרוי, ווארום ווען מען זעהט פאר זיך א טויטען, פערשטעהט מען, דאָס ווען מען שטארבט, לעבט מען שוין ניט מעהר, אָה! ניין! זי איז געווען א שטילע, א פיינע, א גוטע, א ליעבענסווירדיגע, א טוגענהאפטע פרוי, א מוסטער פון א מוטער, א געבילדעטע נאָבעלע בת ציון, א פרוי איזראאיליטין, א צדקות אונד דאָך, אז מען שטארבט איז מען געשטאָרבען, יו קענט העלפּ איט. א גרויסער פילאָזאָף האָט א מאָל געזאָגט: איך גלויב ניט אין גאָט, אונד דאָך ווען ער איז געשטאָרבען איז ער געווען טויט. נון, וואָס איז פילאָזאָפי? א מיליאָנער האָט א מאָל געפּראהלט: ער איז רייך, אונד דאָך, ווען ער איז געוועזען טויט, האָט ער מעהר ניט געלעבט. נון, וואָס איז רייכטום? א גרויסער העלד האָט א מאָל זיך

די באָק האָט באַלד אָנגעהויבען צו צונעהמען און צו צונעהמען און די דאָקטוירים זאָגען: עס קען אזוי לאַנג צונעהמען, ביז וואַנען עס וועט צונעהמען אין גאַנצען, אי! וואָס איז אַ מענש!...

זיצט מר. דייווו דזשעסקעס און טראַכט ערנסט און שטאַרק: אַ פיונעראַל, ער — אַן אַלמן, שעהנע בוכהאַלטערין לינאַ, פערד און דרייווערס פון סטייבעל, ברידער פון לאָדזש, אַן אונטערטייקער, אַ רעווערענד, קרענצע פון די קינדער, פון די קלוירקס, אַלע שכנים קוקען, פיעל קערעדזשעס, אַ שעהנער פאַראַד...

ער גיט אַשווערען זיפץ, די נאַזע אַקאָמפּאַנירט צו און גיט אַ פייף, די קלוירקס האַלטען זיך ווי ערנסטע מענשען, נור די שעהנע בוכהאַלטערין לינאַ שיסט אויס מיט אַ פערדריקטען קוויטש, פאַר כאַפּט זיך באַלד און וויל אריינשרייבען אין בוך נאָך אַ נול. די פערדער אָבער מאַכט אַ בולבע און לינאַ בלייבט ערנסט.

.2

מרס. דזשעסקעס איז געשטאָרבען — ברוך דיין אמת! אַ קערעדזש פול מיט בלומען פיהרט זי איבער'ן טייך קיין ברוקלין, נאָכ'ן ברמנן ציהט זיך אַ לאַנגער צוג מיט קערעדזשעס, אין וועלכע עס הערען זיך פרעהליכע, קינדערשע שטימען און זעהען זיך פיעלע צופריעדענע פנים'ער. עס איז קיין חדוש! אין אמעריקא פאָהרט מען אין קערעדזשעס נור צו דער לויה אָדער צו אַ חופּה. און יעדען פרעהט דאָס פערגעניגען צו האָבען אַ „פרי רייד"...

אין ערשטען קערעדזש פאָהרט נעבעך דער אַלמן, מר. דזשעסקעס און מיט איהם דער ראַבינער פון דער קאָנגרעגיישאָן „אנשי בני רצוצים", רעווערענד מאָזעס קלאַטשקע. מר. דזשעסקעס זיפצט און רעווערענד קלאַטשקע רויכערט איין אמת'ן עכטען „שנאָר" סיגאַר.

אָח, הערר ראַבינער! זאָגט מיט אַ וויינענדיגע שטימע מר. דזשעסקעס, זי איז געווען אַ פרוי, אַ זעלטענהייט. פערציג יאָהר געלעבט. טשיקען סאַלאַד פלעגט זי מאַכען, פונקט זי זאָל זיין אַ געבאָרענע אמעריקאַנערין, זי האָט געהאַט אַ רוהיגען און אַ געזונטען כאַראַקטער — זי האָט געשוויגען און געגעסען, און איצט...

רעווערענד מאָזעס קלאַטשקע, ביי וועלכען דאָס מויל איז געווען פול

„אַ קאַאָפּעריישען מאַכען אונד שותפים זיין איז גוט דאָרט, אויפ'ן בית עולם. דאָ אָבער, עוועריבאַדי מיינד יאָור ביזנעס..." מיסטער דזשעסקעס האָט עס געזאָגט מיט גרויס ווירדע און האָט זיך צוגעבויגען אַ קוק טאָן אין בוך, וואָס לינאַ שרייבט. זייערע אויגען האָבען בעגעגענט און ביידען איז געקומען אַ געדאַנק פון אַן אַנדער קאָאָפּעריישען...



בעריהמט: איך בין שטארק, אונד דאָך ווען ער איז געוועזן טוידט, איז ער געוועזן אַ געשטאָרבענער. נון, וואָס איז שטארקייט? וואָס איז איבערהויפּט אַ מענש, וואָס איז אַ וואהרער איזראעליט? זאָל איך דיער־זער געמאהל, וועלכער בעוועגט יעצט זיינע פערלאָרענע געמאהלין זיין צום ביישפּיעל: ער איז איין טרייער איזראעליט, אַ גוטער ביזנעס מאַן, איהם האָט יעצט גאָט געהאָלפען, זאָל דער אַלמעכטיגער אזוי העלפען אַלע אידען ונאמר אמן".

וועהרענד דער ראַבינער האָט געהאַלטען זיין מערקווירדיגע רעדע, האָבען אַלע ביטער געוויינט און מר. דזשעסקעס האָט זיך געווענדעט צו זיינע קלוירקס מיט אַ יאָמער־געשריי: „איהר זעהט, וואָס אונזער סוף איז? איך דארף ניט מעהר. וואָס דארף איך רייכטהום? וואָס דארף איך זיין אַ העלד? וואָס דארף איך זיין אַ פילאָזאָף? נאָ מאָר!... איך קען מעהר ניט אונד וויל מעהר ניט פיהרען קיינע ביזנעס... נעהמט דעם סטאָר... פיהרט. האנדעלט. זאָלען מיר זיין אַ קאָאָפּערייישען! אַ נייע קאָאָפּערייישען! אה! מיין ווייב! מיין סעראה!... וואָס דארף איך, ווען זי איז ניטאָ?"

.3

אין סאַלון האָבען אַלע גענומען צוביסלעך וויסקי, פערביסען מיט קעז און שפּעט ביי נאַכט איז מען געקומען אהיים.

אין דער פריה האָט מען פון סטאָר אראָפּגענומען די טרויער אנאָנסע. די קלוירקס האָבען זיך געשטעלט אויף זייערע פּלעצער און לי־נאַ די בוכהאַלטערין האָט זיך געזעצט ביי איהר דעסק און האָט בעציי־טענס אָנגעהויבען קנייפּען איהר לאַנדש, קייען און לאַכען. מר. דזשעסקעס איז געקומען אין סטאָר שפּעט. ער האָט געהאַט זעהר אַ זויערען און בייזען פּנים. אויף זיין צילינדער איז געוועזן אָנגענעהט אַ שווארצע שטיק טרויער טוך. פאַר וואָס טוט איהר גאָר ניט? האָט ער אַ געשריי געטאָן צו די קלערקס, איהר קענט זיך ניט געפינען קיין ארבייט?

לינאַ האָט אַ לאַך געטאָן און האָט אויסגעשריען: זיי מיינען, דאָס זיי זיינען מיט אייך יעצט פּארטנערס. יו נאָ, אַ נייע קאָאָפּעריי־שען...

גראָשען צו סעטלען אַן אונערוואַרטעטען דעפיציט, — ער איז דאָ, זיין האַנד איז די ערשטע צו דערלאַנגען אַ קוואָדער, זיין שטימע איז די ערשטע צו שרייען „יאַ...‟ אַ ניט דאָ געדאַכט זיצט אין איהם, װעלכער שטויסט איהם צו קהלשע אַרבייט, און לאָזט איהם ניט רוּהען, לאָזט איהם ניט אָטהעמען.

מעהר פון אַלץ איז מען איהם מקנא, וואָס איהם לעבט זיך גוט. שטענדיג איז ער זאָרגלאָז, קיין מאָל קלאָגט ער זיך ניט, אַז איהם איז שלעכט. צו יעדער צייט לאַכט ער מיט'ן גאַנצען האַרצען און עס האָט זיך נאָך ניט געטראָפען, ער זאָל ניט געבען מיט'ן פולען האַנד, װען מען דאַרף. עס איז וואַהר, זיין גוטעס אָפּענעס געזיכט װערט קיין מאָל ניט פערוואָלקענט מיט אַ טרויעריגען געדאַנק. װען ער איז צווישען מענשען, װען ער איז בעגייסטערט, װען ער פערגעסט זיך. אָבער װען ער קעהרט זיך אום שפּעט אין דער נאַכט אַהיים, נאָך אַלע הייסע דעבאַטען, נאָך אַלע קהל'שע ערפאָלגען און גרויסע זיעגען, װען ער שטעלט זיך אָפּ אין אַ ווינקעלע און זוכט איבער אַלע קעשענעס, צו איז איהם געבליבען כאָטש עטליכע סענט פאַר זיינע געליעבטע קינדערלעך, װען ער גיט זיך פּלוצלונג אַ כאַפּ ביים האַרצען און ביים קאָפּ און גיט אַגעשריי „וועה איז מיר! וואָס טוט מען? װעל איך שוין מאָרגען קריגען אַרבייט צו נייען?‟ װען ער פערבייסט די ליפּען און געהט שטיל אין פינסטערן האָל צו זיינע אָרעמע צימערלעך, װען ער זיצט עטליכע מינוט אויפ'ן ברעג בעטעל אַ פערטראַכטער און זיפצט שווער, דאַן איז ער גאָר אַן אַנדער מענש. אָבער װער זעהט עס און װער וויים עס? ער אַליין האָט פיינט פון זיך צו דערצעהלען.

קענט איהר איהם?



# איהר קענט איהם?

(א סיליועט).

ער זידט, ער קאָכט, ער וואַרפט זיך אויף אַלע זייטען, ער איז שטענדיג פערנומען, שטענדיג צוהיצט, צופלאַקערט... וואו עס איז נור דאָ א „גוטע" סאָסייטע, דאָרט איז ער א מעמבער. וואו עס נור א נוצליכע אונטערנעהמונג, דאָרט איז ער א פלייסיגער מיטהעלפער. יעדען אבענד האָט ער דריי — פיער מיטינגען, וועלכע ער מוז „אטענדען", פינף—זעקס דעבאַטען אין וועלכע ער דאַרף נעהמען אַן אַנטייל. אויף יעדע פערזאַמלונג איז ער מיט דער אָפּאָזיציאָן, מיט דער שוואַכער מינאָריטעט, וועלכע שטעהט פאַר גערעכטיגקייט. ער איז דער ערשטער צו ווערען ענטציקט פון אַן אמת'ן וואָרט, דער ערשטער צו אַפּלאָדירען יעדען גוט געמאַכטען פּאָינט; דער ערשטער צו שרייען „פע", ווען מען רעדט ניט צו דער „אמת'ער זאַך"...

ער זוכט ניט קיין כבוד, ווייס ניט פון קיין חכמות, איהם האַרט ניט, אַז מען לאַכט פון איהם אונטער. ער בעלעדיגט זיך ניט, ווען מען פערטשעפּעט איהם אין א דעבאַטע. ער איז א מענש אָהן א גאַל, פון זיינע ליפּען געהט ניט אראָפּ דער גוטער שמייכעלע אין זיינע פריינדליך־קוקענדע, גרויסע און א ביסעל נאַררישע אויגען לייכט זיך שטענדיג א פייעריל פון גוטמוטהיגקייט. ער איז קיין מאָל ניט מיעד צו דיסקוטירען און צו ארגומענטירען. פאַר „זיין" צייטונג, פאַר זיין געליעבטען שרייבער, פאַר זיינע פּרינציפּען איז ער בערייט צו שטרייטען אין „זיין" קאַפע סאַלון ביז טאָג, ביז ער ווערט הייזעריג, ביז זיין אָפּאָנענט וועט אַנטלויפען פון איהם, ווי א פער'סם'טער... דאַרף מען אימיצען שיקען, דאַרף מען ארומגעהן פערקויפען מיט „טיקעטס", שטעהן ביי דער טהיר, לויפען נאָך א „פערשפּעטיגטען" רעדנער, קריגען אייז־וואַסער פאַר'ן אָראַטאָר, צוזאַמען קלייבען עטליכע

שמעו שמים והאזיני ארץ... ניט אַלע מעערען זיינען איין לענג, ניט אַלע בערג זיינען איין הויך, ניט אַלע מענשען האָבען איין געשטאַלט, ניט אַלע קנאַקערס האָבען איין טאַלאַנט. אונזער גע־ליעבטער מיסטער באָק איז אויך אַ מענש פאַר זיך, ווי אַזוי זאָגען די חכמי אומות העולם „אַן און פיר זיך"... פיר זיך הייסט ניט אַז ער פיהרט זיך אַליין ביי דער נאָז. דוקא פערקעהרט, יעדער זשעני, יעדער גרויסער קנאַקער פיהרט שטענדיג ביי דער נאָז די יעניגע, וועלכער דער רבונו של עולם האָט נור צוליעב דעם אַ נאָז געגעבען. יאָ, אַז מיר רעדען שוין יאָ פון נאָז, וועלען מיר אָנפאַנגען פון נאָז. אונזער מיסטער באָק האָט אַ פיינעם און אַ סאָלידנעם נאָז; זיין נאָז איז געווים אָפּגעקאָפּירט געוואָרען פון איינע פון די טראָמפּעטען, אין וועלכע די אידען האָבען געבלאָזען לעבען די ווענט פון שטאָדט יריחו. ניט איין פּעס־טונג האָט אונזער מיסטער באָק איינגענומען, ניט איין אָפּאָזיציאָן אומגעשטירצט, ניט איין פיינד געצוואונגען צו לויפען פון שלאַכט־פעלד, נור דערפאַר ווייל זיין ליעבער נאָז פייפט גוט. איין תקיעה גדולה פון זיין נאָזלעכעל מאַכט, אַז די הערצער פון זיינע צוהערער ציטערען, די אויגען גיסען טרערען, די מיילער ווערען צוריסען, שרייענדיג און די הענד ווערען געשוואָלען קלאַפּענדיג בראַוואָ, מיסטער באָק! בראַוואָ! עס לעבע די גערעכטיגקייט!...

איין שריט איז נור פון גוטס ביז שלעכטס, פון טרויעריגס ביז פריילינכס, און נאָך נעהענטער איז פון מיסטער באָק׳ס נאָז ביז זיין מויל, אַך! וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרען מויל ער האָט! ניט אומזיסט לויפען איהם נאָך טויזענדער אַרבייטער, ניט אומזיסט רעכענט ער זיך פאַר איינעם פון די גרעסטע ספּיקערס צווישען אַלע אונטערהויזען־מייקערס, ניט אומזיסט ריהמט זיך מיסטער באָק, אַז ער קען מיט איין שלעפּ איינשלינגען דעם פערפלוכטען קאַפּיטאַליזמוס... אַ! ער האָט אַ מויל!... מיסטער באָק האָט שוין געוואָלט אַ מאָל איינשלינגען דעם קופּעל מיט דעם טורעם פון וואָרלד׳ס בילדינג... אַ מצוה אויף זיי, לאָזען זיי ניט זיין קיין קאַפּיטאַליסטען!... און ער האָט דאָס ניט געטאָן נור דערפאַר, ווייל אין „וואָרלד" אַרבייט אַ רעפּאָרטער, וועלכער קען אויך גוט שפּילען אין פּינעקיל און איז אַ גוטער ברודער... איבער איין צדיק זיינען געראַטעט געוואָרען סדום און עמורה. דאָס איז ניט קיין גוזמא! היינט, שטעלט אייך פאָר,

# ניו יאָרקער חברה ערב־רב.

חיים באָק.

— איהר קענט איהם ?
— ווענען ?
— איהם זעלבסט, אונזער גרויסען . . .
— אונזער גרויסען . . . וואָס ?
— אונזער גרויסען אָרגאַניזאַטאָר, אונזער געפעהרליכען אגיטאַ־טאָר, אונזער גלענצענדען אָראַטאָר, מיט איין וואָרט, קענט איהר אונ־זער בעריהמטען מיסטער חיים באָק, פאָלקס־טריבון און ארבייטער פאָרשטעהער, מענשען פריינד און רעוואָלוציאָן מאַכער, פילאָזאָף און וויטצען־זאָגער, ערנסטער שרייבער און קאַטאָוועס טרייבער ? קענט איהר איהם ? פערשטעהט איהר איהם ? שעטצט איהר איהם ? א זשעני, א גרויסער טאַלאַנט, א גרויסער העלד, א ערעלעם הערץ, א דענ־קענדער קאָפּ — דאָס אַלעס איז ניט גרינג צו פערשטעהן. די קליינע איינפאַכע מענשעלעך ווילען ניט און קענען ניט שעטצען זייערע גרויסע פאָרשטעהער און פיהרער. זיי ווייסען ניט קיין אונטערשיעד צווישען תרח און בלק, צווישען נאַפּאָלעאָן און שבתי צבי, צווישען עדיסאָן און דעם בעל שם. געווים ווילען דיעזע קליינע מענשעלעך ניט זעהן קיין חלוק צווישען אונזער גרויסען, פראַכטפאָלען, טאַלאַנטפאָלען, גלענצענדען, איבערראַשענדען, ריעזען־העלדישען (די אַלע „קלאַסישע ווערטער האָב איך ארויסגעלאַטכענט פון א אידישער טהעאַטער אפי־שע), מיסטער חיים באָק און דעם פראָסטען גוט בעריהמטען און גוט בעוואוסטען משה לאָקש. דאַרום נעהמען מיר אויף זיך אייך צו ער־קלעהרען, ווער איז ער, אונזער מיסטער באָק, וואָס טוט ער, וואָס דאַרף און וואָס ווינשט ער ?

הורריי! שפּילט די מאַרסעליעזע! הויבט אויף אייערע פאָהנעז! באַק געהט! באַק קומט! באַק זיעגט! הורריי!

— מיט וואָס איז אָבער מיסטער חיים באַק גרויס? האָט ער פיעל געלערענט, געלעזען?

— בעהיטע גאָט! וואו דאַרף א גרויסער מענש לערנען און לע־זען? א גרויסער מענש איז גרויס ניט דערפאַר, ווייל ער קען און ווייס עטוואָס, א גרויסער מענש איז גרויס דערפאַר נור, ווייל ער איז גרויס און אָט איז טאַקע א סמן: מיסטער באַק איז געלערענט ווי א בעל עגלה, געפּילדערט ווי א מאַרק־אידענע. ער ווייס ניט אפילו אז קמץ א איז מע, און פון דעסטוועגען דאַס שאַט איהם ניט צו זיין גרויס.

— נון, איז מיסטער באַק, געוויס קלוג, ווי א ממזר, האָט א גוטע קאָפּ און פערשטעהט א געשעפט?

— דוקא בלא מיט א גרויסען אלף, ער פערשטעהט ניט אפילו א קאַץ א וויידעל צו פערבינדען, איז נאַרריש שטאַלץ, ווייסט ניט וואו איין און וואו אויס.

— געוואלד, רבונו של עולם, ווי־זשע אזוי איז ער געוואָרען גרויס? מיט וואָס איז ער געוואָרען גרויס? ווער האָט איהם געמאַכט גרויס? מיט וועלכע גרויסע געשעפטען בעשעפטיגט ער זיך?

— איך וועל אייך ערקלעהרען: מיסטער חיים באַק איז געוואָרען גרויס, בעריהמט, בעליעבט און בעוואוסט, ווייל... ווייל ער...

ער קנאַקט,
ער וואַגט,
ער קיצעלט,
ער שפּילט,
ער שרייט,
ער רוקט זיין נאָז,
ער בלאָזט פון זיך,
אָט דאָס זיינען די שבעה מעלות בגולם, וועלכע מאַכען גרויס...

— איך פערשטעה ניט וואָס הייסט דאָס: ער קנאַקט, ער קיצעלט, ער בלאָזט?

— דאָס הייסט, מיסטער באַק טוט גאָר ניט און וויל גאָר ניט טאָן; ער קען גאָר נישט און ווייס ניט פון זיין לייב און לעבען, און דאָך שפּילט ער אזא ראָלע און איז א גאַנצער מאַכער צווישען די

וואָס פאַר אַ זיסע, ליעבע, וואונדערבאַרע, פּראַכטפאָלע, איבעררא־שענדע, ריזענהעלדישע שטימע עס געהט ארויס פון זיין זיסען מויל! די צוהערער זיצען ניט טויט, ניט לעבעדיג. די הערצער זיינען פערקלעמט, די נשמות זיינען אריין אין די פיאַטעס, דער אָטעם האָט זיך איבערגע־האַקט, דאָס בלוט איז פערקיהלט... אָט, אָט, וועט פון מיסטער באָק'ס מויל ארויספליהען אַ בת קול, און עס פליהט ארויס...

אָט הערט איהר ווי אַ גאַנצע מחנה היישעריקען צווירקען, אָט ווייזט זיך אייך אויס, אַז עס סקריפּען די רעדער פון אַ וואָגען, וועל־כער מוז שוין זיעבצעהן יאָהר ניט זיין געשמירט, אָט מיינט איהר, אַז עס קוויטשעט אַ קאַץ, וועלכער מען האָט אָנגעטרעטען אויפ'ן עק, אָט הערט איהר אַ געפּילדער, גלייך ווי אַ בעל תפלה שרייט עוזר דלים! דאָס פּובליקום קוועלט, די הערצען קוויקען זיך, די פרויען זיינען זיך מחיה.

„אלע צונגען אין בעוועגונג
אלע לונגען אין ערגעגונג"

און מען פּליאַסקעט און מען שרייט: בראַוואָ! עס לעבע דער יוניאָניזמוס! עס לעבע די פרייהייט און גלייכהייט! אַ כפּרה וואנדער־בילד מיט רזשיי גולד! לאַנג לעבען זאָל מיסטער באָק!

ווילט איהר דערקענען אונזער מיסטער באָק אויפ'ן גאַסס? אַז איהר וועט דערזעהן אַ קאָפּ אונטער אַ סטאָוו־פּייפּ, וועלכער וועט אויסווייזען ווי אַ פּייג אונטער אַ פּאָקרישקע, און וועלכע וועט פּאַסען צום פּנים אקוראַט ווי אַ בהמה פּאַסט אַ זאָטעל, אַז איהר וועט דערזעהן אַ מענש, וועלכער ציהט אויס זיין קאָפּ ביז די וואָלקענס און ווארפט מיט זיינע אויגען פון העסטער סטריט ביז טאַמאַני האָל, אַז איהר וועט בעגעגענען אַ הערר, וועלכער מאַכט אַ רעש, אַז ער געהט אין גאַס, אויף וועלכען מען קוקט, מען טייטעלט מיט די פינגער, פאַר וועלכען ארבייטער פאַלען צו דער ערד און גאַזעטען־מייקערס הויבען אויף זייערע היט, אַז איהר וועט הערען אַז מען זאָגט: אָט דאָס איז ער! אָט דאָס געהט ער! דאָס קומט ער! אונזערער... אונזער רעטער, אונזער פאָרשטעהער, אונזער חכם עתיק, אונזער תקיף, אונזער בריה, אונזער מאַכער... זאָלט איהר וויסען, אַז דאָס איז ער... ער אליין, אונזער גרויסער, אלמעכטיגער מיסטער חיים באָק! הוררײ! שרייט

דען ניט אַ גרויסער מאַן? יאַ! שרייען אַלע זיינע חסידים, גרויס, בעליעבט און בעריהמט איז אונזער גרויסער קנאַקער, אונזער תקיף און בעל טובה, מיסטער חיים באָק! לאָז איהם דער רבונו של עולם געבען לאַנגע יאָהרען און קורצען שכל, ער זאָל אונז נאָך לאַנג קענען פיהרען ביי די נעזער, און זיין אונזער בעל טובה און פאָרשטעהער! הוררייו! עס לעבען די קנאַקעריי! הוררייו! עס לעבע די גערעכטיג־קייט!

און אונזער ר' חיים באָק טוט זיך דערוואייל זיינס, דאָס הייסט, ער טוט גאָר נישט, ער קנאַקט. ער קיצעלט, ער שפּילט, ער שרייט, ער רוקט זיין נאָז, ער בלאָזט פון זיך...

קנאַק, ברודער, קנאַק כל זמן עס קנאַקט זיך! ארבייטער הויבט אויף אייער יוניאָן פאָהנען און שרייט: הוררייו! עס לעבע די גערעכעטינקייט!



אַרעמע און לייכטזיננינגע אַרבייטער, ווייל 1) ע ר ק נ א ק ט, ער האַקט אין קרויט אריין, ער רעדט וואָס איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, זאָגט צו הרים וגבעות, פאַררעדט די צייהן, פערבלענדעט די אויגען מיט קנאַקענדע ווערטער און פראַזען. 2) ער ו ו א נ ט . . . ער שלאָגט דורך די וואַנט מיט'ן קאָפּ, ער שטעלט זיך ניט אָב, ער ערלויבט זיך אַלעס, ער שעמט זיך ניט, האָט ניט קיין אָבשיי, אַכטעט קיינעם ניט... איך בין חיים באָק און איהר אַלע זייט קיי און שפּיי!... דאָס געפעלט, דאָס מאַכט גרויס... 3) ער ק י צ ע ל ט די נערוועז פון זיינע צוהערער, ער חנפ'ט זיי, ער ריהמט זיי, ער בעוויינט מיט ביטערע טרערען זייער לאַגע, ער ווערט זייער בעל טובה, זייער בעזאָרגער, און ווערט גרויס... 4) ע ר ש פּ י ל ט... ער שפּיעלט א ראָלע פון אן אַרבייטער פריינד, שפּילט אין פּינעקעל מיט גוטע ברידער פון אַלע לאַגערס, שפּילט א ליעבע מיט די, וועלכע קענען צו נוטץ קומען, שפּילט אין דאָמינאָ מיט די וויכטיגע סאַלון־קיפּערס און ווערט א העלדען־ראַליסט און אן ערנסטער ליעבהאָבער... 5) ע ר ש ר י י ט . . . זאָגען עטוואָס וויכטיגעס קען ער ניט... שרייט ער...: אָה! מיט שרייען נעהמט מען פיעל! קענסט דו שרייען צוזעצטערהייד, קענסט דו שיטען פון מויל שוועבעל און פעך, קענסט דו בריקען מיט די פיס ווי אן אייזעל און הירזשען ווי א פערד; קענסט דו מיט איין געשריי מאַכען א תל פון וואַנדערבילדען און מאַכען א זרח דעם אפּרייטאָר פאַר א לייט — דאַן ביסט דו דער טוער און מיט דיר פרייען זיך גרויס און קליין, קינד און קייט... הוררייי! עס לעבע אונזער פריינד, אונזער פיהרער און בעזאָרגער! 6) ע ר ר ו ק ט א ר י י ן ז י י ן נ אָ ז וואָהין מען דאַרף ניט. שמעקט, מישט זיך אין אַלעס אריין. זאָגט א דעה, אז מען פרעגט איהם ניט, ווערט א קהל'שער קאָכלעפעל און קנאַקט אַזוי לאַנג, ביז ער ווערט אנערקענט אַלס דער גרעסטער און פעהיגסטער קנאַקער... 7) א חוץ אַלע זאַכען, ב ל אָ ז ט ע ר נ אָ ך פ ו ן ז י ך... דאָס מאַכט איהם גרעסער פון אַלס. א מענש האַלט זיך אַזוי שטאָלץ! ער פון זיין צד בעגיסט יעדערען מיט א פאַמונעצע און פון זיך בלאָזט ער, אז אפילו א פעדער זאָל אויף איהם ניט פאַלען; ער מאַכט יעדערען מיט דער בלאָטע און אליין איז ער א פריץ, ער שרייט, ער קאָמאַנדעוועט ער שאַפט זיך מיט יעדען ווי מיט זיין קנעכט... איז ער

קאַרט: אָדער געווינען אַ סך, אָדער פערשפּילען אין גאַנצען. העראָ־איזמוס דאַרף זיין געגרינדעט אויף נאָבעלע מאָטיווען... עס איז ניט קיין אַקט פון געמבלינג, קיין פּאַראַקסיזמוס פון אַ קראַנקע פיעבער־האַפטע פאַנטאַזיע, — עס מוז זיין אַ שעהנע, עדעלע טהאַט, וועלכע קומט פון דעם מענשעס גוטע נאָבעלע זעעלע, און וועלכע איז ניט פער־בונדען מיט אירגענד וועלכען מאַטעריאַליסטישען שכר, מיט אירגענד וועלכע עגאָאיסטישע ציעלען... פון אַזעלכע הערָאָאיזמוס און פון אַזעלכע העלדענטהאַטען הערט מען ניט אין אונזער צייט.

— עס איז ניט וואהר, האָט אַ געשריי געטהאָן אַ דריטער טהעע טרינקער, אָן עכטער רוססאַק, וועלכער האָט שוין געזופּט די פינפטע גלאָז טהעע און געררויכערט די דריטע סיגאַר. גרויסע העלדענטהאַטען ווערען געטהאָן אין אונזער צייט, נור מיר אליין זיינען אַזוי פערזונקען אין דעם זומפּ פון אונזער אַלטעגליכען לעבען, אַזוי שטאַרק פערנומען מיט זיך אליין, דאָס מיר בעמערקען ניט דיעזע אמת׳ע, נאָבעלע טהאַ־טען. אויב איהר ווילט הערען וועל איך אייך ברענגען אַ פּאָאַר פאַק־טען...

— אַרויס מיט די פאַקטען! מיר ווילען הערען! האָבען אָנגע־הויבען אַלע שרייען אין איין קול.

— דער רוססאַק האָט לאַנגזאַם פעררויכערט נאָך אַ סיגאַר און האָט רוהיג אָנגעפאַנגען צו דערצעהלען; „מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק האָבען זיך צוויי בויערי טרעמפּס צוקריעגט אין אַ סאַלון אויף פּאַרק ראָו. פון שימפּפעריי זיינען זיי גיך אַריבער צו פייערדיגע קלעפּ און פון קלעפּ צו מעסערס... איידער די, וואָס זיינען געוועזן אין סאַ־לון זיינען געקומען צו זיך, איז שוין איינער פון די טרעמפּס געלעגען אויף דער ערד מיט אַ דורכגעשניטענעם בויך, עס איז געוואָרען אַ ליאַרעם, פּאָליציי איז געקומען, אַ דאָקטאָר, אַ׳ן אַמבולאַנס!... דער פערוואונדעטער האָט זיך געבאָדען אין אַ טייך מיט בלוט און האָט זיך געמאַטערט אין אַ שרעקליכע אַגאָניע... דער שולדיגער איז געשטאַנען ביי דער באַר בלאַס ווי דער טויט. — ווער האָט עס געטהאָן? האָט גע־פרעגט די פּאָליציי — איך! האָט שטיל געענטפערט, דער שולדי־גער; דער פערוואונדעטער אָבער האָט מיט גרויס מיה אויפגעהוי־בען זיין קאָפּ און האָט געזאָגט: „ניט וואהר... ער איז ניט שולדיג... איך האָב מיך אליין"... ער האָט צוגערופען דעם שולדיגען און האָט

# העלדען.

(א שמועס.)

---

מיר זיינען געזעסען אין א רעסטאראנטשיק, געזופט טהעע, גערויכערט און געשמועסט. ווי געוועהנליך, מען האט דערצעהלט א פאאר צווײדײטיגע אנעקדאטען. איבערגעחזרט א פאר אלטע וויצען. און דאן איז מען אונבעמערקט אריין אין אן ערנסטען טאן. איך קען מיך ניט עראינערען ווי אזוי עס איז געקומען צו רייד פון העלדען און גרויסע העלדענטהאטען.

— אונזער צייט, האט געזאגט איינער פון די טהעע טרינקער, צייכענט זיך אוים דערמיט, וואס מיר האבען קיין העלדען און הערען ניט פון קיין העלדענטהאטען. דער מענש איז געווארען קליין און אלע זיינע טהאטען זיינען קליינליך, מאטעריאליסטישע שטרעבונגען האבען געטויטעט אין אונז דעם גייסט פון העראאיזמוס... מיר זיי־נען נור בעשעפטיגט מיט עגאאיסטישע אינטערעסען און נאבעלע טהאטען האבען קיין פלאץ ניט אין אונזער לעבען.

— עס איז ניט ריכטיג, האט געענטפערט א צווייטער טהעע טרינקער. עס איז נאך ניט אויסגעשטארבען דער העראאיזמוס, ביי דער ערשטער געלעגענהייט צייגט ער זיך... נעהמט צו ביים שפיעל די העלדען פון דעם לעצטען קריעג, איז אדמיראל דיוואי ניט קיין העלד? אדער איז דער יונגער האבסאן, וועלכער האט זיך אריינגעזעצט אין אשיף, וועלכע האט געמוזט עקספלאדירען, — ניט קיין העלד?

— ניין! זיי זיינען ביידע ניט קיין העלדען. דיוואי איז א פער־הארעוועטער סאלדאט, וועלכער האט געהייסען קנאקען, ברענען, שי־סען און איהם איז געלונגען צו קריגען א טשין מיט א טריאומפאלנע ארקע. האבסאנס טהאט איז א פאראקסיזם פון משוגעת... ער האט געטאן, ווי א גרויסער געמבלער טוט. אלעס געשטעלט אויף איין

זיינען געווען אלע מיהע און אונטערזוכונגען — מען האט דעם שולדינגען ניט געקענט געפינען...

צוויי יאהר זיינען פאראיבער. דער יונגער אינדיאנער האט זיך אונגליקליכער ווייזע בעקאנט מיט א קריסטליכען מיסיאנער... אלס געזונטער, אויפריכטיגער, נאַבעלער זוהן פון דער נאטור, איז ער בעגייסטערט געווארען פון דער אמונה, וועלכע פרעדיגט נור ברידער ליעבע, נור גערעכטיגקייט. ער האט געגלויבט, אז וואס דער קריסט זאגט, איז ניט נור פראזען, עס איז א ווירקליכקייט... דער יונגער אינדיאנער האט זיך בעשלאסען צו לעבען נאך די הויכע מאראלישע געזעצע, פון וועלכע מען האט איהם אזוי זיס און אזוי פערפיהרעריש געזונגען... און צוזאמען מיט קריסטליכע פרינציפען האט ער אויך איבערגענומען די אויסערע פארמען פון ציוויליזאציאן... ער האט איבערגעביטען זיינע קליידער און האט מעהר ניט געקענט האבען קיין היים צווישען זיינע ברידער...

אלס וואהרער אויפריכטיגער קריסט איז ער אליין געקומען אין פארט און האט ערקלערט: אויף מיין געוויסען ליגט א פערברעכען, איך בין בעגאנגען א מארד און וויל דורך א שווערע שטראפע געווינען דעם גוטען נאמען פערגעבונג. איך האב ערמארדעט דעם קאמישיאנער — שמיעדעט מיך אין קייטען.

געוויס, האט מען איהם פערשמיעדעט, ארייגעזעצט אין פריזאן און אנגעפאנגען צו קוועלען און צו פלאגען ער זאל אויך ענטדעקען, ווער עס זיינען געווען זיינע מיטהעלפער. דער דיסטריקט אטארני האט איהם ערקלעהרט, אויב ער וועט זיין א סטייט וויטנעס (ערות) געגען אנדערע, וועט ער ניט בעשטראפט ווערען מיט'ן טויט... דער אינדישער קריסט האט גע'טענה'ט: איך אליין וויל פאר מיין זינד בעצאהלען... אנדערע האב איך קיין רעכט און קיין פערלאנג ניט ארייזוצומישען. די קריסטליכע ריכטער און די קריסטליכע דזשורי האבען איהם פעראורטהיילט צום טויט... און דעם פופצעהנטען נאוועמבער האט ער געדארפט געהאנגען ווערען... דער קריסטליכער פרעזידענט האט אבער דעם פערברעכער בעגנאדיגט: ער וועט ניט געהאנגען ווערען, — ער וועט זיך פלאגען זיין לעבען לאנג אין פינסטערען פריזאן... פיהלט איהר ניט, ווי קליין זיי זיינען, די אלע ריכטער, די פארשטעהער פון גערעכטיגקייט, די פרעדיגער פון ליעבע

איהם עטוואס געזאָגט שטיל אויפ'ן אויער... דער מערדער האָט זיך אָבגעקעהרט און האָט אָנגעפאנגען צו וויינען און דער פערוואונדעטער האָט צוגעמאכט זיינע אויגען און איז געשטאָרבען"...

— ע! זעהר דראמאטיש, אָבער דער פאקט בעווייזט נאָך זעהר וועניג, געווים פריינדשאפט, געפיהלען פון קאמעראדשאפט זיינען זעהר נאָבעל, אָבער א טהאט וואָס גרינדעט זיך אויף אזעלכע געפיהלען איז נאָך קיין הערא‍איזמוס ניט...

— הערט איך האָב א בעסערן פאקט. איהר האָט געלעזען אין ציי‍טונגען, מיט עטליכע טעג צוריק האָט פרעזידענט מעקינלי בעגנאַדיגט אַן אינדיאַנער, וועלכער איז געווען פעראורטהיילט צום טויט פאר א מאָרד? אנשטאַט טויט־שטראָף האָט איהם אונזער פרעזידענט בעגנאַדיגט צו זיצען ביז'ן טויט אין פריזאָן.

— איז ווער דאָ דער העלד? דער פרעזידענט?

— ניין! דער מערדער!

— דער מערדער? חא! חא! חא! עס איז געוואָרען א שטארקער געלעכטער אלע האָבען געמיינט עס איז ניט מעהר ווי א וויץ.

— לאכט ניט, מיינע פריינדע, איך מיין עס גאַנץ ערנסט. מיט עטליכע יאָהר צוריק האָבען אינדיאַנער ביי זיך אויף א געהיימע פערזאמלונג בעשלאָסען צו טויטען א יונייטעד סטייטס קאָמישיאָנער... דער קאָמישיאָנער איז געווען א גראָבער יונג און א שלעכטער מענש, וועלכער האָט געקראָגען דיעזע פאָסט אלס א פאָליטישען דזשאב. די אינדיאַנער האָבען פון איהם זעהר פיעל געליטען, ענדליך האָט זיך אין זיי ערוואכט דער אלטער פרייהייטס גייסט. וואָס? וועניג וואָס די בלוטדורשטיגע ווייסע האָבען געראובט אונזערע רעכטע, אונזער פרייהייט, אונזער לאנד, זיי ווילען אונז אליין אויך פערניכטען, פערשקלאַפען? א יונגער אינדיאַנער האָט זיך ארויסגערופען נעהמען ראכע פון דעם ניעדערטרעכטיגען ווייסען קאָמישיאָנער... אין א פינסטערע נאכט איז ער נאָך מיט דריי מיטהעלפער שטיל אריבער געשוואומען דעם טייך. ער אליין איז צוגעקראָכען צום פאָרט, וואו עס זיינען געווען סאָלדאטען, קאנאָנען ביקסען, פולווער... און ער אליין האָט דעם ווייסען געגנער פון זייער פרייהייט און רעכטע ערמאָרדעט... אומזיסט

# אַלעס אין אָרדנונג.

(א פאַקט.)

דער טריין פון האָדסאָן ריווער רייל־ראָוד קאָמפּאַני האָט זיך פער־שפּעטיגט אויף צוואַנציג מינוט. דעפּעשען זיינען געפלויגען פון איין סטאַנציע צו דער אַנדערער. פּאַסאַזשירען זיינען געשטאַנען אויף די פּלאַטפאָרמעס און האָבען מיט אונגעדולד ארויסגעקוקט, ווען וועט זיך בעוויזען דער ברויזענדער לאָקאָמאָטיוו, נייגעריגע האָבען גע־פרעגט איינע די אַנדערע: וואָס איז געשעהען?

— א קלייניגקייט. די רעלסען זיינען געווען אין איין אָרט אויפ־געריסען. מע וועט עס שנעל צורעכט מאַכען און אַלעס וועט זיין אין אָרדנונג.

עס איז נאָך געווען גאַנץ פריה. דער טריין איז געפלויגען דורך וועלדלעך, פערביי גרינע פעלדער, פערביי שעהנע דערפער, פערביי רייכע ווילעס... איינינע פּאַסאַזשירען האָבען געדרעמעלט מיט א זי־סען פריה־מאָרגען דרעמעל, אַנדערע האָבען ארויסגעקוקט פון די אָפע־נע פענסטער און א פרישער ווינטעלע האָט זיי געווייהט אין געזיכט. די זונן איז נאָך געווען א גאַסט, זי האָט זיך נאָך געשעהמט צו בריהען און באַקען. און האָט אראָבגעקוקט אויף דער אויגעוואַכטער ערד שע־מעדיג און חנ׳עוודיג... פּלוצלינג האָט דער לאָקאָמאָטיוו געגעבען אַ בייזען פייף, האָט אַ ציטער געטאָן און דער טריין האָט זיך אָבגע־שטעלט אין מיטען פעלד. די דערשראָקענע פּאַסאַזשירען האָבען זיך אויפגעכאַפּט פון זייערע ערטער, איינינע האָבען ארויסגעשטעקט די קעפּ פון די פענסטער, אַנדערע האָבען זיך געלאָזט לויפען צו די טהיי־רען... פיעלע זיינען אראָבגעשפּרונגען פון די טרעפּ אין די גרינע גראָז, וועלכע איז געווען בעדעקט מיט שטויב און טוי. עטליכע מינוט האָט געהערשט אַ פּאַניק, קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס עס איז געשעהען, די קאָנדוקטאָרען זיינען אומגעלאָפען צוטראָגענע, די מאַ־

געגען דיעזען שטילען, אמת'ן נאָבעלען העלד און מענש ?... יא, עס זיינען נאָך דאָ העלדען, אָבער ליידער געפינען זיי זיך צווישען טרעמפּס און ווילדע אינדיאַנער...

אלע זיינען געבליבען זיצען שטיל און דער רוססאק האָט ארויס־געלאָזט פון מויל א גאנצען וואָלקען מיט רויך און האָט געזאָגט: ווער ווייס ? אפשר האָט די זיסע קריסטליכע ליעבע נאָך ניט אין גאנצען פערקריפּעלט די זעעלע פון דיעזען בראַווען אינדיאַנער... און ווען עס איז אין א פינסטערע נאכט, ווען די נאטור וועט שטור־מען און דער ווינד וועט רוישען ארום זיין פריזאָן, וועט זיך אין איהם ערוואכען זיין פרייהייט גייסט און זיי פריהערדיגער מוטה... דער גאנצער פריזאָן וועט פערהילכט ווערען זיין טרויעריגעם ווילדעם ליעד און דאן וועט ער אויפברעכען די אייזערנע טהירען, וועט ערמאָרדען זיינע קערקער מייסטער און וועט לויפען צוריק צו זיין פרייע מוטער נאטור ?...



שטירצען אין זומפּ אריין... הונדערטע מענשען וועלען גע׳הרג׳עט ווערען. א קאלטער שווייס בעדעקט זיין געזיכט, ער קוקט זיך ארום א דערשראָקענער און ווייסט ניט, וואָס זאָל ער טאָן. וואָהין זאָל ער לויפען און וועמען רופען צו הילף?... ער בעשליסט זיך צו רעטען זיינע אונבעקאנטע ברידער... לויפט א שטיקעל מהלך אָב פון דעם געפעהרליכען פּלאַץ... נעהמט אראָב פון זיך זיין אלטען רעקיל, זיין ווייסע העמד זאָל זיך גיכער ווארפען דעם מאשיניסט אין די אויגען... עס קען זיין אז דער מאשיניסט וועט איהם ניט בע־מערקען און וועט ארויף אויף איהם און צורייבען איהם אויף אש... אָבער דער טריין וועט זיך דאָך אָבשטעלען די פּאסאזשירען וועלען זיין גערעטעט און אלעס וועט זיין אין אָרדנונג...

ער שטעהט און ווארט, די צייט געהט. ער ווייסט, דאָס ער האָט זיך שוין פערשפּעטיגט צו דער ארבייט, ער וויים, וואָס פאר א מערדער דער קאָנטראַקטאָר איז, אָבער ער פערלאָזט ניט זיין פּאָסט... ער הערט זיך צו... די ערד ציטערט אונטער זיינע פיס, ווייט הערט זיך אזוי ווי א גערויש פון איהם... דער טריין געהט. ער הויבט אויף זיינע הענד, ער שרייט... שרייט אין מיט׳ן וועג... דער מאשיניסט בע־מערקט איהם, גיט א בייזען פייף, שטעלט אָב דעם ברויזענדען לאָקאָ־מאָטיוו און אלעס איז אין אָרדנונג.

קראַסאָווסקי פערלירט ניט מעהר קיין אויגענבליק. ער ערוואַרטעט ניט קיין דאנקבארקייט, האָט קיין צייט ניט פיעל צו שמועסען, ער לויפט צו דער ארבייט... ער איז אָבער געקומען צו שפּעט.דער קאָנ־טראַקטאָר הערט ניט קיין טענות ער דארף ניט קיין פוילע ארביי־טער... ער הייסט קראַסאָווסקי׳ן נעהמען וויפיעל איהם קומט און געהן... קראַסאָווסקי בעט, ער פערענטפערט זיך... ער וויים, אז ער קען איצט בלייבען אָהן ארבייט א וואָך, צוויי וואָכען און אפשר וועט שוין דער גאנצער זומער פערלאָרען געהן... דער קאָנטראַקטאָר הערט ניט קיין טענות — ער בעצאָהלט און הייסט נעהמען דעם וועג... א פּערטראַכטער געהט קראַסאָווסקי צוריק איבער די זעלבע רעלסען... דער טריין איז שוין לאנג אוועק און די פּאסאזשירען האָבען שוין פער־געסען זייער שרעק... אין הייד־פּארק בויעט מען דעם פּאלאסט אָהן קראַסאָווסקי׳ן און אלעס איז אין אָרדנונג...

———(—0—)———

שיניסטען האָבען געשריען און געקלאַפּט מיט האמערס. — וואָס איז געשעהען?

א קליינינקייט, די רעלסען זיינען פונקט אויף א בריקעל אויפ־געריסען... מען וועט עס באַלד „פיקסען" און אַלעס וועט זיין אין אָרדנונג.

די אדמיניסטראַציע פון האָדסאָן ריווער רייל־ראָוד שעצט זעהר טייער די צייט, דאָס הייסט: דאָס געלד, וואָס זי נעהמט פאר'ן טראַנספּאָרט פון מענשען פלייש פון איין אָרט צום אַנדערען... די רעלסען האָט מען ווירקליך זעהר שנעל צורעכט געמאַכט, די פּאַסאַ־זשירען איינגעלאַדען צוריק אין די וואַגאָנען, דער לאָקאָמאָטיוו האָט געגעבען א פּרייליכען לעבעדיגען פייף און האָט זיך אָנגעהויבען שטיל און לאַנגזאַם צו קאַטשען... אַלעס איז געוועזען אין אָרדנונג.

דאָס אַלעס איז געשעהען עטליכע מייל ווייט פון היידפּאַרק, סטייט ניו יאָרק, וואו דער בעליעבטער פּ. וו. וואַנדערבילט בויט איצט א פּראַכטפּאַלען פּאַלאַסט. עטליכע הונדערט אַרבייטער בעגיסען זיך דאָ מיט שווייס יעדען טאָג, טראָגען בשאות און אַרבייטען שווער פון פריה מאָרגען ביז נאַכט... דער פּאַלאַסט וועט זיין גיך אויסגעבויעט, דער פּאַרק אַרום אויסגערייניגט, די וועגעלעך אויסגעפּלאַסטערט און אַלעס וועט זיין אין אָרדנונג.

הערר וואַנדערבילט וועט גיך האָבען זעהר א שעהנע וואָהנונג, אָבער די אַרבייטער דערווייַלע האָבען דאָ ניט וואו צו שלאָפען און וואָס צו עסען. זיי צושיטען זיך יעדער פאר נאַכט אַרום און אַרום איבער אַלע פאַרמעס, גאַנץ פריה קומען זיי צו פוס, ווער צוויי מייל, ווער דריי מייל, ווער פינף מייל, פון זייערע קוואַרטירען, שטעלען זיך פונקט אין דער מינוט צו דער אַרבייט און אַלעס איז אין אָרדנונג.

צווישען זיי געפינט זיך א פּאָליאַק קראָסאָווסקי, אויך ניט מעהר ווי אַן אַרבייטער. ער נעהט יעדען טאָג פינף מייל קיין הייד־פּאַרק און פון הייד־פּאַרק. ער נעהט מיט די רעלסען, זעהט אַרום זיך וועל־דער, גערטנער... דערמאָנט זיך אויף די פעלדער און די וועלדערלעך פון זיין היימאַטה, זינגט א טרויעריגע ליעדעלע און הערט ווי די פליגעלעך אַקאָמפּאַנירען איהם אויף די בוימער. פּלוצלינג זעהט ער אויף א בריקעל אויפגעריסענע רעלסען... באַלד וועט דאָ גערויס דורכלויפען א טריין געפּאַקט מיט פּאַסאַזשירען... אַלעס וועט אראָב־

דער פּעדלער יאָסעל פריעדמאַן האָט אויך געענדיגט זיינע ביז־נעס און איז געפאָהרען אהיים. ער איז איז געווען מיעד, ווארום ער איז אַ גאַנצען טאָג אומגעגאַנגען. ער איז געווען אונצופריעדען, ווייל פערדיענט האָט ער היינט אַ מכה... געוואָהנט האָט ער אויף דער איסט סייד און איז געפאָהרען מיט אַ סעקאָנד עוועניו טריין. ער האָט ניט ערוואַרטעט אין דער היים צו געפינען אַ גוטען סאַפּער און טרע־פען גוטע בשורות און האָט זיך ניט זעהר געפרייט דערמיט, וואָס ער פאָהרט אהיים.

זיין ערשטער געדאַנק איז געווען, ווען ער איז געגאַנגען צום סטיישאָן, זעהן וואָס שרייבען די איוונינג פּייפּערס, פון זיין זוהן בעני פריעדמאַן, וועלכער איז געווען נעכטען ארעסטירט דערפאַר, וואָס ער האָט בערויבט אין צענטראַל פּארק אַ רייכען מעקלערס אַ זוהן. ער איז אריין אין וואַגאָן אַ דערשראָקנער, ער האָט זיך אנידער געזעצט אין אַ ווינקעלע הינטער דער טהיר, האָט אנידערגעשטעלט לעבען זיך זיין פּעקעל, וועלכער איז געווען פערוויקעלט אין אַ שוואר־צען „איל קלאָטה" — (שווארץ ווי זיין פּעקיל צרות) און האָט זיך גענומען פּלייסיג לייענען... ער האָט ניט אַלעס פערשטאַנען וואָס ער האָט געלייענט, ער האָט נור געזעהן פון איין זייט אַ בילד פון אַ שעהן און רייך געקליידעטען קינד און פון דער אַנדערער זייט — אַ בילד פון אַ אָבגעריסענעם ווילדען לויפער...

---

דער עלף־יעהריגער סטעפען בארנעט איז געקומען היינט אין דער פריה אין קאָורט אָנגעטאָן אין די שעהנסטע יום־טוב'דיגע קליידער. מיט איהם איז געקומען זיין מאַמע, זיין טאַנטע און זיין באָבע... אַלע האָבען איהם געגלעט, געקנייפּט אין בעקעל און צוגעגעבען מוטה, ער זאָל נור „האַלטען" זיין רעדע, וועלכע מען האָט איהם געלערענט נעכטען אַ גאַנצען פריה־מאָרגען... ער איז געווען היינט דער העלד און די מוטער און אַלע פריינדע האָבען מיט איהם שטאָלצירט. און ווען דער פּאָליסמאַן האָט אריינגעפיהרט דעם רויבער, אויך אַן עלף יעהריגען אינגעל אין דורכגעריבענע זאָקען, וועלכע האָבען געדאַרפט זיין אַ מאָל שווארץ, אין צוריסענע קליידער, אויסגעקרימטע און אויסגעטראָטענע שיך, האָט זיך פון דער לעצטער באַנק אויפגעהויבען

# קאָנטראַסטען.

.1

דער בעוואוסטער בראָקער מיסטער באַרנעט האָט ערשט געענדיגט זיינע ביזנעס אין זיין אָפּיס אויף וואָלל סט., און איז געפאָהרען אהיים עסען סאַפּער. ער האָט געוואָהנט אין א פּריוואַט הויז אויף דער וועסט סייד און איז געפאָהרען מיט דער זעקסטער עווענױ... א שווארצער שקלאַף האָט איהם געעפענט די טהיר, די קלערקס האָבען זיך צו איהם העפליך געניינט, און ער, א צופריעדענער, א גליקליכער איז געגאַנגען צום סטיישאָן לאַנגזאַם מיט א שטאָלצע רוהיגקייט... אין דער היים, אין א געראַמען דייגינג רום איז שוין געווען געגרייט דער טיש. מיט זילבערנע געשיר איז געווען בעדעקט דער ווייסער טישטוך. בלומען זיינען געשטאַנען אין רייכע וואַזען. פלעשער וויין, קאָניאַק און ליקער זיינען געווען אויסגעשטעלט צווישען די טעלער, ווי סאָלדאַטען. צוויי דיענסטען, איינע א „שווארצע" די אנדערע א ווייסע,ביידע אין ווייסע פאַרטוכער זיינען צוגעגרייט צו בעדיענען. און דער פּאַוואַר אין קיך האָט געהאַקט און געפּרעגעלט...

דער ערשטער געדאַנק פון דעם רייכען מעקלער איז געווען צו קויפען אַן אָווענד־בלאַט, און צו זעהן, וואָס שרייבט מען פון זיין זוהן, פון זיין עלף־יאָהריגען סטעפען... ער האָט באַלד געפונען אַן אַרטיקעל מיט׳ן טיטעל: „א באָי וויקטים פערטהיידיגט א באָי א רויבער..." דער מעקלער האָט א שמייכעל געטאָן פון פערגעניגען, איז אריין מיט א ברייטען הוסט אין וואַגאָן, האָט פערנומען דעם בעסטען פּלאַץ, האָט פערוואָרפען א פוס אויף א פוס (דערביי האָט ער ארויפגעשלעפּט א ביסעל זיינע פריש אויסגעפּרעסטע הויזען און האָט ארויסגעוויזען טהייערע זיידענע זאָקען) און האָט זיך גענומען פלייסיג לייענען.

די יונגע מוטער ליגט אין א גרויסען, גראַמען, ליכטיגען צימער, פון וועלכען די ווענט זיינען בעדעקט מיט זיידענע שטאָף, מיט שעהנע בילדער. די פענסטער זיינען אָפען אין א צויבער־גאַרטען מיט וואונדערבאַרע ראָזען, מט דופטענדע ליליען, מיט זעלטענע קאַסקאַדען, מיט קינסטלערישע פאָנטאַנען, מיט טייערע סטאַטוען. א פרישער ווינטעלע ברענגט דער יונגער מוטער פונ׳ם מעער א הערצליכען גרוס, די פויגעלעך אויף די בוימער גראַטולירען זי מיט געזאַנג, די בלומען שיקען איהר א קרבן — א רח נחות.

וויפיעל פרייד דאָ איז, וויפיעל גליק, וויפיעל מזל טובן! דער זיידע פון איין צד, שיינקט דעם ניי־געבאָרענעם אַ אוצר, דער זיידע פון דער אנדער זייט שיינקט א גאַנצען פערמעגען. די יונגע מוטער קריגט נייע בריליאַנטען, איהר צימער איז. פערוואָרפען מיט בלומען, בוקעטען, קרענצע, גירלאַנדען. טעלעגראַמען מיט גליק־ווינשונגען קומען אָן פון אלע ווינקעלעך פון דער וועלט. אין אלע צייטונגען איז די נייעס אָבגעדרוקט. די יונגע מוטער און דער יונגער פאָטער זיינען שטאָלץ, גליקליך, צופריעדען.

ווען די יונגע פרוי איז געגאַנגען צו קינד, איז פון ניו יאָרק געפלויגען אַן עקסטרא טריין מיט איינעם פון די בעסטע אקושאָרען. די פראָמינענטע דאָקטוירים פון ניו פאָרט זיינען געשטאַנען ביי דער בעט אויפמערקזאַמע, ערנסטע, גלייך זיי וואָלטען געפיהלט, אז דער מענשהייט וועט באַלד געשאָנקען ווערען עטוואָס בעזאָנדערעס.

דאָס קינד איז געבוירען געוואָרען. עס ליגט אין א שעהנע וויגעלע, אויף זיידענע ציכעלעך, צוגעדעקט מיט סאַמעטענע קאָלדרעלעך, בעפוצט מיט די טייערסטע בריוסעלס שפיצען, בעוואַכט פון מאַמקעס, ניאַנקעס... מומעס, באָבעס, קוזינעס קומען אלע ווײלע און קושען די גליקליכע מוטער און קושען דאָס גליקליכע קינד.

די יונגע מוטער איז די פרוי פון הערדי פעין וויהיטני און די טאָכטער פון קאָרנעליוס וואַנדערבילט.

---

א קינד איז געבוירען געוואָרען.

עס איז געשעהען אין דעם גרויסען גהינם, וועלכער רופט זיך ניו־יאָרק, אין א פינסטערען אַלטען טענעמענט הויז, וועלכער איז פול מיט

א פרוי, האָט אויף איהם א קוק געטאָן און האָט געגעבען א שווע־רען זיפץ... נעכטען ביינאַכט האָט זי געזאָגט, אז זי וועט ניט געהן אין קאָורט... ער איז א לויפער און זאָל ער זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנט... היינט אָבער איז זי דאָך געקומען.

— בעני פריעדמאַן, זאָגט דער ריכטער, דו האָסט זיך ערלויבט אָבנעהמען ביי סטעפען בארנעט א פּאַקעט בוק אין וועלכען עס איז געווען א דאָלאַר מיט פיערציג סענט.

— פאַר וואָס ניט? ענטפערט בעני. זעהסט, ווי ער איז אָנגע־טאָן — מען מעג איהם שטעלען אויף א פענסטער אין א סטאָר. ער האָט וואָס צו עסען. נאָך וואָס דאַרף ער דאָס געלד?

— הערר ריכטער, זאָגט דער „ברוּיבטער", וועלכען די מוטער האָט א שטויס געטאָן אין זייט, — הערר ריכטער, פערצייהה איהם דאָס מאָל, ער וועט זיין א גוד באָי, וועט געהן אזוי ווי איך אין סאָנדעי סקוהל און וועט זיין עהרליך, ער איז ניט שולדיג, וואָס מען האָט איהם ניט געלערנט פון מאָראַל, איך ווייס, איהם פערדריסט נאָך וואָס ער האָט עס געטאָן.

— מיך פערדריסט?... עס הויבט זיך ניט אָן!... וואָס האָב איך אָנצואוּוערען?... אין דער היים האָב איך זעקס ברידער און שוועסטער, וועלכע וועלען ניט זיין זעהר אונגליקליך, אז איך וועל ניט זיין מיט זיי. אי דאָנט קער!...

דער ריכטער, מאַדאַם בארנעט, איהרע פריינדע, אַלע קוקען מיט ליעבע אויף דעם נאָבעלען, גרויסמוטהיגען „ברוּיבטען", און בע־טראַכטען מיט פערצכטונג דעם פרעכען אויסגעלאַסענעם „רויבער" און אויף דער לעצטער באַנק הערט זיך א שטילער, פערשטיקטער זיפץ...

.2

א קינד איז געבוירען געוואָרען.

עס איז געשעהען אין דעם שעהנעם פרעכטיגען ניו־פּאָרט, וועל־בער איז איינגעשלאָסען אין בלומען־גערטנער און פּארקען און ארומגע־רינגעלט מיט די וואַסערן פון גרויסען מעער.

פערבאָרגען אונטער איהר הארצען האָט זי געטראָגען איהר אונ־גליק, פערבאָרגען אין הארצען זיינען געװען איהרע װאונדען... זי האָט קיין ערלויבניס ניט געהאַט הויך צו װיינען און הויך צו זיפ־צען...

דאָס קינד איז געבוירען געװאָרען און די פערװוירטע יונגע מו־טער שפרינגט אויף װי א װילדע, איהרע אויגען בלאַנזען אום װי ביי א צומישטער... זי פערשטיקט דאָס קינד אין אַלטע שמוציגע שמאַ־טעס, עפענט מיט איהרע ציטערענד שװאַכע הענד דאָס פענסטער, און דאָס אונערװאַרטעטע, איבריגע, אונגליקליכע קינד פליהט פון פינפטען פלאָר אראָפּ אין שמוציגען מיט שטיינער אויסברוקירטען יארד...

די יונגע מוטער איז אַן עלענדע אָרעמע שאַפּ מיידעל.



איינוואָהנער, מיט באָרדערס, מיט קינדער, מיט אַלערליי חיות און מזיקים.

די יונגע מוטער ליגט אליין אין איהר שמוציגען בעדרום, אויף א בעטיל, וועלכער רייסט איין די ווענט מיט איהרע קולות, ווען מען גיט זיך נור א קער. און אזוי ווי די יונגע מוטער וויל, עס זאָל זיין שטיל, ליגט זי ווי א פערשטיינערטע. עס איז אונערטרעגליך היים. די לופט איז ווי אָנגעגליהטע שטיקענדיגע פארע. עס איז ניטאָ מיט וואָס צו אטהעמען. די יונגע מוטער איז פער'חלש'ט, אָבגעשוואכט, איהר ברוסט ברענט פון דורשט, איהרע שמערצען זיינען שרעקליך, זי בעט ניט קיין טרונק, זי קרעכטשעט ניט — זי שווייגט, ווי א שטיין, זי וויל ניט אז פון יענער זייט וועגטיל זאָל מען עטוואָס דערהערען און עטוואָס בעמערקען.

זי איז איבערגעקומען, אָבער עס איז ניטאָ קיין פרייד, קיין מזל טוב'ס, — עס זיינען דאָ טרערען, ביטערע טרערען און א שרעק, פון וועלכע דאָס בלוט ווערט פערקיהלט. דאָס קינד שרייט ניט מיט א גליקליכען אויסגעשריי פון בעפרייאונג, דער פאָטער שטעהט ניט ביים וויגעלע א גליקליכער און פערליעבטער... ניין! עס איז ניטאָ קיין פאָטער, ניטאָ קיין וויגעלע, ניטאָ קיין פריינד... די עלענדע מוטער אליין איז דאָ. זי וויינט מיט'ן פנים פערשטיקט אין קישען און קיינער הערט ניט איהר געוויין און זעהט ניט איהרע טרערען.

ווען די יונגע פרוי איז געגאנגען צו קינד איז דאָ ניט געוועזען קיין דאָקטאָר, קיין אקושערקע, קיין לעבעדיגער מענש. דער וואָס האָט געדארפט געבוירען ווערען איז ניט געוועזען קיין געווינשטער גאסט פאר דער מענשהייט. ער איז געוועזען אן איבריגער און קיינער האָט זיך ניט געפרייט מיט זיין ערשיינונג.

דאָס קינד איז געבוירען געוואָרען אָהן די ערלויבנים פון א קאָורט, אָהן די קדושין, אָהן דעם וויסען פון איהרע ווייטע פריינד, די גראַטולאַציע פון איהרע שאפ חבר'טעס... זי איז יונג, נאאיוו, זי האָט געגלויבט, אז זיסע ווערטער איז ווארהייט, אז אויגענבליקליכע ליידענשאפט איז ליעבע... דאָס קינד איז געבוירען געוואָרען און די מיסים פון יענער זייט וואנט וויים גאָר ניט, אז איהר שטילע פיינע באָרדערקע האָט געדארפט ווערען און איז געוואָרען א מוטער.

כע שטימע און איהרע בלאַסע ליפּען ווערען פּערקרימט פון א ביטע־
רען שמערצליכען שמייכעלע. „אויפ'ן עקסקווירשאַן ? מעהר געהט מיר
מאַקע ניט אָב"... ווען מען קען עס טאַקע איינפאַלען אזא פראַגע ?
זי זיצט גאַנצע טעג איינגעבויגען אין דרייען, פינישט פרעמדע אר־
בייט, אָדער געהט האַלזטיכער, יעדער סענט קומט איהר אָן מיט
צרות און האַרצוועהטאַג... און חוץ אַלע זאַכען, ווי קען זי פאָהרען ?
איהר קינד איז געפעהרליך קראַנק... אַלע טאָג לויפט זי מיט איהם
אין די דיספּענסעריס, גיט אויס די לעצטע סענט אויף רפואות און דאָס
קינד געהט אויס, ווי א ליכט. יעדען טאָג ווערט ער בלייכער און מאַ־
גערער... א בינטעלע ביינער איז געבליבען פון קינד... נור די גרוי־
סע פערטראַכטע אויגען גלאַנצען נאָך, ווייטער איז דאָס שוין ווי א טויי־
טער... די קנייטשען אויף דעם קינד'ס שטערען ווייזען, אז עס האָט
שוין פיעל, פיעל געליטען און זיין טיעפער שטערען איז פול מיט פער־
שטאַנד... און צעהן חדשים איז דאָס קינד געוואָרען אַלט.

אָבער די שכנות אַלע לאָזען איהר ניט צורוה, — זיי פאָהרען אַלע
און דאָס האַרץ ווערט זיי וועה טאָן, אז די אָרימע אונגליקליכע ראָזי
וועט בלייבען אליין.

— פאָלגט אונז, פאָהרט זיך דורך. פאַר אייער קינד וועט דאָס
זיין די בעסטע רפואה... פרישע לופט אויפ'ן וואַסער, אין פּאַרק
גרינע גראָז...

— פאַר'ן קינד ? ראָזי דערמאָנט זיך, אז דער דאָקטאָר זאָגט
איהר שטענדיג, אז דאָס קינד נעהרט זיך זעהר שלעכט און אטהעמט
שלעכטע לופט... ער הייסט איהר ארויספאָהרען אין א קאָנטרי.
די מעדיצין איז א וויסענשאַפט און דאָך בעלעדיגט זי אָפט אזוי אונ־
וויסענשאַפטליך די אָרעמע לייט ! אָבער אז אין א קאָנטרי קען זי ניט
פאָהרען, וועט אפשר כאָטש א ביסעל העלפען דורך עקסקווירשאַן ?
אויף א טאָג איבערבייטען די לופט איז אויך זעהר פיעל פאַר א קליין
קינד.

און זי איז געפאָהרען אויפ'ן עקסקווירשאַן.

א טרויעריגע, אזוי ווי א צוגעשלאָגענע, זיצט ראָזי מיט איהר
קינד אויפ'ן האַנד. אַרום איהר איז פרעהליך, לעבעדיג און אין איהר
איז טרויער און שמערץ... שטיל זיצט זי אין א ווינקעלע מיט איהר
קינד... דאָס קינד קרעכצעט שטיל און קוקט אויף דער מאַמען מיט א

# צוויי עקסקורשאָנס.

.1

— ראָזי, דו פאָהרסט אויפ'ן עקסקורשאָן ?

—חא ! חא ! חא ! א שעהנע שאלה, — האָט געענטפערט ראָזי שטיפענדיג און לאַכענדיג. און ווי קען מען טאַקע שטעלען אזא פראַגע ? זי האָט ספּעציעל צוליעב דעם געמאַכט זיך א נייע ווייסע קלייד. זי האָט צוויי וואָכען לאַנג גענעהט אַלע נאַכט, געפרעסט. (ביי טאָג האָט זי געארבייט אין שאַפּ). וואָס הייסט, צו זי וועט פאָהרען ? מאַקס אַקערמאַן האָט שוין לאַנג בעצאָהלט פאַר צוויי טיקעטס.

און זי איז געוועזען אויפ'ן עקסקורשאָן.

אזוי ווי אַן אונשולדיגער ענגעל האָט זי אויסגעוויזען אויפ'ן שיף אין איהר ווייסען קלייד, אזוי ווי א ווילדע שטיפערין איז זי אומגעשפרונגען און אומגעלאָפען אין גרינעם פּארק, אזוי ווי א מזיק, א שד האָט זי געטאַנצט, פאָהרענדיג צוריק אהיים. א גאַנצען טאָג האָט געקלונגען איהר קול'כעל ווי א גלעקעלע, א גאַנצען טאָג האָט געהילכט איהר פרייליכער, לעבעדיגער געלעכטער, א גאַנצען טאָג האָבען איהרע באַקען געפלאַמט און איהרע אויגען האָבען געברענט מיט פייער. זי האָט געליעבט און איז געליעבט געוועזען.

ניט אליין האָט זי זיך אומגעקעהרט אהיים. איהר האַנד איז געלעגען אין דער שטאַרקער האַנד פון מאַקס'ען, איהר האַרץ האָט געקלאַפּט לעבען האַרץ פון איהר געליעבטען.

.2

— מיסיס אַקערמאַן, איהר פאָהרט אויפ'ן עקסקורשאָן ?

— אויפ'ן עקסקורשאָן ? — ענטפערט ראָזי מיט איהר שוואַ־

# די בליהענדע יוגענד און די פריהלינגס-צייט.

## ערשטער טאָג.

איך בין היינט אויפגעשטאנען גאנץ פריה. איך שטעה פעסט אין מיין מיינונג: איך מוז, איך דארף, איך וויל שטארבען היינט נאָך. וואָס פאר א זינען האָט מיין לעבען, וואָס פאר א ציעל האָב איך? וועלכע פרייד קען איך ערווארטען? איך בין א דענקענדער מענש און וויל ניט לעבען נור דערפאר ווייל די נאטור וויל דאָס און פאָדערט עס! ענדע! די נארישע קאָמעדיע פון לעבען ענדיגט זיך היינט. איך שרייב מיין לעצטען בריעף מיין אַלטער מוטער און זאָג איהר: לעבע וואָהל! פיר אימער, וויין ניט, גוטע מוטער! דאָס לעבען איז ניט ווערטה קיין צובראָכענעם גראָשען!

ווען מיין בריעף איז געוועזען אויפגעשריעבען, בין איך באלד געגאנגען אין א מאגאזין פון געוועהר און האָב זיך געקויפט א גוטען רעוואָלווער! איין קנאק פון דיעזען קאלטען מעכאניזמוס, וועלכער ליגט יעצט אין מיין טאש, און איך לאָף פון דער מעכטיגער נאטור מיט איהרע גרויסע לעבענס געזעצע. די נאטור זאָגט, לעב, ביז איך וועל דיר בעפעהלען צו שטארבען! און דאָס קליינע ביקסעלע זאָגט: שטארב באלד, אויב דו ווילסט ניט לעבען!

אין צענטראל פארק, דאָרט אויף א בעקאנטער באנק אונטער צוויי אלטע בוימער וועט געשעהן דאָס, וואָס עס שרעקט אזוי אלע מענשעלעך!... אָבער ווער זיצט עס דאָ? א יונגע פרוי? קען מען דען ניט געפינען אויף דער וועלט איין ווינקעלע, וואו מענשען זאָלען ניט שטערען? איז דען אונמעגליך שטארבען אליין?

אָבער דער טאָג איז אזוי שעהן. דער ערשטער ווארעמער פריה-

טרויעריגען בליק. יעדער מינוט גיט איהם די מוטער מילך, רפואות, רעדט צו איהם, דריקט איהם צו איהר אויסגעטרוקענטע ברוסט, און דאס קראנקע קינד פיהלט ניט בעסער... פאר נאכט איז דאס קינד געשטארבען אויף איהרע הענד.

נור עטליכע האבען געוואוסט אז די שיף פיהרט צוריק קיין ניו יארק א טויט קינד. די „קאמיטע" האט געזעהן, די שמחה זאל ניט ווע־רען פערשטערט און מען האט די אונגליקליכע יונגע מוטער אנידער־געזעצט אן א זייט און געהיט... מען האט זי איינגעבעטען, זי זאל וויינען שטיל און זאל ניט איבערפיהרען דעם עקסקוירשען...

די שיף גליטשט זיך לאנגזאם איבער'ן גלאטען וואסער, די שטע־רענדלעך אין הימעל און די יונגע מוטער מיט'ן טויטען קערפעריל אויף די הענד זיצט שטיל און פערטראכט. ארום איהר טאנצען פריי־ליכע פארלעך, זי זעהט גלענצענדע אויגען, זי זעהט גליקליכע פנים'ער און זי דערמאנט זיך ווי נאך גאר ניט לאנג האט זי אויך געטאנצט, געלאכט און איז גליקליך געווען... איצט איז זי אליין מיט א צו־בראכען הארץ, און א צובראכען געמיטה. ער, וועמען זי האט געליעבט — איז ניטא דא מיט איהר. ער האט זי אונגליקליך געמאכט און פער־לאזט... אין אזא קורצע צייט איז די יוגענד פערוועלקט געווארען, איהר שעהנקייט פערשוואונדען און פון אלע איהרע זיסע האפנונגען איז געבליבען א טויט קינד... און זי בויגט זיך צו צו איהר קינד און וויינט שטיל און ביטער.



דערזעהן איז זי אויפגעשטאַנען מיט כעס, איך האָב איהר נאָך נע־פאָלגט.

ווער זייט איהר? אַ שפּיאָן? האָט זי בייז געזאָגט און איהרע שעהנע אויגען האָבען געשטאָכען ווי צוויי שאַרפע שווערדען.

— ניין! מיין הארץ איז אַ שפּיאָן! און מיין הארץ ווייס, וואָס איהר האָט בעשלאָסען צו טאָן. זעהט איהר דיעזען רעוואָלווער? איך אליין האָב אויך נור איין וואונש — איך וויל שטארבען.

דאָס זיינען געווען אונזערע ערשטע ווערטער, און נאָכדעם?... נאָכדעם האָבען מיר פיעל שפּאַצירט צוזאמען, פיעל געשפּראָכען און ענדליך האָבען מיר בעשלאָסען, מאָרגען צוזאמען שטארבען אין צענט־ראַל פּאַרק אונטער די צוויי אַלטע בוימער. אָה! עס פרייט מיך אזוי, וואָס פאַר מיין טוידט האָב איך נאָך איין גוטען פריינד ערוואָרבען, וועלען צוזאמען אריבער די גרענעץ וואָס טיילט אָב דאָס לעבען פון טויט.

אַלזאָ לעבט וואָהל אַלע וועלכע אינטערעסירען זיך מיט מיר! מאָרגען וועל איך שוין דאָ ניט זיין מעהר, מאָרגען וועט זיין מיט צוויי מענשען ווענינער.

אך די וועלט! מיר איז אַלעס איינס... איך וויל שטארבען און וועל שטארבען, אָבער זי! ניין! איך וויל גאָר ניט דענקען דערפון, אז זי, זי וועט אויך ניט לעבען מעהר. דאָך זאָל געשעהען דאָס, וואָס עס דאַרף געשעהן. אדיע! אדיע! לעבט וואָהל!

---

## דריטער טאָג.

מיר האָבען אונז בעגעגענט ווי צוויי אַלטע גוטע פריינד. גליק און פרייד קענען ניט אזוי פעראייניגען מענשען ווי טרערען און אונ־גליק. מיר האָבען בעשלאָסען צו ענדיגען די שווערע דראַמאַ אם שנעלס־טען. איך האָב ארויסגענומען מיין רעוואָלווער, זי איהר פלעשעלע גיפט. אויף אַ קליין שטיקעל פּאַפּיער האָט זי מיט אַ ציטערענדע האַנד אויפגעשריעבען: „קיינער איז ניט שולדיג אין אונזער טוידט, אַ גליקליכער צופאַל האָט אונז צוזאמען געבראַכט אום מיר זאָלעןביידע צוזאמען שטארבען און ענדיגען דאָס ביטערע לעבען!”

לינגס־טאָג. די גרעזועלעך זיינען אזוי גרין און דופטענד... פויגעלעך שפרינגען אום צווישען די צווייגען און צוויטשערען... „משה רבנו'ס בהמה'לאך" ווארעמען זיך געגען דער זונן. איך וויל אביסעלע זיצען און געניסען צום לעצטען מאָל פון דער שעהנקייט פון דער נאטור. די יונגע פרוי, וואָס זיצט אויף מיין באנק איז אזוי טרויעריג, בלאַס!... איהרע אויגען זיינען פערוויינט... ווער וויים, וואָס פיהלט נעביך איהר צובראָכען הארץ, אפשר איז זי נעקומען אהער מיט דעמזעלבען ציעל און זי וויינט, ווייל... ווייל... נון, ווייל דער פריהלינג איז דאָך אזוי שעהן, אזוי פראכטפאָל, און זי איז נאָך אזוי יונג.

זי, די בליהענדע יוגענד אליין זאָל שטארבען דאן, ווען אלעס אין דער נאטור ערוואכט פון טויטען שלאָף? ניין! א רחמנות...

דעם גאנצען טאָג האָב איך פון איהר די אויגען ניט אראָבגעלאָזט, איז זי אוועקגעגאנגען בין איך נאָכגעגאנגען פון דער וויטען, האָט זי זיך אומגעקעהרט אויפ'ן באנק אונטער די צוויי בוימער — בין איך שוין דאָ געזעסען. הורראַ! אויף איין טאָג האָב איך איהר לעבען פערלענגערט און מאָרגען... מאָרגען וועלען אפשר פרעהליכע גע־דאנקען געפינען פלאַטץ אין איהר יונג קעפעלע און איך, איך וועל דאָך ניט פערשפעטיגען מאָרגען אריינשיסען אין מיין קראנק הארץ אַ קאלטען קויל. יא! מאָרגען טהו איך עס געווים, אָהן צווייפעל...

---

## צווייטער טאָג.

דער צווייטער טאָג איז פאָראיבער און איך בין נאָך ניט געשטאָר־בען. דער טאָג איז געווען נאָך שעהנער, נאָך זיסער. די בלויע הימלען זיינען געווען קלאָר ווי די אויגען פון אן ענגעל, די זונן האָט יעדער ווינקעלע אָנגעפילט מיט ליכטיגע שטראהלען. די לופט איז געווען ריין און רייצענד, א קליין ווארעם ווינטעלע האָט געשטיפט און גע־פלויגען פון איין בוים צום צווייטען... אך! דער פריהלינג! דער פריהלינג!

גאנץ פריה בין איך שוין געווען נעבען מיין באנק אונטער די צוויי אלטע בוימער, אָבער זי איז שוין דאָ געזעסען. ווען זי האָט מיך

# ווי אַזוי בין איך אויס מיליאָנער געוואָרען.

(ערצעהלונג פון א געוועזענעם מיליאָנער אליין.)

---

דער געדאַנק צו ווערען אונבעדינגט א מיליאָנער איז מיר צום ערשטען מאָל איינגעפאלען אין מאַנהעטען ביטש... אייגענטליך, בין איך און מיינע צוויי גוטע בעקאַנטע אוועקגעפאָהרען פריהער קיין בעטה ביטש... מיר האָבען אַלע צוזאמען געהאַט נור זעכציג סענט און מיר האָבען געהאַט אזא חשבון: פון ברוקלין ברידזש ביז בעטה ביטש און צוריק וועט קאָסטען 30 סענט קאַר פעיר און 30 סענט וועלען מיר אַלע דריי פערהוליען. צעהן סענט אויף א פערזאָן, האָבען מיר גערעכענט, איז גאַנץ גענוג... און מיר זיינען געגאַנגען קיין בעטה ביטש... די זונן איז ערשט פערגאַנגען און טויזענדער מענשען האָבען זיך געבאָדען... אזא גרויסער און גוטער ים, דאַכט זיך, — מיר האָבען נור געקענט קוקען פון דער ווייט — עס קאָסט א קוואָדער פאר א טבילה... מיר האָבען געהערט אויפ'ן פיער שפּיעלט מוזיק און א געוויסער בחור סטיוארט זינגט ווי א בתולה — עס קאָסט איבער צעהן סענט א טיקעט. האָט איינער פון מיינע קאָמפּאַניאָנען געמאַכט א פאָרשלאַג, מיר זאָלען געהן צו פוס קיין קוניע איילענד, אָדער וואָהין די פיס וועלען אונז טראָגען... מיר וועלען זיך קוויקען מיט לופט, כ׳ו׳ וועלען האָבען „פאָן" און קיין געלד וועט עס אויך ניט קאָסטען.

מיר זיינען געגאַנגען פערביי שעהנע ווילאַס, מיר האָבען געזעהען קינסטלערישע בלומענגערטנער, מיר האָבען געקוקט פון דערווייטענס אויפ'ן ים, מיר האָבען דורכגערייזט אונבעקאַנטע ערטער און מיר זיינען ענדליך שפּעט אין דער נאַכט געקומען אויף א פּלאַץ, וואו מיר זיינען איבערראשט געוואָרען פון די גרויסע פּאַלאַצען־האָלען, פון די רייכע פּאַווילי׳אָנען... אפּעטיט צום עסען האָבען מיר געהאַט ווי וועלף און מיר האָבען געהערט דעם געשמאַקען ריח פון סטייקס, מיר האָבען

און דאן... און דאן האָב איך אויפגעהויבען מיינע אויגען צו זעהן זי צום לעצטען מאָל, עס איז געווען איינער פון די שעהנסטע פריה־לינגס טעג — די בוימער האָבען זיך אין די לעצטע צוויי טעג בעדעקט מיט שעהנע גרינע קנעפּלעך, די פויגעלעך האָבען שטאַרק און הילכיג געזונגען פון ליעבע און לעבען, קליינע קינדער מיט צופלאַמטע באַ־קען און ברענענדיגע אויגעלעך זיינען ארומגעלאָפען מיט א פריילכען געשריי און א קלינגענדען געלעכטער. איך האָב אראָבגעלאָזט מיין קאָפּ און האָב שטיל געזאָגט: „גוטער פריינד, איהר שרייבט, א גליקליכער צופאַל האָט אונז צוזאַמען געבראַכט צו שטאַרבען... ווער ווייס? אפשר האָט דער צופאַל אונז צוזאַמען געבראַכט ניט דערויף... דער פריהלינג איז אַזוי שעהן און זיס, איהר זייט אַזוי יונג און אונגליק־ליך... נו, לאָמיר אָפּלעגען דעם טויט אויף שפּעטער... שטאַרבען איז קיין מאָל ניט שפּעט... איך וויל ניט וויסען אייער פערגאַנגענהייט... גיט מיר אייער האַנד און לאָמיר לעבען פאַר דער צוקונפט”...

זי האָט לאַנג געשוויגען, איהר געזיכט איז געוואָרען בלאַס, איהרע שעהנע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען. ענדליך איז זי צוגעפאַלען צו מיין שולטער מיט א שרעקליך געוויין. עס זיינען ניט געווען קיין טרערען פון גליק, קיין טרערען פון פרייד, עס זיינען געווען בלויז טרערען פון האָפנונג!...

אך! דער פריהלינג! דער פריהלינג! ווי שעהן און זיס דער פריהלינג איז!



איז שוין געלעגט געוואָרען... און מיט גאָטעס הילפע, וועט מיר מסתמא געלינגען מיין ציעל צו עררייכען.

אין קלאָנדייק האָב איך זיך בעקאַנט נאָך מיט דריי פייערדיגע חברה־לייט, וועלכע זיינען אויך געקומען מיט'ן בעשלוס צו ווערען מיליאָנערען. מיר האָבען געבילדעט א געזעלשאפט... פיעל האָבען מיר געליטען, פיעל צרות איבערגעטראָגען, ביז אונז איז ענדליך גע־לונגען צו געפינען אין אן איינזאמען אָרט, הויך אויף א בארג, א גאָל־דענעם „אָדער”... מיר האָבען דאָ אליין פאר זיך אויסגעבויט א שטיבעל און מיר האָבען אָנגעהויבען גראָבען גאָלד. מיר האָבען שוין געהאַט צוויי פעסער מיט גאָלד־שטויב, ווען מיר איז איינגעפאלען דער געדאנק, פון מיינע שותפים פטור צו ווערען.

דער מיליאָן האָט שוין צו מיר געשמייכעלט... איך האָב נור געדארפט נעהמען מיט די הענד, וואָס מיינע אויגען האָבען געזעהן!... נעהם וואָס גאָט האָט די געשיקט! נעהם דעם מיליאָן! — האָט מיר שטענדיג געהילכט אין די אויערען. אָבער זיי זיינען געוועזען דריי און איך איינער. זיי האָבען אלע געטראָגען שארפע מעקסיקאנישע מע־סערס אונטער'ן גארטעל און אין די טאשען... ויהי היום...

איך האָב מיך בעשלאָסען פטור צו ווערען פון מיינע דריי שותפים און ווערן אליין בעל הבית פון די צוויי פעסער מיט גאָלד־שטויב. איך האָב יעדען טאָג זעהר היים געבעטען גאָט, ער זאָל מיר שיקען פון הימעל א גוטען געדאנק, ווי אזוי מיין פלאַן אויסצו־פיהרען. די שערי שמים האָבען זיך געעפענט, מיינע תפלות זיינען ענדליך אָנגעקומען צום כסא הכבוד און א גוטער געדאנק איז צו מיר געקומען. דאָס גאָלד האָט זיך שוין געענדיגט אין דער מינע, וואו מיר פלעגען אלע ארבייטען. עס איז שוין קיין עבירה ניט געוועזן די מינע אויפצורייסען מיט פולווער. געווים האָט זי עקספלאָדירט פונקט אין דער צייט, ווען איך בין ארויסגעגאנגען נעהמען א גראָב־אייזען און ווען מיינע נארישע שותפים האָבען נאָך פלייסיג געזוכט גאָלד אין דער אויסגעשעפטער מינע. דאָס גאָלד איז געבליבען ביי מיר.

אין א קורצע צייט ארום בין איך אָנגעקומען מיט מיין גאָלד קיין סאַן פראנציסקאָ. די רוהם פון דעם אָרענטליכען, ענערגישען מענ־שען, וועלכער איז אין א קורצע צייט געוואָרען א גאָלד קעניג, איז אויף מיר. גייסטליכע מענשען האָבען מיט בעגייסטערונג פון מיר

געהערט פון דער ווייטענס דעם זיסען קלאנג פון גאפּעל און מעסער, פערנומען די הארמאָני פון מוזיק... די לבנה האָט געשיינט, גליקליכע מענשען זיינען ארומגעפּאָרען אויף זייערע אייגענע קליינע יאכטעס... קאָרקעס פון שאמפּאניער פלעשלעך האבען געקנאקט, טייערע פערד האבען געהערזשעט, פעטע מענשען האבען געלאכט... פע! איך האָב מיך בעשלאָסען אונבעדינגט צו ווערען א מיליאָנער.

יעדער מענש מיט ענערגיע קען ווערען וואס ער וויל. איך בין גע־וואָרען א מיליאָנער. נאָך דעם זעלבען אבענד האָב איך געמאכט די ערשטע התחלה. איך בין געזעסען פון איין זייט באנק אין קאר און פון דער אנדער זייט איז געזעסען א פרוי פון די געפאלענע ענגלען... אָן אויסגעמוטשעטע האָט זי זיך אומגעקערט פון „חזיר מארק", וואו זי האָט געהאנדעלט מיט שווייַנעריי... זי איז אנדרעמעלט געוואָ־רען און פון איהר האנד האָט זיך ארויסגעגליטשט אויפ'ן באנק איהר פּאקעט בוך! מיך האָט עס באלד א צופּ געטאָן... איך מוז ווערען א מיליאָנער, דאָס איז בעשלאָסען. איך האָב פון זיך אראָפּגענומען די הוט, גלייך מיר איז זעהר היים געוואָרען און האָב גלייכגילטיג אזוי ווי אונגערן צוגעדעקט דעם פּאקעט בוך... אין דעם פּאקעט בוך איז געווען 250 דאָלאר... עס איז טאקע געווען אָן אתנן זונה, אָבער ווען מען וויל א מיליאָנער ווערען, ווער קוקט דארויף? פאר דעם געלט האָב איך אויפ'ן אנדערן טאָג געקויפט א טיקעט און בין אוועק קיין קלאָנדייק גראָבען גאָלד.

מיר זיינען שוין געווען ניט ווייט פון קלאָנדייק ווען אונזער שיף איז ארויף אויף א שטיין, עס איז געוואָרען א גרויסע מהומה און אל'ע האבען זיך א וואָרף געטאָן צו די קליינע שיפעלעך, עס איז געווען זעהר א פינסטערע נאכט.

אויפ'ן שיף איז געווען א אידעל, וועלכער איז געפאָהרען קיין קלאָנדייק מאכען גילדערנע געשעפטען... איך האָב געוואוסט אז אין זיין סעטשעל, וועלכען ער האלט שטענדיג אין האנד, ליגט א גאנצע פּויטעקע. ווען די מהומה האָט זיך אויפגעהויבען האָב איך ארויסגע־ריסען פון זיינע הענד דעם סעטשעל און האָב איהם אריינגעשטופּט אין וואסער... דער שרעק איז געווען אזוי גרויס, אז קיינער האָט עס ניט בעמערקט און איך האָב געפונען אין סעטשעל 2700 דאָלאר... צו א מיליאָן איז נאָך ווייט, האָב איך געטראכט, אָבער א פונדאמענט

מיט 10 יאָהר צוריק געקומען פון רומעניען). דאָ האָב איך זיך איבער־צייגט, אַז ווערען אַמילאָנער איז גאָר ניט אַזוי שווער — מע דאַרף נור האָבען ענערגיע און בעשלאָסענהייט, מע דאַרף מיט דער גאַנצער זעעלע מיט אַלע געדאַנקען וועלען אַ מיליאָנער ווערן און מע דאַרף דער־צו גאָט בעטען, ער זאָל געבען מזל, דאָס הייסט, גליקליכע צופאַלען. איך האָב געשיינקט געלד צו בויען אַ האָספּיטאַל און האָב באַלד גע־קראָגען דעם נאָמען „אונזער גרויסער פינאַנסיסט און פילאַנטראָ־פיסט"...

ויהי היום בין איך געפאָרען מיט פיעלע פראָמינענטע מענער אויף מיין יאַכטע צו מאַנהעטען ביטש. ביי מיר איז געוועזן דאָ זעהר פיעל געסט און ניט איין גוטער פריינד, עס איז געוועזן זעהר פיעל וואָס צו עסען און קיינער האָט ניט געהאַט קיין אַפּעטיט, מע האָט געטרונ־קען פיעל שאַמפּאַניער און קיינער האָט ניט געהאַט קיין דורשט, מיר זיינען אַלע געוועזן שכור'לעך און קיינער איז ניט געוועזן פריילִיך. דאָ האָב איך זיך דערמאָנט ווי אַזוי נאָך גאָר מיט אַ קורצע צייט צוריק בין איך געגאַנגען צו פוס מיט מיינע צוויי אמת'ע טרייע פריינד קיין מאַנהעטען ביטש, וויפיעל פאָן מיר האָבען געהאַט, ווי לעבעדיג און פריילִיך עס איז געוועזן, ווי שטאַרק מיר האָבען געלאַכט, ווי פיה־לענד עס איז געוועזן אונזער אַפּעטיט, ווי נאַאיוו און קינדעריש מיר האָבען מקנא געוועזן די רייכע לייט, וועלכע האָבען געפרעסען און געזויפען, ווען ביי אונז אין די קעשענעס האָט געפייפט דער דלות־ווינד. איך האָב זיך דערמאָנט אויף דער צייט און געגען מיין ווילען, האָט מיין הארץ מיך אָנגעהויבען ציהען צוריק, איך האָב אָנגעהויבען ביינקען נאָכ'ן פערגאַנגענעם, מיר איז געוואָרען טרויעריג און איך האָב זיך פערטראַכט...

פלוצלונג הער איך אימצער שטורכעט מיך אין זייט און אַ פרעכע שטימע פרעגט מיך. „וואָהין פאָהרסט דו?"... וואָס הייסט! ווער וואָגט עס פרעגען, וואָהין איך פאָהר אויף מיין אייגענע יאַכטע? אָבער איך האָב נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו קומען צו זיך, ווען אַ שטאַרקע האַנד האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָלנער און האָט מיך אָנגעהויבען אַזוי טרייסלען, אַז איך האָב זיך מיט די ציין אָפּגעביסען אַ שטיקעל צונג (איצט וועט שוין פון מיר קיין רעדנער געוויס ניט זיין) איך האָב געעפענט מיינע אויגען און האָב דערזעהן אַז איך זיץ

געפּרעדיגט אין די „גאָטס הייזער", אַרבייטער האָבען מיינע ביל־דער געקויפט, געשעפטס־לייטע האָבען אָפּט פון ענטהוזיאַזמוס מיינע „גאָלדענע הענט" געקושט... איך האָב מיך בעשלאָסען צו געהן ווייטער מיט'ן וועג, מיט וועלכען נאָט אליין מיט זיין השגחה פּרטית האָט מיך געפיהרט.

מיר איז געוועזען לייכט צו גרינדען אין סאַן־פראַנציסקאָ א געזעל־שאַפט מיט'ן נאָמען „די שמאָלץ גאָלד גרוב קאָמפּאַניע" די קאָמפּאַ־ני האָט געהאַט (געוויס, נור אויף'ן פּאַפּיר) גרויסע גאָלד פעלדער, וועלכע האָבען געאַדרפט עקספּלואַטירט ווערען. יעדער דאָלאַר האָט געקענט געבען צעהן דאָלאַר פּראָפיט. איך אליין האָב געקויפט אויף א האַלב מיליאָן דאָלאַר אַקציען פון דער שמאָלץ גאָלד גרוב קאָמפּאַ־ניע... אויף די בערזען איז געוואָרען אזא מהומה, אז מען האָט זיך געה'רג'עט פאַר די אַקציען, מע האָט געריסען פון די הענד, מענשען האָבען געוואָלט גיך רייך ווערען און זיינען פון הויט געקראָכען צו קריגען אַקציען פון דער קאָמפּאַני, וואו דער גליקליכער נייער מילי־אָנער שטעהט אַלס גרינדער און דירעקטאָר. די פּרייז פון די אַקציען האָט אזוי געשטיגען, דאָס מען האָט פאַר א הונדערט דאָלאַר פּאַ־פּיר געצאָהלט צוויי הונדערט און זיעבצעהן דאָלאַר... דאָ האָב איך אויף דער בערזע שטילערהייד פערקויפט אַלע מיינע אַקציען און איך בין שנעל אַרויסגעפאָהרען פון סאַן פראַנציסקאָ נאָך ניו יאָרק.

ווען איך בין נאָך געוועזען אויפ'ן וועג האָט זיך ענטדעקט דער גרויסער שווינדעל. הונדערטער מענשען זיינען בדיל־דל געוואָרען, גרויסע פירמען האָבען באַנקראָטירט, 27 מענשען זיינען פון זינען אַראָפּ פון יסורים און שאַנדע, זיעבצעהן האָבען זיך געשאָסען, זיעבען און דרייסיג פערגיפטעט, זיעבען געהאַנגען, נײַנצעהן ווייבער האָבען זיך אין וואַסער אריינגעוואָרפען. און מיין רוהם איז געוואָרען גרויס און קלינגענד. ווי א קייזער האָט מען מיך באַגעגענט אין ניו יאָרק. באַנקירען און בראָקערס האָבען מאַרשירט מיט פאָהנען, דריי אָרקעס־טערס מוזיק האָבען געשפּיעלט, מע האָט סאַלוטירט פון קאַנאָנען און אין אַלע צייטונגען איז געוועזען מיין בילד מיט א קראַנץ פון לאָר־בער בלעטער... גרויסע עדיטאָריעלס זיינען געוועזען געווידמעט דעם „גרויסען פינאַנסער", דעם אמעריקאַנער אונטערנעמונגס ענערגיע, דעם זשעני פון וואַהרען יענקיזמוס (זיי האָבען פאַרגעסען אז איך בין ערשט

# ניט געראָטען.

(אַ וויסענשאַפטליכער אַרטיקעל.)

---

מיין היינטיגער אַרטיקעל וועט זיין שרעקליך ניט געראָטען — איך זאָג דאָס אייך פריהער. פערשטעהט איהר מיך, פונקט היינט איז מיר איינגעפאַלען צו שרייבען אַ „וויסענשאַפטליכען" אַרטיקעל. איך האָב אויסגעפונען, ווי אַזוי עס שרייבען די דאָזיגע, וועלכע האָבען ערפונדען דעם פּאַטענט אויף „וויסענשאַפטליכע שרייבעריי", איך האָב, פונקט ווי זיי, גענגען זיך אַנידערגעשטעלט די פאָטאָגראַפיעס פון קאַרל מאַרקס און ענגעלס, צוגעקלעפּט מיט צוקיימע בולקע פון אַ זשורנאַליסטישען „דזשאַב" די פּיקטשור פון דאַרווין צום וואַנט, אַני־דערגעלעגט זיעבען ביכער אויף דעם ביינקעל, אויף וועלכען איך שרייב און האָב אָנגעפאַנגען: „די פּראָבלעמען פון די סאָציאַלע פּערטור־באַציאָנען"... האַ? וואָס איז דאָס? מען קלינגט? איך שרייב מעהר ניט און הער זיך צו.

איהר דאַרפט וויסען, אַז איך האָב געדאַרפט צאָהלען רענט נאָך דעם 15טען יולי און איצט שוין דער 4טער אויגוסט. עס איז גע־ווען דער לענדלאָרד, איך הער שווערע טריט אויף די טרעפּ. אוי! דער לענדלאָרד! מיין האַרץ פּאָכט, דאָס בלוט ווערט פערקיהלט און איך פערטיעף זיך אין די ערשט אויפגעשריבענע וויסענשאַפטליכע פראַזע „די פּראָבלעמען פון די סאָציאַלע פערטורבאַציאָנען".

מיין לענדלאָרד, ניט פאַר אייך געדאַכט, האָט מיך דערקענט, אַז איך בין במחילה אַ איד. דאַכט זיך, איך רעד מיט איהם דייטש (ער אַז אויך אַ דייטש), ווי אַ גזלן. איהר מעגט מיך רופען בעריהמער נור איך קען זאָגען, אַז אויף דייטש בין איך „איבערהויפּט" אַ גרוי־סער רוצח... מיט איין וואָרט, ער האָט מיך דערקענט. עס דאַרף ביי אייך זיין ריין, זאָגט ער. דער ערשטער שטאָך אין מיין אידישקייט

אין א וואגאָן און געגען מיר שטעהט א בייזער קאָנדוקטאָר... דער גע־וועזענער מיליאָנער איז אין שלאָף פערפאָהרען מיט דרייסיג בלאָק ווייטער און ניט האָבענדיג קיין ניקעל איז ער צו פוס געגאנגען צו־ריק אהיים...

ווי לייכט עס איז אין אמעריקא אוים מיליאָנער צו ווערען!...



וועלען גוט שרייבען, וועל איך דען קענען, ווען יעדע מינוט גיט עס א צופּ, א ריס, ווען פון יעדען קלונג גיט א טיאָכקע אין הארצען, ווען יעדע ווײלע זינגט מיר א בת קול מיט א אומעטיגען נגון: ר׳ יענקעל, ר׳ יענקעל! און וואָס וועט זיין מאָרגען?

און אפשר פערקערט? דאָס הייסט אפשר איז דיעזער וויסענ־שאַפטליכער ארטיקעל גאָר ניט אזוי ניט געראָטען, ווי איך מיין? נו׳ם איך אָקאָרשט זעהן... וואָס שטעהט דאָ געשריבען? „די פּראָב־לעמען פון די סאָציאַלע פּערטורבאַרציאָנען" הם! עס איז ניט שלעכט, ווי איך בין א איד. ווייטער „אין די קאָנפליקטען פון די אלטערנאַ־טיווען דער עוואָלוציאָן..." אויסגעצייכענט, אויף מיין וואָרט... ווײ־טער „זינד אין דער פּאָליטיק און עקאָנאָמי די דינאַמישע און סטאַ־טישע קרעפטע פון דער רעוואָלוציאָן"... עס איז דאָ פּאָליטיק, עס איז דאָ עקאָנאָמי, איהר האָט עוואָליוציאָן, איהר האָט רעוואָלוציאָן, איך האָב אייך געגעבען דינאַמישע קרעפטע, איך האָב אייך געגעבען סטאַ־טישע קרעפטע... לאָז שוין זיין גענוג!



איהר האָט צופיעל קינדער, זאָגט ער. ווידער געלאַכט פונ'ם אידען... אלזאָ האָבען זי געלד?

פטור געוואָרען! איך שרייב ווייעדער. עס איז גאָר ניט אזוי שרעק־ליך ניט צו צאָהלען רענט, ווי איך האָב געמיינט. ער האָט מיר גע־זאָגט: איך מוז געלד געבען... א ברירה האָב איך, איך מוז מוזען, אָבער ביז דאָנערסטאָג קען איך רוהיג זיין. איך האָב זיך ביי איהם אָבגעבעטען ביז דאָנערסטאָג און אז איך האָב דערזעהן, אז ער איז מרוצה האָט מיך פערדראָסען, פאַר וואָס האָב איך ניט אָבגעלייגט בע־סער אויף שבת. נו, ווי עס איז דערווייל קען איך מיט א קלאָרען מוח שרייבען ווייטער מיין וויסענשאַפטליכען ארטיקעל. „די קאָנפליקטען פון דיעזע אלטערנאַטיוועז דער עוואָלוציאָן זינד"... אוי! וועה איז מיר, מע קלינגט.

א נייע צרה; דער אגענט פון סטענדארט געז קאָמפּאַני, א גראָבער איירישמאַן, פרעך ווי א לאָיאַלער חסיד, אַן עזות פּנים ווי איינער וואָס דיענט ביי טשאַריטיס. דאָס האַרץ ווערט צוקאָכט אין מיר, ווען איך זעה דעם חברה מאַן... ער נעהמט ניט אראָפּ ביי מיר אין שטוב די היטעל, בעטראַכט מיך ניט מעהר ווי א אידען און רעדט צו מיר, האָבענדיג א פולע מויל טשוטאָבעקאָ... פער'שרפ'עט זאָלען זיי ווערען! וועניג פינפערלעך און דרייערלעך האָב איך פערברענט דורך זייער געז... ער איז נאָך ברוגז. קוים אָבגעבעטען זיך אויף מאָר־גען... טו־מאָררא? — זאָגט ער מיט א פעראַכטונג אין טאָן. — הע? אָל רייט... נו, נו!... עס איז שוין א גוטער „אָל רייט". אָבער איך מוז דאָך... איך בין שוין ווידער אקעגען די פּאַטאָגראַפּיעס פון די גרויסע געלעהרטע, און איך שרייב ווייטער: „זינד אין דער פּאָליטיק און עקאָנאָמיע די דינאַמישע און סטאַטישע קרעפטע פון דער רעוואָלוציאָן..."

דין!... מען קלינגט ווידער... עס איז געוויס דער בוטשער, איהם קומט שוין העכער צעהן דאָלאַר. נאָכדעם וועט קלינגען דער בעקער, נאָכדעם דער אייזמאַן, נאָכדעם דער... ניין! עס איז אונ־מעגליך צו שרייבען א געראָטענע זאַך. און ווען איך בערעכען זיך נאָך, פאַר וועמען שרייב איך? דאַרף מיר דאַרען דער קאָפּ און איך דאַרף זיך סטאַרען צו שרייבען פאַר דער געז קאָמפּאַניע, פאַר'ן לענדלאָרד, פאַר'ן בוטשער, פאַר'ן בעקער? נון, און אז איך זאָל אפילו שוין יא

ניעדריגט די ליטעראַטור און פערבלאָטיגט די ריינע וואַרהייט. ניעדער מיט די שקצים, וועלכע מאַכען פון ליטעראַטור א פּאַמאַיניצע און וועלכע מיינען, אז מע קען אַוועק מאַכען מיט'ן האַנד די עפענטליכע מיינונג פון דער פּרעסע!.. מע דאַרף זיין א פערד, מע דאַרף זיין אַן עזעל, מע דאַרף זיין א כלב שבכלבים מע זאָל ניט פערשטעהן, אז אַן אַדווערטייזמענט, וועלכער קאָסט פופצעהן דאָלאַר, קען אַריינברענגען צעהן מאָל אַזוי פיעל. פע! גראָבער יונג!..

אָבער נו — מיר וועלען פאָרט מאַכען דעם אַנאַליז פון דעם אינהאַלט פיינעם בוך פון גמליאל בולבע. די גאַנצע וועלט ווייס, דאָס דער טאַלאַנטפאָלער פערפאַסער האָט אפילו קיין שכל ניט, ווי צו פאָהרען אויף א בייסיקעל און דאָס זיינע א שוועגערין האָט זיך פאַר א יאָהרען געוואָלט שמד'ען. ווען מען זאָל אפילו ניט גלויבען, אז דער אמת'ער פאַקט, וואָס זיין ווייב האָט א מאָל אַזוי לאַנג געדונגען פיש אין מאַרק ביז זי האָט גע'גנב'עט א העכט, — מיר זאָגען, ווען מען זאָל אפילו ניט גלויבען, אז דער אמת'ער פאַקט איז אמת, איז אויך גענוג טרויעריג, ווען אַזאַ מענש ווי גמליאל בולבע שטופּט זיך מיט זיין חזיר'שע חרוקעריי אין די הייליגע טעמפּלען פון ליטעראַטור. וויסענשאַפט און סאָציאָלאָגיע.

מיר זיינען שטענדיג נעגען אַלגעמיינהייטען און שימפּפעריי'ען. מיר זאָגען: קריטיק דאַרף נור קריטיזירען. וואָס דאַרף די קריטיק קריטיזירען? קריטיזירען דעם אויטאָר? ניין! די פּערזאָן פונ'ם אויטאָר אַליין איז הייליג און אויסער דעם, ווער וועט זיין א בעלן צו קריטיזירען למשל אַזאַ אויטאָר ווי גמליאל'קע בולבאַטש, אויף וועלכען מיר וועלען געווים ניט זאָגען, אז ער איז א שורקע, א לומפּ און א טויגעניכטס, אָבער אויף וועלכען מיר וואָלט געקענט פיעלעס זאָגען, ווען אונזער מאָטאָ זאָל ניט זיין: אַנשטענדיגקייט, גערעכטיגקייט, פּראָגרעס און ציוויליזאַציאָן!

דאַרום האַלטען מיר זיך צוריק פון יעדע פּערזענליכקייט און מיר קריטיזירען נור דעם אינהאַלט פון דעם אויבענגענאַנטען ווערק. אונזערע לעזער האָבען געזעהן, דאָס מיר האָבען ניט געשפּאָרט קיין מיהע דורכצואַנאַליזירען דעם גאַנצען אינהאַלט פון דיעזען ווערק, וועלכעס גאַנץ געניי גערופען ווערען שמיר־פּאַטשקעריי. און מיר האָ־

# יאָ גערעטען.

## (א מאָדעל פון אונפּארטייאישע קריטיק).

---

איך האָב זיך אונטערגענומען אויפצושרייבען אַן ערנסטען, דורכאוים וויסענשאפטליכען, אנאטאָמיש־פּיזיאָלאָגישען און אנאַליטיש־קריטישען ארטיקעל, וועלכער זאָל זאָגאר פאר אמעריקאנער קרי־טיקער קענען דיענען אלס מוסטער און מאָדעל פון אונפּארטייליכקייט און איך מעג זאָגען — עס איז מיר געראָטען. אָט דאָ האָט איהר עס זואָרט אין וואָרט:

די נייע פּערפאסונג פון אונזער טאלענטפאָלען פריינד הערר גמליאל בולבע איז, ליידער, ניט געלונגען. פון פּסיכאָלאָגישען שטאנד־פּונקט איז דאָס אַ שמאטע שלא שמאטאנו אבותינו. און אין פּילאָזאָ־פישען זינען דעם וואָרטעס איז דאָס ניט מעהר, ווי אַ קוואטש. איך וויים, פּיעלע וועלען זאָגען, מיר זיינען ברוגז ווייל הערר גמליאל בולבע האָט אונז ניט געגעבען קיין אדווערטייזמענט.

מע דארף טאקע זיין אַ אידיאָט, אַ׳ן עזות מחוצף פּנים — ניט צו פערשטעהן, אַז ביי אונז אַן אדווערטייזמענט בעצאָהלט זיך מיט פּראָפּיט. ץנ

מיר אָבער וועלען אייך ווייזען וויסענשאפטליך שווארץ אויף וויים, דאָס דער באזים פון אונזער קאָמוניקאציאָן איז דאָס געגרינ־דעט אויף דעם אינהאלט פונ׳ם ווערק. וואָס קען זיין דער אינהאלט פונ׳ם ווערק? עס איז קיין סוד ניט, אַז דער פּערפאסער גמליאל בולבע איז נאָך אין דער היים געזעסען אין אסטראָג, ווייל ער האָט געהאנדעלט מיט פאלסיפיצירטע אתרוגים און דאָס אין זיין משפּחה איז קיין עין הרע אַ גרויסע גערעטענים אויף פערד־גנבים און קעשע־נע־שניידערס. דאָס ווערק בעשמוצט דעם גאנצען יודענטהום, ער־

# אָדם אַ מענש.

(אַן אָריגינעלע פּסיכאָלאָגישע און סענסאַציאָנעלע גרונד־לאַגע).

---

קודם כל איז כדאי איהר זאָלט וויסען, אַז דאָס איז אַ וויסענ־שאַפטליכער אַרטיקעל.

מיר מוזען אַרויסטרעטען מיט דיעזע ערקלערונג, ווייל אין אונ־זערע צייטען האָט מען אָנגעהויבען מאַכען, במחילה, פוילע שטיק מיט דער ריינער וויסענשאַפט. איינער נעהמט אַ קאָרעקטורנעם גרייז פון דער ווערטה־סיסטעם, מיט אַן עקוויוואַלענט פון אַ בורזשואַזנע נשמה מיט אַן אַרנגרידיענט פון אַ סוועטינג שאָפּ און שטוקעוועט דאָס צו־נויף מיט דעם פּאָדעם פון זיין אונזיניגקייט און זאָגט: דאָס איז אַן עקאָנאָמישע טעאָרי. דער צווייטער נעהמט אַ געדאַנק פון אַ זוללֵ וסובא, אַ רכילות פון אַ רעבעצין אַ זיפּץ פון אַ דייטש, ווען ער האָט קאַצעניאַמער און אַ שלוקערץ פון אַ ציגיינער און זאָגט: דאָס איז די פילאָזאָפי פון מאַטעריאַליזמוס. אונזער אָריגינעלע פּסיכאָלאָגישע און סאָציאָלאָגישע גרונד־לאַגע, וועלכע איז בעטיטעלט מיט דעם נאָמען „אדם אַ מענש", איז טאַקע באמת אַ וויסענשאַפטליכע זאַך. און ווייל מיר ווילען איהר זאָלט עס וויסען, זאָגען מיר עס אייך.

די דאָזיגע זאַך, וועלכע רופט זיך אין איין לאַנד „סיטיזען", אין אַן אַנדער לאַנד „בירגער" אין אַ דריטער לאַנד „פּאָדדאַנע", — איז אַ צוויי־פיסיגע חיה, וועלכע קריגט אין איין לאַנד שמיץ אויפ'ן שטים קאַסטען, אין דער אַנדער לאַנד קריגט זי שמיץ פאַר'ן שטים־קאַסטען און אין דער דריטער שמיטץ נאָכ'ן שטים־קאַסטען. הצד השוה שבהם, וואָס אַלע קריגען זיי געשמיסען, און כאָטש זיי זיינען אַם מיינסטען גוים, שמייסט מען זיי דאָך, וואו די אידען האָבען גע־רוהט.

פען דאס יעדער האט זיך איבערצייגט, דאס ווי אונפארטייאיש מיר זאלען ניט זיין, איז גמליאל בולבע דאך ניט מעהר ווי א גנב און א פושע ישראל. א יא גערא טען?

---

דיעזע קריטיקע איז שוין געווען אויפגעזעצט„ ווען הערר גמליאל בולבע איז געקומען אין אונזער רעדאקציאן און האט ערקלערט, דאס די מיספערשטענדנים מיט דעם אדווערטייזמענט איז געווען א מיס־פערשטענדנים. אום צו צייגען אונזער אונפארטייליכקייט, רופען מיר צוריק אלעס וואס מיר האבען געשריבען און ערקלערען אפען דאס הערר גמליאל בולבע'ס ווערק איז ווירקליך א מייסטערווערקע, אזעלכע קלאסי־שע ווערק זיינען א גרויסע זעלטענהייט אין דער אידישער ליטעראטור און רעקאמענדירען דאס ווערק אונזערע לעזער... בראווא, גמליאל בולבע! בראווא!...



דאָס אַלעס וויסען, קענען און פערשטעהן, הייסט, זיין אַ פּסיכאָ־לאָגישער סאָציאָלאָג אָדער אַ סאָציאָלאָגישער פּסיכאָלאָג.

די פּסיכאָלאָגיע טיילט זיך אויף צוויי חלקים. איין חלק רופט זיך אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגיע, דער אנדער חלק רופט זיך קאָלעקטיווע פּסיכאָלאָגיע.

ווען אדם אַ מענש רייסט זיך איינער אליין אָפּ פון שטריק און שפּרינגט ארויס פון זיין שטאַהל — איז דאָס אינדיווידועלע... און ווען אַ גאַנצע טשערעדע מענשען רייסען די שטריק מיט איין מאָל, איז דאָס קאָלעקטיווע...

ווען, כדומה למשל, איין אדם אַ מענש זעהט גנב'ענען אליין פאַר זיך, איז דאָס אינדיווידועלע, ווען ער זידעלט דעם צווייטען מיט זיין אייגענעם מויל, איז דאָס אינדיווידועלע. אָבער ווען עס קלייבט זיך צונויף אַ באַנדע מען זאָל צוזאַמען מאכען אַ טראָסט אָדער אַ בענע־וואָלענט סאָסייטע, אָדער צוזאַמען ארויסגעבען אַ קהלשע צייטונג צום זידלען זיך, איז דאָס קאָליקטיווע.

אדם דער מענש האָט געגוג מיטלען צו פּלאָגען און מאַטערען די צוויי פיסיגע חיה אין וועלכער ער איז אַ „טענענט". כנגד המנ'ס צעהן בנים האָט איהם די נאַטור געגעבען עשרה מכות ואילו הן: דענקען, ניט פערגונען, געלוסטען, פאָרשען, שטאָלצירען, פאַנטאַזי־רען, פּאָעטיזירען, אנאַליזירען. און זיין ערגסטע מכה, אין וועלכע עס געפינט זיך אַלעס, פון דם צפרדע ביז מכות בכורות, איז דאָס, וואָס ער קען רעדען...

אָבער... געגוג רעדען!...



די דאָזיגע צווייפיסיגע חיה וואָלט געווען גאָר א נשקשה'־דיגע חיה, ווען זי זאָל צום אונגליק ניט האָבען אינוועניג אין זיך א מין פּסיכאָלאָגישע קאָנװשניע, וואו עס איז צוגעבונדען אויף א שטריק א מין בעשעפענים, וועלכע רופט זיך במחילה, אדם א מענש.

אָט די דאָזיגע בריאה, וועלכע איז שטענדיג אויפ'ן שטריק, מאכט אָן אַלע צרות. די צוויי־פיסיגע חיה אליין, אָן זיך און פיר זיך (ווי־סענשאַפטליך איאָ?) איז זעהר א געוועהנליכע חיה. אין איהר נאַ־טירליכען לעבען איז זי ניט פיעל ערגער פון א פערד, פון אן אייזעל, פון א באָק. זי עסט, זי טרינקט, זי שלאָפט, ווי אַלע סקאטינעס אין דער וועלט. מען וואָלט געקענט מיט דער חיה אויסקומען, ווען ניט די צרה, וועלכע רופט זיך מענש און וועלכע רייסט זיך אָפּט אָפּ פון שטריק און שפּרינגט ארויס פון איהר פּסיכאָלאָגישען שטאַהל.

ווען די זאַך, וואָס רופט זיך מענש, רייסט זיך אָפּ פון שטריק, ווערט אַלעס איבערגעקעהרט קאפּויר מיט די פיס. אַלעס וואָס עס איז אין דער חיה געזונד, ווערט קראַנק, אַלעס קראַנקעס ווערט געזונד. אונגאַטירליכעס וויל ער, אדם דער מענש, מאכען נאַטירליך און נאַ־טירליכעס — אונ־נאַטירליך... די חיה וויל עסען און דאָס מענשליכע פילאָזאָפירט. די חיה ווייס ניט פון גערעכטיגקייט און דאַרף ניט קיין פּריזאָנס, קיין קייטען, קיין סאָלדאַטען, קיין פּאָליציי, קיין עשאַפּאָטען קיין עלעקטרישע טשערס, קיינע גאַלגענס. און אדם דער מענש דענקט זעהר פיעל און זעהר שטארק פון אמת'ע גערעכטע גערעכטיגקייט און דערפון קומט ארויס זעהר פיעל גנבות, רציחה, גזלה און שפיכת דמים.

כדי די בעשעפענים, וועלכע רופט זיך „אדם א מענש" זאָל זיך ניט קענען אָפּרייסען פון שטריק און ארויסלויפען, פערצאַמט, מען זיין פּסיכילאָגישע קאָניושנע מיט פערשיעדענע צאַמען. מע פערצאַמט עס מיט א זאַבאָר פון רעליגיאָן, מיט א „הרעבליע" פון מאָראַל, מיט אַן אייזערנע רעשאָטקע פון געזעצע, מיט שטעכענדיגע ראגאטקעס פון פּרינציפּען... אָבער „אדם דער מענש" האַלט זיך דאָך ניט איין אויפ'ן שטריק. ער שפּרינגט אריבער איבער דעם זאַבאָר פון רעליגיאָן, קוליעט זיך אריבער איבער דער מאָראַל, צוברעכט מיט זיין אייגענע קאָפּ די אייזערנע רעשאָטקע פון פּרינציפּען און ער קעהרט וועלטען.

# אַרונטער מיט די פּיאַטעס.

(כמעט א הומאָריסטישע ערצעהלונג).

---

.1

דער מיטינג איז געווען זעהר א וויכטיגער און דארום זיינען אַלע ברידער פון „אגדות בני פּזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין" גע־זעסען אויף זייערע ערטער, ווען דער ברודער פּרעזידענט האָט דריי מאָל א קלאַפּ געטאָן מיט זיין האַמער, דריי מאָל א הוסט געטאָן, דריי מאָל א שנאָרך געטאָן מיט זיין נאָז און האָט אָנגעפאנגען, לאמר, אזוי צו זאָגען:

— געליעבטע ברידער פון הארצען! אונזער טאגעס אָרדנונג פון דער נעמליכער פערזאמלונג פאנגט זיך אָן מיט דער וויכטיגער פראגע: אַרונטער מיט די פּיאַטעס, אַלזאָ געוועהנליך מוזען מיר אַלעם ערשטען דעבאַטירען די פּראגע פון אַרונטער מיט די פּיאַ־טעס.

עס איז גאַנץ ענגאַל פיר יעדערען דאָס ברודער־ליעבע און הור־מאַניטעט זיינען די פּרינציפּיעלע שטאַנדפּונקטען פון אונזער „בני פּזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין", אַלזאָ האָבען מיר אין אַלגע־מיין פאָרהער פון אַלערדינגס געקויפט פיר אונזער געלד עטליכע לאָטס ערד צו בעגראָבען אונזערע זעליגע און גאָטעס זעליגע ברידער. אונגליקליכער ווייזע עקזיסטירט דאָ אָבער איין „בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין" וועלכער, געוועהנליך, בעגראָבט אויף זיי־נע ברידער און נאַטירליך לעבען אונז, א לאָט נעבען א לאָט ווי א קישען נעבען א קישען אין א דאָבעל בעט. אין דעם פערלויף פון א קורצע צייט צוריק איז ביי זיי געשטאָרבען א גאָטזעליגער ברודער און זיי האָבען איהם זאָ בעגראָבען, דאָס ער איז הערויין מיט זיינע

דאַן האָט זיך געשטעלט איינער פון די עלף דעלעגאַטען און האָט אָנגעפאַנגען, לאמר, אַזוי צו זאָגען:

דאָס עקזעקוטיווע קאָמיטע פון „אגודת בני פּזור קראַנקען אונטער־שטיצונג פעראיין" האָט זיך געווענדעט צום באַארד אָף טראָסטים פון בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין מיט דער אויפפאָ־דערונג, דאָס דער בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין זאָל געבען אַ סאַטיספעקשיאָן דעם בני פּזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין זאָ ווייל די מעמבערס פון בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין האָבען ניט דאָס רעכט צו קריכען מיט זייערע פיס צו די בני פּזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין. יעצט זיינען מיר די דעלעגאַטען פון בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין אויף דעם פערזאַמלונג פון בני פּזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין. וואָס קענען זאָגען די פאָרשטעהער פון אונזער קראַנקען אונטערשטי־צונג פעראיין צו די מעמבערס פון אייער קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין? געוועהנליך, טויזענד דאָלאַר פערלאַנגט דער בני פּזור קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין און נאַטירליך זאָגאַר איין סענט וועט ניט געבען דער בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונג פעראיין! (שט! שטיל! אָרדער! אָרדער! פאַר וואָס קומט דאָס זיי? אַ מכה! אָרדער! חריאַקע ניט! דער האַמער קלאַפּט, דער דעלעגאַט זאָגט וויטער) די אורזאַכע דערפון איז: די בני דלפון האָבען בעגראָבען זייער ברודער אין אָרדנונג און וואָרום דער גאָטזעליגער איז אַליין אָהן דער בעשטימונג פון די ברידער, אריינגעקראָכען מיט די פיס צו די בני פּזור דאַרף ער אַליין פעראַנטוואָרטליך זיין. צווייטענס, אום צו פערמיידען קריעג ערלויבען מיר אייך אייערען אַ גאָטזעליגען ברודער צו בעגראָבען אַזוי, אַז אַנשטאָט אונזער גאָטזעליגען'ס פיס זאָל ליגען ביי אונז אייער גאָטזעליגער קאָפּ. דריטענס, ווען איהר קענט דורך פּאָליציי אָדער מיט אַ מאַרשאַל צווינגען דעם גאָטזעליגען ער זאָל זיך מיט זיינע פיס ארויסקלייבען פון הייליג אָרט האָבען מיר גאָר ניט דאַגעגען. דאָס איז דער אַנטוואָרט פון בני דלפון קראַנקען אונטערשטי־צונג פעראיין צו די אגודת בני פּזור קראַנקען אונטערשטיצונגס פער־איין.

דאָ איז געוואָרען פון מיטינג אַ מיש־מאַש! האַ? שאַ! אָרד־נונג! האָבען געדונערט אַלע מעמבערס, די דעלעגאַטען האָבען געמאַכט

בני דלפון אונטערשטיצונגס פיס גראַדע צו די בני פּזור אַריין, זאָ צו זאָגען, אין האַלז אַריין, דאַרום —

אין אַנבעטראַכט דאָס מיר זיינען אגודת בני פּזור קראַנקען אונ־טערשטיצונגס פעראיין און זיי זיינען ניט מעהר ווי, עקסקיוז מי, בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונגס פעראיין;

אין אַנבעטראַכט דאָס קריכען מיט פרעמדע פּיאַטעס אין אַ פרעמדען „הייליג אָרט" איז געגען די געזעטצע, געגען די לאָו און גע־גען מאָראַליטעט.

אין אַנבעטראַכט דאָס די גאָטזעליגע מעמבער פון די בני דלפון'ס האָבען אונז צוגעפּיגט טראָבעל און דעמעדזשעס אויף טויזענד דאָלאַר איז בעשלאָסען אויפצופאָדערן די ברידער פון בני דלפון, צו בעצאָהלען די בני פּזור טויזענד דאָלאַר און ווען ניט דאַן נעהמען מיר אַ פּראָמי־נענטען לאָיער און אַרונטער מיט גאָטזעליגע פיס! אַרונטער מיט די בני דלפון פּיאַטעס! ...

די גלענצענדע רעדע פון פּרעזידענט האָט בעגייסטערט אַלע בני פּזור און זיי האָבען געשלאָסען דעם מיטינג מיט ווילדע געשרייען: אַרונטער מיט די פּיאַטעס! אַרונטער! ...

2

דער צווייטער מיטינג איז געווען נאָך ווייכטיגער. דער בני דלפון קראַנקען אונטערשטיצונגס פעראיין האָט געשיקט דעלעגאַטען צו די בני פּזור קראַנקען אונטערשטיצונגס פעראיין. דער האָל, וואו עס איז געווען אַ בית המדרש, אַ טאַנץ־קלאַס און אַ פינף־סענטיגער לאָדזשינג הויז איז געווען געפּאַקט. דער פּרעזידענט האָט געהוסט מיט צוויי טאָ־נען העכער, דער וויצע פּרעזידענט האָט זיך פערקאַמט, אַבוואָהל דער מיטינג איז געווען אין מיטען דער וואָך, דער סעקרעטער האָט זיך אויסגעפּוצט די שטיוועל. אַלעס איז געווען יום־טוב'דיג.

— געליעבטע ברידער פון מיין הארצען — האָט אָנגעפאַנגען דער פּרעזידענט — די געליעבטע ברידער פון בני דלפון האָבען אונז געשיקט עלף דעלעגאַטען און געוועהנליך איזט זייער קרעדענשיעל אָלל רייט, אַלזאָ געהערט דאָס וואָרט צו די דעלעגאַטען. איז אונטער־שטיצט? אונטערשטיצט!

# צוויי נפשות!

(א ריכטיגע מעשה פון א ווייסען פערד און פון א דיקען גרענד־מארשאל.)

.1

„אלזא, ברידער, געוועהנליך, מוזען מיר בעשליסען ווי דעם הער־ליכען פאראד פון אונזער יאהר־פעסט צו בעזארגען, דאס יעדער שטוקע זאל געשטיפט ווערען זיין אלל רייט . . . אלזא, סויטענלי, מוזען מיר דעם ארדנונג אויסמאכען זא אכטונגספאל, עס זאל, געוועהנליך, ניט איבערדריסליך און ניט איבערפליסליך זיין!״ . . .

די רעדע האט געהאלטען מיסטער מאיק קרעפעלשלינגער אויף א מאסענפערזאמלונג פון אלע מעמבערס פון דעם וואהל בעקאנטען „רו־סישע־צארעווא־קאקשייער־סאלדאטען־ברידער־בענעוואלענס - אונטער־שטיצונגס פעראיין״. די ווערטער זיינען ביי איהם געגאנגען פון האלז גלייך ווי צוויי צארעווא־קאקשייער־סאלדאטען־ברידער וואלטען איהם געשטיקט. ער איז געווען רויט ווי אן אבגעקאכטער קראב און אויפגע־רעגט, ווי א קאץ, וועלכע זעהט פון דער ווייטען א קריגעל מיט סמע־טענע. מיר מוזען ערקלעהרען, וואס איז דאס פאר א סאלדאטען־ברי־דער פעראיין און פאר וואס איז געווען מיסטער מאיק קרעפעלשלינגער אזוי אויפגעטראגען.

דער „רוסישע־צארעווא־קאקשייער־סאלדאטען־ברידער פעראיין״. איז געגרינדעט געווארען מיט איין יאהר צוריק. דער ציעל פון דעם פער־איין איז צו טראגען א מונדיר מיט בליסצענדע קנעפ, א שפאגע מיט א זילבערנעם קוטאס, און שמאלע הויזען מיט ברייטע גענעראלס־קי לאמפאסען. ערשטע גרינדער פון דעם פעראיין זיינען רוסישע יונגע

מיט די הענד, דער פּרעזידענט האָט געקנאַקט מיט'ן האַמער און דער גאַנצער האָל האָט ווידער געראַוישט פון די קולות און ווילדע געשרייען.
ארונטער מיט די פּיס! ארונטער מיט די פּיאַטעס!

### .3

די אָרעמע אלמנה פראַדע האָט זיך גוט אויסגעוויינט פאַר'ן שלאָף. זי האָט זיך צוגעדעקט מיט אַלטע שמאַטעס און איז אַנשלאָפען געוואָרען מיט אַ שווערען, אונגעזונטען, אונרוהיגען שלאָף... פּלוצ־לונג הערט זי די טהיר עפענט זיך און איהר געשטאָרבענער מאַן געהט אריין אַן אויסגעדאַרטער, אַ בלאַסער, מיט אַ טרויעריג געזיכט...
געה צו דיין רוה, וויל זי זאָגען, אָבער איהרע ליפּען בעוועגען זיך ניט און דער טויטער טרעט צו נאָך נעהענטער און זאָגט שטיל: פּראַדע! איך הער יעדען טאָג ווי מען טרעט מיין קבר מיט די פּיס, מען בעלעדיגט מיך, מען קריגט זיך איבער דעם וואָס מיינע פּיס ליגען אויף אַ פרעמדע שטיקעל ערד... איך בעט דיך, פראַדע, געה זאָג זיי: איך בין געוועזען אַ שוירט מעקער און איך האָב מיין גאַנצען לעבען ניט געהאַט קיין מעגליכקייט אויסצוציהען מיינע אויסגעדאַרטע פּיס. ביי טאָג בין איך געזעסען צוזאַמענגעבויגען און צונויפגעקאָרטשעט ביי דער מאַשין און ביי נאַכט בין איך געוועזען צוזאַמענגעשרויפט פון קעלט און קראַנקהייט... נאָר נאָך מיין טויט איז מיר ענדליך געלונגען מיך אויסצוגלייכען און מיינע צונויפגעקאָרטשעטע פּיס אויסצוציהען...
די אָרעמע אלמנה וויינט פון שלאָף מיט אַ שטילען טרויעריגען געוויין... אוי! אוי! קרעכטשעט זי לאַנגזאַם און דער זייגער קלאַפּט צוועלף...



עס איז ניט שופר של משיח—דאָס איז אַ טריאומף פאַראַד פון די ברי־דער סאָלדאַטען בענעוואָלענט אונטערשטיצונג... נאָך בעצייטענס ציטערען די פיס, קלאַפּען די ציין און פרייען זיך די הערצער...

יאָ! אָבער ווער וועט זיצען אויפ'ן פערד? ווער וועט זיין דער קאָמאַנדיר פון פאַראַד, אויף וועמען וועט פאלען די גרויסע עהרע צו זיין אַ גרענד מארשאַל? מיסטער מאיק קרעפּעלשלינגער רעכענט, אַז איהם קומט דער כבוד... ערשטענס, ווער האָט נאָך אַזאַ בייכעל ווי ער? און צווייטענס, ער האָט זיך שוין אויפגענעהט אַ פּראַכטפאָלען כּונדיר מיט אַ פּאָר זעלטענע מיליטערישע תחתונים... דריטענס, ער האָט קיין צייט ניט געהאַט און האָט שוין בעריהמט זיך פאַר זיין דייטשקע, אַז ער איז שוין לאַנג אויסערוועהלט...

„אַלזאָ, ברידער־סאָלדאַטען, זאָגט מיסטער מאיק, געוועהנליך איז דער אָרדנונג פון דער פאַראַדע צוגעפּאַסט, אָבער געוועהנליך... מע מוז בעזאָרגען איין אנשטענדיגען גרענד מארשעל מיט אַ ווייסען פערד"... ווייטער האָט ער ניט געקענט רעדען, דער אָטהעם האָט פערכאַפּט, דאָס הארץ האָט געציטערט, דער בויך האָט זיך געהויבען אין דער ברייט און דער לענג...

.2

יעדע זאַך הענגט אָב פון מזל. אז דער מזל גליקט — גילט ניט קיין חכמה, קיין תורה, קיין יחוס... אַלזאָ, מזל טוב! פאַר אַ גרענד מארשאַל איז טאַקע אויסערוועהלט געוואָרען מיסטער מאיק קרעפּעל־שלינגער... דאָס האָט געמאַכט אויף איהם אַזאַ שטאַרקען איינ־דרוק, אַז ער האָט געוויינט פאַר שמחה מיט ביטערע טרערען. ער האָט אַלע ברידער רוסישע צארעוואַ קאָקשייער זעלנער איינגעלאַדען אין אַ סאַלון, האָט זיי געטראַקטירט מיט ביער און גוטע סיגאַרען... נאָך דעם האָט ער זיך אָנגעהויבען גרייטען צום גרויסען יום הדין — צום פאַראַד, ווייל ער האָט שטענדיג געטראַכט פון דעם פאַראַד, פון דעם ווי ער, דער גרענד מארשאַל, וועט פאַראַדירען צוזאַמען מיט'ן ווייסען פערד, ווי אַזוי ער וועט זיצען אין זאָטעל מיט די האַנד אונ־טער די ריפּענס, האָט ער פערקירצט עטליכע רעק און פערשמאָלט עט־ליכע פּאָאַר פּלודערען... ווי ער פלעגט זיך נור דערמאָנען אָן דעם

לייט, וועלכע קענען די רוסישע שפּראַך גאַנץ נעננו גראָדע ווי דעם ראַסטאָווער רב׳ס רעבעצין...

נור ווייל אמעריקא איז א פרייע לאַנד און יעדער מעג דאָ טראָגען ברייטע גענעראַלסקע לאַמפּאַסען מיט א שפּאַגע, האָבען זיי גע־גרינדעט א רוסישען סאָלדאַטען פעראיין פון לויטער גענעראַלען... מעמבערס האָבען זיי גענוג, ווארום עס איז דאָ נאָך גענוג יונגע אַר־בייטער, וואָס ליעבען שמאָלע הויזען מיט לאַמפּאַסען. א קאָנסטיטו־ציאָן האָבען זיי געווים, און דאצו אַלע אָפּיסערס ווי עס געהער צו זיין. מהיכא תיתי! פאַר וואָס ניט? א דייטש מעג האָבען סאָלדאַטען פעראיינען, פאַר וואָס זאָל אידעלע קנאַקער אויך ניט שפּיעלען זיך אין סאָלדאַטלעך?

מאיק קרעפּעלשלינגער איז דער איינציגער סאָלידער מעמבער צווישען אַלע מעמבערס. ערשטענס איז ער ניט גלאַט א שניידער, נור א קאָסטיום שניידער; צווייטענס, איז ער א באָס און האָט אליין א שאַפּ; דריטענס, איז ער שוין א בעיאָהרענטער מענש און וועגט צוויי פוד מיט זיעבצעהן פונט... פיערטענס, האָט ער זעהר פיעל עקספּיריענס, ווארום ער איז א מעמבער אין פערשיעדענע לאָדזשען, פעראיינען, סאָסייעטעס... און האָט א ווייב א דייטשקע...

פאַר וואָס זשע איז אונזער מאיק קרעפּעלשלינגער אַזוי שטאַרק אויפגערעגט? פערשטעהט איהר מיך — אין ניכען וועט דער „רו־סישע־צאַרעוואַ־קאָקשייער סאָלדאַטען ברידער אונטערשטיצונגס פער־איין" פייערן זיין יאָהרעס־פעסט. עס איז בעשלאָסען אַז אַלע מעמ־בערס וועלען פּאַראַדירען איבער די גאַסען פון ניו יאָרק מיט זייערע שמאָלע הויזען, מיט זייערע שווערדען, גלאַנצענדיגע קנעפּ, לאַמפּאַ־סען און שמויסענע קיטלען, אחוץ דעם וועט אויך זיין אַן אָרקעסטער מוזיק און דער אויסערוועהלטער גרענד מאַרשאַל וועט פאָהרען פאָר־אויס אויף א ווייסען פערד מיט א דרייעקיגע קאָפּ אויף זיין הוט און מיט א ברייטע רויטע זיידענע לענטע אויפ׳ן ברוסט... שטעלט אייך פאָר: סמירנאָ! שרייט דער גרענד מאַרשאַל צו די צאַרעוואָ־קאָקשייער ברידער סאָלדאַטען... און טראָגט צו דעם שווערד צום נאָז!.. מוזיק שפּילט, דער פערד הירזשעט, די „ברידער" מאַרשירען, די קנעפּ בליש־טשען, די אינגלעך לויפען נאָך, די מיידלעך און ווייבלעך קוועלען פון נחת... טו! טע־רו־טרו־רע־טרו־טו!... דער האָרן בלאָזט!...

זיינען אומגעלאָפען פערסאָפּעט אהין און אהער... דער „גרענד מאַר־שעל" האָט אויסגעטרונקען עטליכע פּיינט ביער און איז דאָך געשטאַ־נען ניט טויט און ניט לעבדיג... באלד... באלד וועט מען ברענגען דעם ווייסען פערד... די טרובעס וועלען אָנהויבען טרובען, די שווער־דען וועלען קלינגען... דער פּאראד וועט זיך אָנפאנגען...

— אָה, וואס איז דהע מעטער וויט יאָו! האָט געזאָגט ביין א געלער איירישמאן, ווען ער האָט צוגעפיהרט צום גרענד מארשאל א ווייסען פערד און האָט דערזעהן אז דער „גענעראל" זעצט זיך אזוי, אז זיין פּנים וועט אויסקומען צום פערד'ס רוקען...

— אָלל רייט! אָלל רייט! האָט געענטפערט שטיל מיסטער קרע־פּעלשלינגער מיט א שוואכע שטימע. זיינע ציין האָבען געקלאפּט, די פּיס האָבען זיך אונטערגעבויגען און דער פּופּיק האָט געציטערט... דער יונגער און ערעלער פערד האָט א קעהר געטאָן זיין קאָפּ און האָט ביין א קוק געטאָן אויפ'ן רייטער... ער האָט באלד פערשטאַנען אז אויף זיין שטארקען רוקען וויל זיך זעצען א קאוואלעריסט, וועלכער איז נאָך קיין מאָל אין זיין לעבען אפילו אויף קיין קליאטשע ניט געזעסען... ער האָט זיך בעלעדיגט און האָט אָנגעהויבען צו פּירקען, גליך ווי א יונגער גענאָסע אויף א דעבאטע. אך! קוים האָט זיך נור דער דערשראָקענער „גרענד מארשאל" אריין געדרוקט אין זאָ־טעל אריין, קוים האָט ער נור גענומען די צוים אין זיינע שלאפּע הענד, קוים האָט ער גור א טראכט געטאָן, ווי געטליך ער וועט אויסוויי־זען אין זיין פּראכטפאָלען מונדיר מיט דעם באנד אויף אזא שעה־נעם ווייסען פערד, — איז געשעהן עטוואָס שרעקליכעס... עטוואָס, וואָס איז אונמעגליך צו בעשרייבען... דער ווייסער פערד האָט אָנ־געבלאָזען זיינע נאָזלעכער, האָט א פּאָר מאָל מיט אונגעדולד א קלאפּ געטאָן מיט'ן פּוס איבער די שטיינער פון גאס... האָט געגעבען א שטארקען חראַפּ... און נאָך דעם!.. אָך און וועה! ער האָט א פּיצקע געטאָן מיט'ן עק, און אין איין אויגענבליק זיינען זייביידע געפלויגען מיט די קעפּ אין דער ערד אריין... דער גרענד מארשאל האָט איבערגעקעהרט אויף זיך א פּולען בארעל מיט מיסט, האָט זיך אליין נעביך אזוי ווי בעגראָבען לעבעדיגערהייד אונטער א בארג מיט „אונריינינקייטען" און איז געבליבען אין אָהנמאכט... דער ווייסער פערד האָט זיך געוואָרפען און געצאפּעלט ניט ווייט פון איהם...

שעהנעם גליקליכען טאָג, פלעגט איהם אַ קיצעל טאָן אונטער'ן „לאַ־פּאַטקע" און דאָס האַרץ פלעגט אָנהויבען טיאָכקען, טיאָכקען... אייניגע מאָל פלעגען איהם אויך טרויעריגע געדאַנקען קומען אויפ'ן זינען: וועט זיין אַ שעהנער וועטער? וועט ער קענען זיצען אויפ'ן פערד?... געווים, ער האָט זעהר אָפט געזעהן ווי אַנדערע רייטען אויף פערד, אַליין אָבער איז ער נאָך קיין מאָל אויף קיין פערד ניט געזעסען.... דאָך אָבער די טרויעריגע געדאַנקען פלעגט ער באַלד פערטריאָגען. עטליכע מאָל אין טאָג האָט ער געמאָסטען די הויזען מיט די ברייטע לאַמפּאַסען, דעם מונדיר מיט די געגילטע קנעפּ... וואָס ווענינער עס איז געבליבען צו וואַרטען, דאָס גרעסער איז געוואָרען זיין אויפרעגונג... אַרבייטען האָט ער ניט געקענט, ער איז געזעסען גאַנצע טעג אין די ביער סאַלונען און ביי זיינע בעקאַנטע און האָט יעדען גאַנץ „פּאָליטיש" געגעבען אָנצוהערען אַז דעם דריטען מערץ וועט ער פּאַראַדירען... ער, דער גרענד מאַרשאַל, מיסטער מאַיק קרעפּעלשלינגער. אַך! ווי לאַנגזאַם ציהט זיך די צייט... אָבער גע־דולד! געדולד! דער גליקליכער טאָג וועט קומען אין די גאַנצע וועלט פון קאַנעל סטריט ביז האָוסטאָן וועט זעהן דעם שעהנעם, דעם געט־ליכען, דעם פּראַכטפאָלען פּאַראַד פון די רוסישע צאַרעוואַ־קאָקשייער סאָלדאַטען ברידער בענעוואָלענט אונטערשטיצונגס פעראיין!... און ער, אַזוי ווי אַ קיסר אויף אַ ווייסען פערד... אַך! גיכער! גיכער!...

.3

עס איז געשעהען! דער טאָג איז געקומען!... גאַנץ פריה האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטורעם ווינד מיט אַ שלאַגס־רעגען... די גאַסען פון דאַון טאַון האָבען זיך בעדעקט מיט בלאָטיגע טייכען... אָבער וואָס קען אָבהאַלטען אַ טאַפּפערען זעלנער פון זיין הייליגע פליכט? וואָס קען ערשרעקען אַ צאַרעוואַ־קאָקשייער ברודער ווען ער דאַרף פייערען דעם גרויסען טאָג פון זיין יאָהרעס פעסט? פּונקט צו דער מינוט האָבען זיך פערזאַמעלט אַלע סאָלדאַטען אין זייערע פּראַכטפאָלע קאָסטיומען. זיי זיינען אַלע געווען צו־ווייקט, אָבער פריילִיך און מונ־טער... די מוזיק איז געקומען, עטליכע אינגלעך זיינען שוין געשטאַנען אויף די קאָרנערס... אַלע זיינען געווען אויפגערעגט, די „אָפּיסערס"

# ניין! ניט פּיק און ניט ניק!

(ערצעהלונג פון א מעמבער פון די „בני לעקיש בער“.)

---

אזוי ווי עס קען ניט זיין קאלט אָהן קעלט און שבת צו נאכט יו״ט אָהן יקנה״ז אזוי ווי עס קען ניט זיין ליכטיג אָהן ליכט און שבועות אָהן אקדמות מילין; און אזוי ווי עס קען ניט זיין נאָס אָהן פייכטקייט און יום כפור אָהן כפּרות, אזוי געוועהנליך, בין איך א מעמבער פון דער בעריהמטער סאָסייטי „אגדות אחים בני לעקיש בער“...

אַלזאָ קומט צו געהן א ברודער פון אונזער סאָסייעטי „אגודת אחים בני לעקיש בער“ און שלאָגט מיר פאָר א רעזאָלוציאָן איך זאָל ערווערבען, געוועהנליך, א טיקעט אויף דעם פּיק־ניק פון דעם פעסט טאָג פון דער סאָסייעטי פון „אגודת אחי בני לעקיש בער“, ביקאָז איך בין אמענש, ביקאָז איך בין א איד און ביקאָז איך בין א מעמבער האָב איך באלד ארויסגענומען פון טאש, געוועהנליך, דעם לוח און האָב געפרעגט: ויהי היום? וואָס פאר א טאָג? — מאָנטאָג דעם ניינטען סעפּטעמבער. — מה יקר? — פינף און צוואנציג סענט. — קען מען ניט ביליגער? איך בין דאָך א מעמבער און צאָהל געלד פאָר־אוים? געוועהנליך, אַלזאָ וואו איז דער פּלאטץ? „וואודלאנד אמערי־קאן־סופּיריאָר־קאר־עקסעלזיאָר פּארק־גארדען“. די „קאר“ פאָהרט אריין מיט׳ן דישעל גראדע אין מיטען פּארק אריין. די לופט איז פריש ווי די זונן, די בוימער זיינען גרין ווי דער קלאָרער מאָנד מיט די שטערען די בלומען שמעקען ווי א גוטער ראָסעל פלייש.

געוועהנליך, מען זיצט גאנצע יאָהרען אין איינגע רומס, שמוציגע גאסען, שטויביגע סטאָרס, פינסטערע שאָפּס און מיין ווייב איז דאָך א אידענע, האָבען מיר אַלזאָ גענומען צוויי גרויסע באקסעס מיט הערינג, ציבעלעס, ברויט, זאַלץ פעפער, אייער, פּעלעשקעס, דאַיפּערס, נאָז־טיכלעך און אנדערע פּראָוויזיאָנען און מאָנטאָג פריה האָב איך

אַ שרעק, אַ טומעל, אַ ליאַרעם, אַ געוויין... וועה! וועה! האָ־בען אַלע אָנגעהויבען צו שרייען. צוויי נפשות מיט איין קלאַפּ!... אַזאַ טייערער פערד און אַזאַ ליעבער גרענד מאַרשאַל!... אונגליק אונגליק!

נאַרישע מענשען, זייער שרעק איז געווען אומזיסט: דער וויי־סער פערד האָט זיך נור צו קראַצט אַביסעל דעם חלק פון וואַגען דער עק וואַקסט, און דער גרענד מאַרשאַל האָט זיך נור שטאַרק דערשראָקען, און זיינע טייערע הויזען מיט די ברייטע לאַמפּאַסען האָבען זיך אויף צו להכעים צוריסען אויף אַזאַ אָרט, פון וועלכען עס פּאַסט ניט צו רע־דען... פּערפאַלען די לענטע, די הויזען, דער מונדיר, די סיגאַרען, דעריבער, שעהנע עטליכע דאָלאַרס... דער גרענד מאַרשאַל מיט'ן פערד האָבען ניט פּאַראַדירט... אָט דאָס איז יאָ, ווי מען זאָגט: אַ גור־טער פאַל קומט ממילא...



געהען, אַזוי ווי די אידען זיינען געגאַנגען פון מצרים. פון זאַמד איז באַלד געוואָרען וואָלקענס מיט שטויב, די שטיינער זיינען געוואָרען סטאַנציאָנען פיר קראַנקע און פערוואונדעטע. אַ שוך האָט זיך ביי מיר איבערגעריסען אויף צווייען און הייסע זאַמד און שאַרפע שטיינד־לעך האָבען געשייערט און געכשר'ט מיין אָרעמע אידישע פוס...
אי! און די קינדער? די קינדער האָבען שוין געבעך געשוויגען, ווארום איך בין געוועהנליך, ניט אויפגעלעגט געווען און האָב זיי אַזאַ פּלעזשור געמאַכט, אַז נאָך אין אַ וואָך אַרום איז ביי זיי געווען דער פּיק־ניק אָפּגעדרוקט אויף דעם געוועהנליכען אָרט פון וואַנען די פיס וואַקסען אַרויס...

פּלוצלונג האָבען מיר דערהערט אַ טראָמבאָן בלאָזט, אַ באַס ברומט, אַ פּויק רוישט, אַ פידעלע זיפצט און מיר האָבען דערזעהען פון דער ווייטען אַ הילצערנע, געוועהנליכע, אַ חאַלאַבודקע, לעבען איהר צוויי פערדארטע בוימער און אַ אונטערגעפוילטע קלאָטץ, אויף וועל־כען עס איז געהאַנגען אַ סיין: „דהי וואודלאַנד־אַמעריקאַן־סופּיריאָר־סאַר עקסעלזיאָר פּאַרק־גאַרדען..." און מיר האָבען זיך געלאָזט לויפען אויפ'ן פּיק־ניק מיט אַלע לעצטע קרעפטען.

אַלזאָ זאָל איך אייך דערצעהלען אַז אויפ'ן פּיק־ניק איז ניט געווען ניט קיין פּיק און ניט קיין ניק, אין פּאַרק איז ניט געווען קיין בוימער און אין גאַרדען קיין גרינס! זאָל איך אייך דערצעהלען אַז עס איז ניט געווען וואו צו זיצען, וואו צו שטעהן, וואָס צו עסען, וואָס צו טרינקען? זאָל איך אייך דערצעהלען, אַז די רעדנער פון „אגודת אחים בני לעקיש בער" זיינען הייזעריג געוואָרען, ווייל זייערע העלזער זיינען געווען פערשטאָפּט במחילה מיט זאַמד? אַז די זינגער האָבען ווי געוועהנליך ניט געזונגען און די טענצער ניט געטאַנצט... אַ טערריבעל דיי! קוים האָבען מיר געהאַט די פּלעזשור צורוקען זיך צום בעריהמטען פּאַרק, איז דער הימעל ברוגז געוואָרען אויף די בני לעקיש בער. וואָלקענס האָבען אונז בעדעקט ווי מיט אַ יאַרמעלקע, אַ ווינד האָט איבערגעקעהרט דעם גרענד־מאַרשאַל אליין מיט די פיס אַרויף און דעם ברודער פּרעזידענט אריין געבלאָזען אַ זשמעניע זאַמד אין נאָז אריין, דער דונער האָט אָנגעהויבען דונערען, דער בליץ בליצען און דער רעגען רעגענען.

געוועהנליך, זיינען מיר געקומען אַהיים שפּעט אין דער נאַכט.

מיט מיין ווייב און מיט מיין יענקעלע, בערעלע, איצעלע, מאַקסי, מאַיקי, זשעני, געסי, עסטי, פעני, זיוזי, ליני, און זאַגאר אויך די קליינע בייבי אייבי, זיך צור רייזע פערטיג געמאַכט, פלעשזור צו האָבען און זיך אַמוזירען און צוואַר מיר זיינען צו דער „קאַר" געקומען און דער פּיק־ניק האָט זיך אָנגעפאַנגען.

אַלזאָ מען שטעהט און מען וואַרט, די וואַגאָנעס זיינען געוועהנליך אָנגעשטאָפּט ווי פעסלעך מיט הערינג. די קאָמיטע מענס פון דער סאָסייעטי פון „אגודת אחים בני לעקיש בער" לויפען מיט זייערע פיינס, די מעמבערס שטופען זיך, די קינדער שרייען, דער קאָנדוקטאָר פייפט, דער פּאָליסמאַן שטויסט, היים, שטויב אַ פולער מויל... און קיין פּלאַץ איז זאָגאר ניטאָ. ענדליך מיר זיינען דאָך אריינגעקוועטשט געוואָרען אין „קאַר". די קינדער פּישצען, די ווייבער קוויטשען, מען שטעהט אויף די קעפּ, אַ שכור'ער איירישמען דריקט מיך פון הינטען; אַן אַלטע ניגערקע פּרעסט מיך פון פאָרענט. די קינדער צוזיים און צושפּרייט, מיין פרוי קרעכטשעט און פון די באָקסעס שיטען זיך אויס די אייער, די זאַלץ, דער פעפער פליהט אין די נעזער און די גאַנצע קאָמפּאַני ניעסט, הוסט, פערכעט, בייזערט זיך און שוויצט. אָבער געוועהנליך פּלעזשור און פּיק־ניק איז פּיק־ניק.

אַלזאָ מען פאָהרט און מען פאָהרט, ענדליך אַ געשריי: טשענדזש קאַרס! ווידער שטויב, ווידער געשטאַנען זאָגאר צוויי שטונדען און ווידער דורך געבויערט זיך אַ פּלאַטץ אויף דער קאַר און ווידער געפאָהרען. נאָך אַמאָל, געוועהנליך, בייטען קאַרס און ווידער געשוויצט. איין באָקס צוריבען אויף אַש. מיין זיוזי האָט פערלאָרען אַ שיכעל. מיין מאַדאַם'ס ווייסע קלייד בעשפּייט מיט טשו־טאַבעקאָ, מיינע העמד געשוואָלען און געדראָלען און מיינע זייטען צושטאָכען און צובראָכען און מען פאָהרט אויפ'ן פּיק־ניק.

ענדליך הערט מען דעם לאַנג ערוואַרטעטען שופר של משיח — דער קאָנדוקטאָר שרייט: „אָל אַ באָארד!" און מיר בלייבען אין אַ ווייסען אָרט... בערג מיט זאַמד, צו וואָרפענע שטיינער, פערטריקענטע געלע גרעזעלעך... ווייט ערגעץ רוישט אַן אייזענבאַהן־צוג און די זונן באַקט אַז מיר ווערען אַלע געבראָטענע סטייטקס. און וואו איז דער בעריהמטער וואודלאַנד־אַמעריקאַן־סופּיריאָר־קאַר עקסעלזיאָר־פּאַרק־גאַרדען? ניטאָ קיין זכר... פּלעזשור איז פּלעזשור און מיר

# דאָס גרויסע געווינס.

## פון דער חברה אנשי בני יקנהוז.

(א הומאָריסטישע ערצעהלונג.)

.1

די גרויסע עקסטרא פערזאמלונג פון אַלע ברידער פון דער צאָהל־רייכער לאָדזש „חברה אנשי בני יקנהוז" נומער זיעבען, אָף דהי גרייט אָרדען „סאָנס אָף אייזיק" אָף יונייטעד סטייטס אָף אמעריקא, האָט שטאַטגעפונען די ערשטע נאכט חל המועד אין איינעם פון די צימער פון „דהי גרייט פלעזשור אָלימפּיק אסטראָנאָמיע האָלל".

דאָס פּראַכטפאָלע צימער איז געווען רייך אילומינירט פון זעקס גאז רעהרען, פון וועלכע צוויי האָבען ניט געהאַט קיין ברענערס און דער גאז האָט פון זיי געשאָסען מיט א גרויסען פייף־קוויטש און האָט גע־הודזשעט ווי א פאָנטאָן. דערפאר אָבער איז אויף די איבריגע רעהרען געהאנגען אזוי פיעל שווארצע גראָבע פאסען פון שפּינוועבס, דאָס זיי האָבען אויסגעזעהן ווי מאסטען פון א שיף, בעפעסטיגטע מיט שטריק, בעשמירט מיט סמאָלע. פון איין זייט, געוועהנליך, א הויכער שטוהל און צוויי קלענערע שטוהלען פיר'ן ברודער פרעזידענט און צוויי טראָסטים; פון דער אַנדערער זייט דאָס זעלבע פיר'ן ברודער וויס־פרעזידענט און מעמבערס פון דער עקזעקוטיווע, אין מיטען ביים וואנד א טישעל פאר דעם גרויסען און געלעהרטען מענטאר פון דער לאָדזש „חברה אנשי בני יקנהוז" נומער זיעבען אָף דהי אָרדען „סאָנס אָף אייזיק" אָף יונייטעד סטייטס, אָף אמעריקא.

גענען דעם טענאָר'ס טישעל איז געשטאַנען דער ארון קודש פון דעם „בית המדרש אנשי קליוקווע". דער פרוכת פון ארון קודש איז געווען פערשמאָלצען ווי דער פארטוך ביי אן אשת חיל, וואָס האַנדעלט

נאָס, הונגעריג, בייז, מיעד, צובראָכענע פיס, צוריסענע שטיוועל, צו־קנייטשטע קליידער, געשוואָלענע זייטען, פאַרקיהלטע נעזער, פער־דאָרבענע מאָגענס, פערשטויבטע געזיכטער, קראַנקע אויגען, און . . .
נאָו מאָר: קומט יעצט געוועהנליך אַ ברודער פון אַ לאָדזש אָדער אַ וענאָסע פון אַ סאָסייעטי און עפענט נאָר דעם מויל און זאָגט: פיק...
שריי איך שוין אַלזאָ: ניין! ניין! ניט פיק און ניט ניק!



„אמען״ אויף דייטש ווייל די דייטשע יהודים זיינען די בעסטע אידען פון דעם יודענטהום און „איימען״ אין ענגליש, ווייל דאָס שמעקט מיט גוטע פאטריאָטיזמוס.

אלזאָ, אָמן, אמען, איימען — און די פערזאמלונג איז געעפענט. אין צווייטען צימער אנקעגען הערט מען א געשריי פון א רוסישע „זאסעדאניע״... א הייזעריגער באס שרייט: „קאקאיע ווי אימעיעטע פּאָלנאָיע פראווא? או ווסיעך סאָסאיעטאָוו טאק!״ אויבען לערענט זיך זינגען א זינגער פעראיין, אלע מנגנים חזרן צעהן מאָל מיט איין ניגון: „מיר זיינען! מיר זיינען...״ און אונטען הערט זיך, ווי צוויי פידלען ריפּען, א צובראָכענע פאָרטעפּיאנא צימבעלט, לײדים קווייטשען, דזשענטעלמענער הירזשען, א פּראָפעסאָר שרייט: לעפט, רייט!... און די טריט טאָפּען: האָפּ! האָפּ!..

א פענסטער צום גאס ווייל זיך בשום אופן ניט צו מאכען: ווי־פיעל מען קוועטשט איהם ניט אַרויף, גליטשט ער זיך אליין אראָפּ און פון דרויסען טראָגען זיך פערשיעדענע שטימען, מחנות מיט קינדער הוקען און טיוקען, קארס קלינגען, עקספּרעסען רוישען איבער די שטיי־נער און דאָס גיסט זיך צונויף מיט׳ן ניגון: „מיר זיינען מיר זיינען!״ מט דער טאָפּעראַי פון די טענצער מיט דער גלענצענדער רעדע פון פּרעזידענט: ברידער אונד פריינדע, זאָגט דער ברודער פּרעזידענט. „מיר זיינען! מיר זיינ־נען!״ זאָגט דער פעראיין. לעפט! רייט! שרייט דער פּראָפעסאָר. האָפּ! האָפּ! טאָפּען די פיס.

.2

אלזאָ, די זאך דערפון איז אזוי, זאָגט דער פּרעזידענט ,אויב מיר וועלען נעהמען יעצט א לאָטטערעי צעטעל, טוט אונזער לאָדזש צוויי גוטע זאכען: ערשטענס ווייל דער קאָלעקטאָר איז אונזער לאָדזש צוויי גוטע זאכען: ערשטענס ווייל דער קאָלעקטאָר איז אונזער ברודער אין לאָדזש, טוען מיר א מצוה, וואָס מיר שטיצען א ברודער. צווייטענס איז דאָס א פּראָפּיטאבלע ביזנעס. אונזער לאָדזש קען געווי־נען דעם גרויסען געווינס. פופציג טויזענד מארק פאר א גאָר ניט!.. ווען מיר האָבען העבער צעהן טויזענד דאָלאר אין קאסע, מעגען שוין אונזערע ברידער צו יעדער צייט נויט האָבען. אָרימע אלמנות קענען מיר

מיט פיש אין שעריף סטריט. דערפאַר האָבען די מייז צוגריזעט דעם מנן דוד און צוקראצט דעם הלב, וואָס האָט זיך אָנגענאָסען פון אַ צושמאָלצענע ליכט; צום ארון קודש זיינען געוועזן צוגערוקט צוויי ביינק, אויף וועלכע עס זיינען געלעגען אַן אַלטער צוריבענער מאטראַץ און אַ קאָלדרע, וועלכע האָט אמאָל אין די גליקליכע צייטען געהאַט אַ רויטע פארב. דאָ איז, געוועהנליך, נאָך די פערזאמלונגען געשלאָפען אליין דער הערר הויז־קיפער פון דער גאַנצער געביידע פון „דהי גרייט פלעזשור אָלימפּיק אסטראָנאָמיע האָלל״. אויף אַלע ביינק איז געוועזן אזוי פיעל שטויב, דאָס אַלע ברידער האָבען אָהן שמעק־טאַבאַק די גאנצע צייט געניסט און געפּערכעט... און אויסער דעם איז דער רוי־טער קארפּעט אויפ׳ן מיט׳ן פלאָר געוועזן אויסגעריבען און אויף דעם אויסגעריבענעם מקום איז געלעגען אַ לאַטע פון אַ שטיק ווייסען אָיל־קלאָטה, וועלכער איז געוועזן אזוי גראָב, דאָס פאר איהם פלעגען זיך די ברידער פארטשעפּען מיט די פיס, ווען זיי פלעגען זיך געהן נייגען צום ברודער פּרעזידענט און צום ברודער וויס־פּרעזידענט.

געוועהנליך יעדער ברודער, איידער מע לאָזט איהם אריין, גיט אכט מאָל אַ שנעל מיט׳ן גראָבען פינגער אין טהיר... די אכט שנע־לען זיינען גערעכענט אין קבלה׳שע ספירה געגען די י״ב שבטים אָדער נגד די עשרת בני המן. נאָכדעם געהט דער ברודער ביז אין מיטען האָלל, נייגט זיך צום ברודער פּרעזידענט און גיט זיך אַ ציה ביין נאָז. דאָס בעדייטעט: אזוי ווי דער נאָז לויפט פריהער און פיהרט דעם מענ־שען, אזוי איז דער ברודער פּרעזידענט די סימבאָלישע „נאָזע״ פון דער גאַנצער לאָדזש „אנשי בני יקנהוז״ נומער זיעבען אָף דהי גרייט אָרדען „סאָנס אָף אייזיק״, אָף יונייטעד סטייטס אָף אמעריקא... נאָכדעם קעהרט מען זיך אום, מען נייגט זיך צום ברודער וויס פּרעזי־דענט און מען גיט זיך אַ דריי ביים אויער. דאָס בעדייטעט: אזוי ווי אַ הונט, ווען ער כאַפּט דעם חזיר ביים אויער, זאָגט ער איהם: זיי קיין חזיר ניט, אזוי דאַרף יעדער ברודער פון דער לאָדזש זיין לאָיאַל, גוט און פרום און ליידזעליג. ווען אַלע ברידער זיינען פערזאמעלט גיט דער ברודער פּרעזידענט דריי מאָל אַ קנאַק מיט׳ן האמער, אַלע שטעלען זיך ווי צו שמונה עשרה און דער ברודער מענטאר האלט אַ תפילה צו־גאָט און אַלע ברידער ענטפערן: אמן, אמען, איימען. „אמן״ אין העברייאיש, ווייל די העברייער זיינען דאָס ערשטע פאָלק דער וועלט,

גאראנטירט, אז ער וועט אונז אָבגעבען דעם גרויסען געווינס?...

— עס איז טאקע א שאלה!

— יא! עס איז העכער צעהן טויזענד דאָלאר!

— עס איז א קאפיטאל!...

— עס וועט זיך ניט וועלען אָבגעבען!

— געה שריי נאָכדעם חי וקים!

— שא! זאָל דער ברודער פרעזידענט טאקע האלטען דעם צעטיל, נור ער זאָל געבען דעם ברודער וויים פרעזידענט א סעקיוריטע אויף צעהן טויזענד.

— וואָס הייסט? אין דער סעקיוריטע וועט מען דאָך ניט קענען שרייבען, אז דאָס איז פאר א צעטיל פון א לאָדזש. וואָס טוט מען, אז דער וויים פרעזידענט נעהמט צו די סעקיוריטע?

— א פלאן! זאָל דער וויים פרעזידענט פון זיין זייט געבען דעם טראָסטי ברודער צוועקעלקלאפ'ס באָנדס אויף צעהן טויזענד.

— יא, א חכם!...

— און אז ער וועט פערכאפען די באָנדס, וואָס וועט זיין?

— נו, ווערט אויס, דאָס קען מען בעוואָרענען. זאָל ברודער צוועקעלקלאפ באָנדס געבען ברודער קנאָבעלס נאָוטס אויף צעהן טויזענד, פערשטעהט איהר? אז דער וועט ניט געבען דעם גרויסען געווינס, וועט דער ניט אָבגעבען די סעקיוריטע, וועט דער ניט ארויסלאָזען די באָנדס, וועט דער ניט אומקעהרען די נאָוטס...

— אזוי? שרייט ברודער צוועקעלקלאפ, נאָוטס וועל איך דיר געבען? א מכה ווילסט דו ניט? א בטוח!..

— דו ביזט א בטוח? באנקראָט!...

— גנב!

— איך האָב דיר אין דער ערד!

— איך פייף אויף דיין טאטען!.. ביי די ווערטער איז געוואָרען אזא געשריי, געפילדער, קלאפעריי, צאנקעריי, דאָס פון דען גאנצען יקנהוז איז געוואָרען קאשע, אויפ'ן פרעזידענט'ס אָרט האָט געקנאקט ברודער קנאָבעלס מיט'ן האמער, דער ברודער פרעזידענט האָט גע־שריען ביים עמוד פון די „אנשי קליוקווע", ברודער צוועקעלקלאפ האָט געצופט דעם ברודער וויים־פרעזידענט ביי זיין באקענבארד, דער וויים פרעזידענט האָט געשטורכעט דעם מענטאר, אלע האָבען געליארמט,

בעהאַנדלען מיט אַ ברייטע האַנד, און יעדען ברודער בעערדיגען מיט גרויס פערגעניגען. וואָס נאָך?

— עס איז אַ פּלאַן! עס איז אַ פּלאַן! האָבען אויסגעשריען עט־ליכע ברידער.

— אונטערשטיצט! סעקאַנדעד!

— קיינער האָט ניט דאַגעגען?

— ניין! ניין! נאָטהינג עט אָלל!..

— אַלזאָ איז בעשלאָסען צו נעהמען אַ לאָטערי צעטעל פאַר דער לאַדזש אַנשי בני יקנהוז נומער זיעבען אָף דהי גרייט אָרדען סאָנס אָף אייזיק אָף יונייטעד סטייטס אָף אמעריקא... ברודער סעקרעטער, מעלדעט, וואָס איז נאָך דאָ אויף דער טאָגעס אָרדנונג...

אָבער אַזוי גיך ווי דער ברודער סעקרעטער האָט נור געעפענט זיין ברידערליכען מויל איז אויפגעשטאַנען ברודער קנאָבעלס און האָט אַזוי געזאָגט: וואָס הייסט שוין בעשלאָסען? וואָס פאַר אַ צע־טעל? איהר ווילט אַ לייפּציגער? אפשר וויל איך אַ דרעזדענער און דער ברודער וויל אַ בראַנשווייגער?

— אַ לייפּציגער! ניין! אַ דרעזדענער! אַ לואיזיאַנער! — האָבען אָנגעהויבען שרייען פיעלע מיט אַמאָל. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ הייסע און שווערע דעבאַטע און ביים ברודער פּרעזידענט האָט געשלאָגען פיענע פון מויל און שוויים האָט געקאַפּעט פון שטערן, ווען ענדליך איז דאָך בעשלאָסען געוואָרען צו נעהמען אַ לייפּציגער צע־טעל.

— יעצט, — זאָגט דער פּרעזידענט, מעלדעט אונז וואָס האָבען מיר וויכטיגערעס אויפ'ן טאָגעס אָרדנונג, וואָרום עס איז שוין שפּעט.

אָבער איידער דער ברודער סעקרעטער האָט אַ קוק געטאָן אין טאָגעס אָרדנונג איז שוין ברודער קנאָבעלס ווידער געווען אויפ'ן פלאָר.

— כאָפּט זשע ניט! וואָס הייסט שוין? נו, און ביי וועמען וועט זיך געפינען דאָס צעטעל?

— ביים פּרעזידענט! נאַטירליך ביים ברודער פּרעזידענט!

— וואָס הייסט? מיר קענען דאָך אָפיציעל ניט שרייבען, אַז ביי איהם איז אַ לאָטערי צעטעל, עס איז אַגיינסט די לאָו... אַ לאָדזש דאַרף אָפיציעל ניט מאַכען קיין פייק־ביזנעס. און מיט וואָס זיינען מיר

# בני תרח'ם לאדזש.

.1

ווי אזוי קען דאס א איד לעבען אין ניו יארק אהן א לאדזש? אפשר חס וחלילה, האט איהר חתונה, חס וחלילה... פאמיליע... עס מאכט זיך עפעס... וואס איז דאס, א שפילכעל? לעבעדיגערהייד וואלט אייך יעדער געדען בעגראבען, אבער פרופט נור אומיסנע שטארבען, אזוי ווערען זיי אייך אלע גוטע פריינד און מען וועט אייך ניט בעגראבען, אז איהר זאלט אפילו צופלאצט ווערען... פערשרייבט זיך אין אונזער לאדזש, א שפאגעל נייע לאדזש, „בני תרח"!... אונזער פרעזידענט איז... א! א! אונזער וויים פרעזידענט איז — פס! פס! און אונזער סעקרעטער... מעג איהם טאקע דער רוח אין זיינע טריפהנע ביינער אריין! א ממזר! א רעדנער, א פייערדיגער שרייבער!... פאלגט מיך, איהר זייט דאך ניט מעהר ווי א לעבעדיגער מענש, אפר ועפר: קיי און שפיי!...

וואס זאל איך לייקענען? איך, לעבעדיגער מענש, אפר ועפר, קיי און שפיי, בין טאקע געגאנגען און האב זיך טאקע פערשריבען אין דער שפאגעל נייער לאדזש „בני תרח"... אבער איך האב זיך פערשריבען ניט אין קיין גוטע שעה. הערט א מעשה.

.2

איך בעט אייך, מיינט ניט, אז ווערען א מעמבער פון א לאדזש איז אזוי גרינג! זאל מיינע שונאים אזוי גרינג זיין צו עסען ווירטשטען מיט סמעטענע, ווי עס איז גרינג אויסלערנען אויף אויסענווייניג דעם צערימאניאל, די געהיימניסע און די סימבאלען. איך האב געשוויצט גענוג איידער איך בין דורכגעגאנגען דעם גאנצען קורס, און

נעמאַכט אַמענדמענטס, געפּאַדערט, גע'טענה'עט... דער געזאַנג־פעראיין פון אויבען האָט פּלוצלונג אויפגעהערט זינגען, „מיר זיינען, מיר זיינען" מיט אַ געשריי „פּייט"! האָבען זיי זיך אַ וואָרף געטאָן פון די טרעפּ אראָפּ... ביי די טענצער אונטען האָט מען דאָס געשריי „פּייט" פערטייטש מיט'ן פּירוש „פייער!" די קאַוואַליערען האָבען זיך אָנגעהויבען וואַרפען פון די פענסטער, די מאַמזעלען האָבען אָנגעהויבען חלש'ן... אייניגע האָבען געשריען: געוואַלד ראַטעוועט!... און... און מיט איין וואָרט. דער ברודער פּרעזידענט איז די נאַכט געקומען אַ היים מיט אַ גרויסען בלויען פאַנאַר אונטער'ן אויג, און ווען די מיסיס פּרעזידענטשע האָט אַ געשריי געטהאָן: אַ קלאָג איז צו דיינע ביינער! וואָס איז דאָס? האָט דער ברודער פּרעזידענט טרויעריג געענטפערט: דאָס איז דער גרויסער געווינס פון דער גרויסען לאָדזש „חברה בני יקנהוז נומער זיעבען אָף דהי גרייט אָרדען „סאָנס אָף אייזעק" אָף יונייטעד סטייטס אָף אַמעריקאַ!..."



ברידער דאַרפֿען זיין געטריי איינער דעם צווייטען... 10) צוויי ברוי־דער קושען זיך — אַ סימן, אַז די לאָדזש בעגראַבט אומזיסט. 11) אַ מלאך דומה — אַ סימן, אַז דער פּרעזידענט דאַרף חתונה האָבען. 12) אַ יונגאַטש כאַפּט בייגעל פֿון מאַרק — אַ סימן, אַז דער פּרעזידענט דאַרף זיין אַ פֿיינער מאַן. 13) דער וויצע־פּרעזידענט ציהט דעם פּרע־זידענט פֿאַר'ן באָרד אַ סימן, אַז פֿון אַ חזיר אַ האָר איז אויך גוט...

די דריי געהיימניסע זיינען כנגד „ארבעה בנים דברה תורה" און די 13 סימבאָלען זיינען כנגד עשרת בני המן...

.3

מען האָט מיך שוין גערעכענט פֿאַר איינעם פֿון די בני תרח און מען האָט מיר צוגעשיקט אַן „איינלאַדונג קאַרד" אויף דייטש (די בני תרח שפּרעכען נור דייטש, אַז ניט וואָלטען זיי קיין בני תרח ניט געווען).

„האָכגעלעבעדיגער מיטגליעד! זי זינדען פֿאָרט געלאַדען צו בע־זוכען ווערדען אונזערעס פֿערזאַמלונג צוואַר אום צו בעשפּרעכען די פֿראַגע פֿאָן אינען לאָדזשען".

איך זאָג אייך דעם אמת, איך בין געווען ניט טויט ניט לעבעדיג, ווען איך בין צוגעגאַנגען צו דער טהיר. אַ קליינינקייט, דעם ערשטען מאָל דורכצומאַכען דאָס צערעמאָניאַל און די געהיימניסע, מיט די סימ־באָלען!... פֿון דעסטוועגען האָב איך זיך ביי דער טהיר מישב גע־ווען: לאָזען זיי קלאַפּען מיט'ן קאָפּ אין וואַנד און איך וועל בעסער קלאַפּען מיט'ן קולאַק אין טהיר, טראַך! טראַך! טראַך!

— קאַם אין! איך בין אַריבער איבער'ן שוועל און אויף מיר איז אָנגעפֿאַלען אַ שרעק, אַ אימה ופחד. די גאַנצע תורה איז אַרויס־געשפּרונגען פֿון קאָפּ. איך האָב זיך אַ נייג געטאָן צום פּרעזידענט, און אנשטאָט דעם איך זאָל צולעגען די האַנד צום קאָפּ, האָב איך זיך אָנגעהויבען צו ציהען ביי דער נאָז... איך האָב זיך אַ נעג געטאָן צו אַלע בני תרח, נור אנשטאָט דעם איך זאָל צולעגען די הענד צום האַרצען, האָב איך זיך אָנגעהויבען פּאַטשען איבער'ן לונג און לע־בער...

אונגליק! אונגליק! איך האָב געזעהן, אַז איך האָב שוין אָנגע־

ביים עקזאמען האָב איך זיך גענצאַפּעלט ווי א פאַמפּישקע ביי א הונ־
געריגען פויער אין געמבע.

אָט דאָס זיינען די געהיימניסע, דער צערעמאָניאל און די דריי־
צעהן סימבאָלען פון דער „אנשי בני תרח׳ס" לאָדזש. דער צערעמאָניאל:
אַז איהר געהט צו צו דער טהיר וואו די בני תרח זיינען פערזאַמעלט,
דארפט איהר דריי מאָל מיט׳ן קאָפּ שלאָגען אין טהיר — דאָס איז
כנגד די דריי געהיימניסע. ביי יעדען קלאַפּ דארפט איהר דרייצעהן
מאָל סמאַקטשען מיט די ליפּען, כנגד די דרייצעהן סימבאָלען. אַז איהר
געהט אריין דארפט איהר אויף איין פוס צושפּרינגען צום טיש, צו־
לעגען די האנד צום קאָפּ און א נייג טאָן זיך צום פּרעזידענט — ווייל
ער איז דער קאָפּ פון די בני תרח; צולעגען די הענד צו די אויגען
און נייגען זיך צו די אָפּיסערס — ווייל זיי זיינען די אויגען פון בני
תרח, צולייגען די האנד צום הארצען און נייגען זיך צו אלע בני תרח
— ווייל זיי זיינען דאָס הארץ פון בני תרח.

די דריי געהיימניסע זיינען: פצש, צפש, שפץ: פּועל צדק, שלום.
צפש: צדקה פּרנסה, שלוה. שפץ: ... דאָס זיינען די גרעסטע געהיימ־
ניסע פון בני תרח; דאָס האָט־מען רעכט נור צו זאָגען די „ברידער
אויף׳ן אויער — פערד, שלימעזאלניקעס, צאַפּעס! אַז איהר נייגט
זיך צום פּרעזידענט דארפט איהר זאָגען: „איינס, צוויי, דריי!
פצש, שפץ, צפש!"

די דרייצעהן סימבאָלען זיינען: 1) א קאַץ אָהן אַן עק — א
סימן אַז די עוויגקייט האָט ניט קיין אָנפאנג און קיין ענדע. 2) א
פייג אונטער א נאָז — א סימן, אַז מען מוז גלויבען אין עולם הבא.
3) א מענש מיט א גרויסען חלף אויף׳ן שפּיץ נאָז — א סימן, אַז
היינט לעבט א מענש און מאָרגען האָט ער קיין שכל ניט. 4) א צובראָ־
כענער בוים — א סימן אַז געלד איז שמאַטע... כל זמן עס ליגט
ביים צווייטען אין קעשענע. 5) א קבר — א סימן, אַז יעדער אונטער־
שטיצונג העלפט ווי א טויטען באַנקעס. 6) איינער שטעקט אריין
זיין האנד ביים צווייטען אין טאַש — א סימן, אַז די לאָדזש שטיצט
איהרע ברידער מיט געלד. 7) מלאך המות — א סימן, אַז די לאָדזש
גיט א דאָקטאָר מיט מעדיצין. 8) א שווערד — א סימן, אַז די „ברי־
דער" דארפען לעבען צווישען זיך אין שלום... ווי אויף מעסערס...
9) צוויי צאַפּעס שטירצען זיך מיט די הערנער — א סימן, אַז די

— וואָס איז? וואָס איז? האָבען מיך געפרעגט פיעל מענ־שען.

— חא! חא! חא! חא! איינס! צוויי! דריי!

איך בין געלאָפען איבער'ן גאַס און געלאכט ווי פיעל איך האָב נור קראַפט געהאַט.

— וואָס איז דער מעהר מיט אייך? . . . האָבען געשריען אנדערע.

— שירעל, מירעל, לאַי! חא! חא! חא!

— ווהאַט איז דע מעטטער? האָט געפרעגט א פאָליסמאַן, אויף וועלכען איך בין ארויפגעפאלען און שיר ניט איבערגעקעהרט... סעי! ... אָקען, באָקען, ביידע גלאָקען... חא, חא, חא!...

---

אז אָך און וועה צו אַזאַ געלעכטער: די אנשי בני תרח לאָדזש האָבען מיך אויסגעשלאָסען פון זייער געזעלשאַפט... אָט אז מען דאַרף ניט געדענק איך זעהר גוט, אז איך האָב בעדאַרפט זאָגען: איינס, צוויי, דריי, פצש, צפש, שפץ... ווי אַזוי פאַלט עס אריין אין קאָפּ: שירעל, מירעל, לאַי?



מאכט א גאנצע חתונה, נור איך האָב ניט געקענט העלפען. דער קאָפּ האָט ניט געוואָלט ארבייטען, דער זכרון האָט מיך פערלאָזען.

— נו! האָט געזאָגט בייז דער פרעזידענט.

— נו שוין! האָט געזאָגט דער וויצע־פּרעזידענט.

איך האָב געדארפט זאָגען די דריי געהיימניסע, אָבער איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט דערמאָנען...

ווי איך שטעה אזוי א דערשראָקענער, א פערשעמטער, א דער־הרג'עטער הער איך — ווי איינער זאָגט מיר אונטער: איינס, צוויי, דריי!...

— נו, שרייט דער פרעזידענט. א שווארצער וואָלקען האָט בע־דעקט די גאנצע פערזאמלונג, דער וויצע פרעזידענט האָט מיך גע־שטאָכען מיט זיינע אויגען, דער סעקרעטער האָט גענעסען זיינע איי־גענע פינגער ווי א גוי עסט חזיר...

— איינס! צוויי! דריי!... איך האָב זיך דערמאָנט אז אין חדר האָב איך געשפּיעלט אין „זשמורקעס" האָב איך געציילט: איינס, צוויי, דריי, שירעל, מירעל, לאי, אקען, באָקען,ביידע גלאָקען...

— וואָס שרייט איהר? האָט א געשריי געטאָן דער פרעזי־דענט.

— איינס! צוויי! דריי!

— ווייטער!

— שירעל, מירעל, לאי! האָב איך געזאָגט שטיל.

— וואָס?! מיין שרעק איז פערביי, איך האָב געפּיהלט אז דער געלעבטער קיצעלט מיך, שטיקט מיך... אז איך וועל באַלד אויסשיסען...

— אָקען! באָקען! ביידע גלאָקען!

אלע בני תרח האָבען זיך אויפגעכאפּט פון זייערע ערטער, אזוי ווי הינט אָבגעבריטע מיט קאָכעדיגע וואסער, עס איז געוואָרען א טו־מעל, א געשריי, א ליארעם...

— בעשמוצט אונזער היילינגטום!

— בעאונריינינגט אונזער „ריינינקייט".

וואָס ווייטער איז געוועזען האָב איך ניט געהערט, איך בין ארויס־געשפּרונגען, האָב זיך אראָבגעקייקעלט פון די טרעפּ און געקייקעלט פון געלעכטער!...

אונרוהיג, זיינע קליינע אויגעלעך לויפען אום, זיינע פעטע הענד ציטערען א ביסעלע און זיינע גראָבע ליפען שאָקלען זיך — ער חזערט שטיל די גלענצענדע רעדע, מיט וועלכע ער וועט היינט איבעראשען דעם גאַנצען פעראיין „חברה אנשי בני ידותן".

אָבער למה רגשו גוים? וואָס שטורעמען אזוי די גוים? דאָס הייסט: ווארום זיינען אזוי אויפגעשטרודעלט און אויפגעדרודערט די בעליעבטע ברידער פון בני ידותן? ווארום איז אזא יום טוב אין האָל און אזא אונגעוועהנליכער גלאַנץ אויף דעם פרעזידענט צורה?... אך! געזונד און שטארק זאָלט איהר זיין, איהר האָט זיך נאָך ניט אָנגעשטויסען? דער פעראיין „חברה אנשי בני ידותן" ווערט היינט מגולגל פון אַן איינפאַכען במחילה, זאָ צו זאָגען, פשוט'ען פעראיין אין א גרינדליך געגרינדעטען, אָפיציעל אנערקענטע, עפענטליך עקזיסטירענדע לאָדזש פון דעם גרויסען וועלט בעריהמטען אָרדען „ישמח משה..." היינט וועט מען די נייע לאָדזש אינסטאָלירען, היינט וועלען קומען פון גרענד לאָדזש דער גרענד גענעראל גראָסמייסטער, דער גרענד גענעראל אָבערמארשאל און דער גרענד-גענעראל הויף-סעקרעטאר. די גרויס-גרענד-אָבער-גענערעלע, ניט קיין געמאכטע, נור אמת'ע פיקס-פארטיגע דייטשישע יהודים, וועלען האלטען גרענד איינסטאלירענדע רעדעס און דער ברודער פרעזידענט וועט ענטפערן מיט א ספּיטש אַן אנטיקעל. אָי! מיין גאָט! וואָס היינט וועט זיך דאָ אָפּטאָן!

.2

די גאז רעהרען ברענען מיט א גערויש, די מעמבערס קוקען זיך אום ביי יעדען קלאָפּ מיט אונגעדולד — אפשר געהען זיי שוין, און דער פרעזידענט חזערט שטיל זיין גלענצענדע רעדע. ער האָט א טייערען פלאַן. אזוי ווי דער גרויס-אָרדען רופט זיך „ישמח משה", וועט ער זיין גאַנצען ספּיטש גרינדען אויף דעם בעריהמטען פסוק „ישמח משה במתנת חלקו", זאָל משה זיך פרייען מיט דער מתנה פון זיין חלק, שעפּטשעט שטיל דער פרעזידענט און פערגלאָצט מיט די אויגען און טאָפּעט מיט די פיס צו מיט'ן גרויסען שוך, די צייט געהט, די מינוטען פליהען און די „גראָס לייטע" פון דעם לאָדזש קומען ניט.

# נו?

## (אַ קאָמישער צופאַל).

---

דער פעראיין „חברי אנשי בני ידותן", איז פערזאַמעלט מיט האק און פאַק, אַזוי ווי ער שטעהט און געהט — אַלע מעמבערס אויפ'ן פּלאַץ. עס פיהלט זיך אין האָלל יום טוב'דיג: אַ נייע הילצערנער האַ־מער אויפ'ן טישעל, אַלע גאַז רעהרען ברענען, דער שטויב פון פּרוכת אַראָבגעבלאָזען (אין האָל איז דאָ שטויב, ווייל מען דאַווענט דאָ) די בענק צושטעלט רייהען ווייז, די מעמבערס אַלע מיט נאָז־טיכלעך אין די קעשענעס. עס פיהלט זיך יום טוב'דיג! גיט אַ קוק, ווי אַזוי אַלע „אנשי בני־ידותן" זיינען אויפגערעגט, ווי אַזוי זיי שושקען זיך מיט אַ גליקליכער צופריעדענהייט. ווי אַזוי זיי הוסטען שטיל אין די קולאַקעס אריין, ווי אַזוי זיי שנייצען די נעזער אָהן אַ פּייפּעריי, ווי זיי רעדען אַלע מיט אַ פילאָזאָפישע טיעפזיניגקייט, ווי אַזוי זיי געהען איבער אַלע ווײלע פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערן אויף די שפּייז פינגער, מיט וועלכע זיסע אויגעלעך זיי קוקען אויף דעם בעליעבטען ברודער פּרעזידענט, אויף דעם פּרעזידענט פון דער בעריהמטער „חברה אנשי בני ידותן"... אי! עס איז אַ מחיה, עס איז יום טוב'דיג!...

און ער, דער ברודער פּרעזידענט? ער האָט ארויפגעשלעפּט אויף זיך זיין ענגען, אביסעל פערשמאָלצענעם פּרינץ אַלבערט, האָט געגעבען אַ שפּאָגעל נייעם שיין. זיינע גרויסע שיך, פון וועלכע יעדערע האָט געקענט מיט פערגעניגען דיענען נח'ן פאַר אַ תבה; ער האָט ביי זיין באַרבער אויך אַ ברודער פון די „אנשי בני ידותן", צורעכטגעמאַכט אַ ביסעל זיין ברייטע קאָלטענעוואַטע באַקענבאַרדען, ער האָט אין זיין שמוציגע שוואַרצע בלאָטיגע מאַשינקע אריינגעשטעלט זיינע דימענטע־נע קנעפּלעך און ער, דער רבונו של עולם זאָל איהם מאריך ימים ושנים זיין, — ער איז געוואָרען אַליין אין גאַנצען יום טוב'דיג. ער זיצט

נעראַל־הויף־סעקרעטער איז אריין אין אַ ביער סאַלון. דאָ האָט זיך אריינגעמישט דער שטן. אַ שכורער איירישער האָט דערקענט דעם גע־נעראַל־הויף סעקרעטער נאָכ'ן לאנגען, האָרבאַטען נאָז און האָט איהם, ניט פאר קיין אידען געדאַכט, געזאָגט „שיני". דער הויף־סעקרעטער איז אליין אויף אַ יענקי און האָט אָנגעהויבען זיך מיט איהם צו ווערט־לען... אַ וואָרט פאר וואָרט... „קאָם אָן!" „קאָם אָן!"... די סורטוקלעך ארונטער, די ארבעל פערקאַטשעט, האַף־טראַף! פּיטש־פּאַטש! האַק־קנאַק!.. וואָס זאָל איך אייך זאָגען, מיינע פריינדע? אין דערזעלבער צייט, ווען דער ברודער פּרעזידענט האָט גע'חזערט די ווערטער: „ישמח משה במתנת חלקו", האָט דער גענעראַל־הויף־סעק־רעטער געקראָגען צוויי גרויסע שוואַרצע בלויעליכע לאַמטערנעס אונ־טער די אויגען און האָט געפּונען, אַז ווייטער געהן מיט'ן „אינסטאַלי־רען" איז שוין גאַנץ איבריג...

.4

עס איז שוין נאָך עלף. די חברה אנשי בני ידותן האָבען שוין פערלאָרען אַלע האָפנונגען צו זעהן הייגט די גראָס אָבער־גענעראַלען פון גרענד־לאָדזש און קוויקען זיך מיט זייערע גראָס־אָבער רעדעס; דער פּרעזידענט זיצט מיט אַן אראָפּגעלאָזענע נאָז און שעהמט זיך צו קוקען זיינע ברידער אין די אויגען; די יום טוב'דיגע געפיהלען זיינען שוין לאנג אוועק, און אַלע מעמבערס רעדען, שרייען, הוסטען און פּיי־פען מיט די נעזער גאַנץ פראַנק און פריי, און דער שטאַרקסטער רעד־נער פון די בני ידותן, וועלכער וויל אליין זיין אַ פּרעזידענט, פערקרימט זיינע ליפּען אָן אַ זייט און זאָגט מיט אַ גיפטיגען טאָן: נו?

דער פּרעזידענט ענטפערט מיט אַ זיפץ און ווישט דעם שוויים פון שטערען מיט'ן ארבעל פון פּרינץ־אַלבערט און דער סעקרעטער לעשט אויס די גאַז־רעהרען...

נו?

——(—0—)——

דער זייגער ווייזט ניין, זיי קומען ניט. דער זייגער ווייזט האַלב נאָך ניין — זיי זיינען ניטאָ. ביי די אנשי ידותן ברעכט שוין דער האַלז און אַקען פון דעם וואָס זיי קעהרען זיך אום אַלע ווײַלע, דער סעקרעטאַר פון פעראיין איז שוין עטליכע מאָל געלאָפען צום קאָר־נער און ארויסגעקוקט — ניטאָ קיין זכר.

נו? זאָגט איינער פון די בני ידותן, וועלכער איז בעקאַנט אַלס דער שטאַרקסטער רעדנער אין דער חברה. נו, ברודער פרעזידענט? איהר האָט דאָך געזאָגט אַז זיי וועלען קומען.

— אַז איך האָב געזאָגט איז הייליג, ענטפערט דער פרעזידענט און קעהרט זיך אָב... ער האָט איצט פערגעסען דעם גראָס אָבער מייסטער מיט אַלע גענעראַלען פון דער גרענד לאָדזש, ער האָט פער־געסען די פופציג דאָלאַר, וועלכע ער דאַרף קריגען פון דער גרענד לאָדזש אַלס „אָרגאַנייזער" ער האָט פערגעסען די פינף דאָלאַר בילס, וועלכע ער דאַרף בעקומען פון די אַלטע בני ידותן, וועלכע מען נעהמט ניט אריין אין קיין לאָדזש און וועלכע וועלען איצט מיט דער גאַנצער חברה בני ידותן אין אַן „אַגולנעם" אופן איינגעשלאָסען ווערען אין דעם גרויסען אָרדען „ישמח משה" — ער האָט אַלעם פערגעסען, עס שווינדעלט איהם אין קאָפּ פון דעם בייפאַל, וועלכען, ער וועט האָבען פון זיין גרויסע רעדע און זיינע ליפּען חזערן שטיל; ישמח משה במתנת חלקו...

### 3.

און אין דער זעלבער צייט...

הערט, וואָס עס קען פּאַסירען. דער גענעראַל־גראָס מייסטער און דער גרענד־גענעראַל־אָבער־מאַרשאַל זיינען דעם זעלבען טאָג געוועזען אויף אַ פּאָליטישען באַנקעט און צוזאַמען מיט אַ גאַנצע קאָמפּאַניע פון טעמעני־קאַמעראַדען זיינען זיי אַוועק אין די גאָלדענע פלעצער פון קוני איילענד שעפּען פרישע לופט. צו די בני ידותן איז געגאַנגען, במחילה, נור דער גענעראַל־ הויף־סעקרעטער אַליין. ניט פאַר אייך געראַכט, פערגלוסט זיך איהם פלוצלונג אַ גלאָז ביער... עס איז דאָ גענוג פעראיינען מיט לאָדזשען אין ניו יאָרק, אָבער, ניט צו פערזינ־דיגען, ביער סאַלונען איז דאָך אויך דאָ ניט ווייניג — בקיצור, דער גע־

טאַשען, פסח — די פּינטעלע פון קניידלעך, שבועות — די פּינטעלע פון בלינצעס, תשעה באב — די פּינטעלע פון בודיאַקעס, ראש השנה — די פּינטעלע פון תקיעות בלאָזען, יום כפור — די פּעטע פּינטעלע פון על חטא.

וואָס זאָל איך אייך פיעל דערצעהלען, מיינע פריינד, ווי עס איז געקומען דער שרעקליכער חודש אלול, און פון די שוהלען האָבען זיך אָנגעהויבען הערען די קולות פון די בהמה'שע טראָמפּעטען, האָבען זיך באלד אין מיין אידישע נשמה און אין מיין פלוניתטעס ווייבערשע נשמה אָנגעהויבען צו קראַצען די באַראַדאַווקעס פון תקיעת שופר און די געשווירען פון ונתנה תוקף... נו, ווי אַזוי געהט מען טאַקע ניט אין שוהל ראש השנה — אין דעם גרויסען טאָג ווען די קאָנטע־בוך פון רבונו של עולם איז אָפען, די האַנד שרייבט, דער קאַנטשוק שמייסט, דער חזן ציגעלט זיך און די זינגערלעך ברומען מיט א ביי־טערען געוויין ? ... די צייט איז געווען זעהר א פינסטערע, דער קריזיס האָט געפייפט אָהן יהי רצון'ס גרויסע תקיעה גדולות, די אויגען זיינען ארויסגעקראָכען איידער מען האָט געקראָגען ערגעץ א סענט, אָבער דאָך א שטאָט מוז מען דאָך האָבען. מען קען זיך בעגעהן אָהן מזרח וואַנד, אָהן פּתיחת הארון און אָהן שלישי, אָבער אין דרויסען קען מען דאָך ניט שטעהן... האָב איך אָנגעהויבען זוכען א קאָנגרעגיישאָן, אז עס זאָל זיין נאָהענט, עס זאָל ניט קאָסטען יקרות און עס זאָל זיין אנשטענדיג... איך האָב געוואָלט נעהמען א „שטאָט" אויף דער באַל־קאָני אין א אידישען טהעאַטער, אָבער איך האָב זיך בעדעקט וואָס טוט מען, אז פּונקט אין דער צייט, ווען דער שטן וועט זיך איינשפּאַ־רען מיט די הענד און מיט די פיס אין שופר און דער בעל תוקע וועט איהם בשום אופן ניט קענען ארויסבלאָזען און אלע אידען וועלען וויינען און העלפען דעם בעל תוקע קוועטשען זיך — וואָס טוט מען, אז פּונקט אין דער צייט לויפט ארויס דער קאָמיקער און זאָגט: אָט טאָבי האַנזיאַ קניש ?

קיין מאַנגעל אין קיין שוהלען און בתי תפילות איז ניט געווען. אויף יעדער טריט, אויף יעדער שריט, וואָהין מען געהט און וואו מען שטעהט האָט מען געהערט קולות וברקים. איך בין אריבערגעגאַנגען צום פּרעזידענט פון „אגודת אחי דריפּאָווקע", זייער שול איז געווען ביי מיר פון דער רעכטער זייט — ניט געווען קיין פּלאַץ כאָטש גיב

# אַ תקיעה גדולה.

ברידער! דאָס וואָס איך וועל אייך דערצעהלען, איז ניט קיין באָבע מעשה, ניט קיין געשיכטע פון דער הגדה, ניט קיין סצענע פון אַ אידישע היסטאָרישע אָפּערא. דאָס וואָס איך וועל אייך דערצעהלען, איז אַמעשה שהיה, אַ ריכטיגער פאַקט — דאָס וועט זיין אַ מוסר פאַר אייך, און איהר וועט בעשיינפערליך זעהן, אַז מען דאַרף טאָן וואָס גאָט הייסט, וואָס טאַטע, מאַמע, גוטע פרומע לייט הייסען. אַ ברכה אַ הצלחה זאָל קומען אויף אייערע קעפּעלעך אמן סלה...

איך וויל אייך דערצעהלען, ווי דער שר פון תקיעות־בלאָזען, דער מלאך איבער מלאכים אליין, מיסטער מטטרון, האָט מיר אָבגעשפּילט היינטיגען ראש השנה אַ תקיעה גדולה, אַ שרעקליכען בלאָז, אַ ביטע־רען בלאָז. איך דאַרף ניט דערצעהלען, איהר פערשטעהט שוין אליין, אַז איך בין, במחלה אַ איד, אָבער דאָס ווייסט איהר ניט, אַז איך בין ניט גלאַט אַזוי אַ איד, איך בין פריידענקער און נאָך גאָר ניט לאַנג האָב איך זיך בעוועגט צוזאַמען מיט דער ארבייטער בעוועגונג, האָב פּראָגרעסירט אין דער שפּיצע פון דעם פּראָגרעס און האָב זיך שטאַרק ענטוויקעלט מיט דער ענטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציאָן. אָבער אַזוי ווי אַ בהמה קען זיך ניט ענטוויקלען ביז אַ מדרגה, אַז זי זאָל ווערען אַ פּרעזידענטשע אין אַ פילאַנטראָפּישען דאַמען פעראיין, אַזוי ווי אַ באָק קען זיך ניט אויפהויבען ביז אַזאַ שטופע, ער זאָל ווע־רען סעקרעטער אין אַ לאָדזש, — אַזוי קען ניט דער העכסט אידישער איד ענטוויקלען זיך אַזוי ווייט און אַזוי ברייט, אַז זיין בעפּינטעלטע אידישע נשמה זאָל ווערען אויגעלייטערט פון אַלע פּינטעלעך. טאַקע יאָ אַ פריידענקער, טאַקע יאָ אַ פייערדיגער אפיקורס, פון דעסטוועגען, אַז עס קומט הושענא רבא קיצעלט זיך אין דער נשמה די פּינטעלע פון קרעפּלעך, אַז עס קומט פורים — קיצעלט די פּינטעלע פון המן

קולות, וועלכע שרייען געוואַלד! ראַטעוועט! פייער! פייער! פייער!...

אָט ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען: די פרוי פון דעם פּרעזידענט פון אונזער קאָנגרעגיישאָן איז פעט, קיין עין הרע, ווי אַ חזיר, הלואי אויף אַלע אידישע טעכטער געזאָגט געוואָרען! דאַרום האָט זי גע־מוזט נעביך פּערנעהמען צו פיעל פּלאַץ אויף דער באַנק, און די אַנדערע ווייבער האָבען זיך געמוזט שטיקען. פּלטיאל דעם בוטשערס ווייב איז אָבער אויך אַ אידענע מיט לשון און האָט אויך געוואָלט זיצען. פאַר וואָס קומט דעם פּרעזידענט'ס ווייב פיער פּלעצער? האָט זי געפרעגט מיט צאָרן... וואָס איז דאָס פאַר אַ יחוס?

— פאַר יחוס, האָט אַ געשריי געטאָן די גבאי'טע, צאָהלט מען טייער...

— וואָס זאָגט זי? פייער? האָט אַ געשריי געטאָן אַ אידענע אויף דער דריטער באַנק.

— געוואַלד! פייער! האָבען אָנגעהויבען פּישצען, קוויטשען, שרייען, יאָמערען אַלע ווייבער. באַלד נאָך דעם האָט מען אַ געשריי געטאָן אויך אין מאַנזבילשען שטאָל „פייער!" און עס איז געוואָרען אַ מישינינע, אַ קאַשע, אַ געפּילדער, אַ גערויש, אַ קוועטשעריי, אַ שטור־פּעריי, אַ לויפעריי. וואָס ביי דער טהיר האָט זיך געטאָן, קענט איהר אַליין פערשטעהן: מען האָט געשטורכעט, געטראָטען מיט די פיס, געקנאָטען די זייטען. אַלע זיינען געלאָפען רעטען זיך פון פייער. דער שטן איז פאַר שרעק אריינגעשפּרונגען צוריק אין שופר אריין, וועל־כער האָט זיך געוואַלגערט אויפ'ן אַלמעמער, מטטרון האָט זיך בעהאַל־טען אונטער'ן ארון קודש... אוי! און פון אונז אַלע איז געוואָרען אַ תל. מיר האָט מען צובראָכען דעם האלז און נאַקען און איך בין געבענשט אויף דער עלטער מיט אַ הויקער, מיין נייען פּרינץ־אַלבערט האָט מען צוריסען פון הינטען ביז'ן קאָלנער, מיין ווייב האָט מען אויסגעלונקען אַ פוס און צוגעפּרעסט דעם לונג און לעבער, מיין על־

א רענדיל. בין איך געגאַנגען צו די „אנשי לאָקש", זיי זיינען געוועזן ביי מיר פון דער רעכטער זייט—ניט געוועזן קיין פּלאַץ כאָטש גיב דרייז זאק באַרשטש פאַר א לאַט: בין איך געגאַנגען צו דער „חברה שוכבי עפר", זייער שוהל האָט זיך פּאַמעשציעט אין א וואורשט־סטאָר — ניטאָ קיין אָרט... אין קורצען, אויף מיין גליק האָט זיך לעבען אונז געפונען א שטאַל, וואו אין איין נאַכט זיינען אַלע פערד אויסגע'פגר'ט, און מיר האָבען באַלד געגרינדעט אנייע קאָנגרעגיישאָן אונטערן נאָמען: „אנשי חלמיש למעינו מים", און מיר האָבען זיך געשטעלט דאַווענען.

עס האָט זיך געטראָפען פונקט דעם ערשטען טאָג ראש השנה, עס איז געשעהען אקוראַט אין דער מינוט פון תקיעת שופר; אַלץ איז גע־גאַנגען גוט. נאָך יעדען יהי רצון האָט דער בעל תוקע געבלאָזען ריין און לייכט... מיר אַלע זיינען געשטאַנען דערשראָקענע, פעריאָמערטע די טרערען האָבען אונז געשטיקט, עס איז געוועזן אין שטאַל ווי אין א באָד און עס האָט געשמעקט ווי אין א שטאַל דאַרף שמעקען. דער שוויים האָט פון אונז געגאָסען טייכען־וויז און מיר אַלע האָבען זיך געפיהלט גלייך ווי אין גן־עדן, ווארום וואָס נאָך האָט געפעלט אונזערע אידישע נשמות, אַז זיי זאָלען זיין העכסט צופריעדען? טאַקע אויף צון'אמת וואָס נאָך דאַרף האָבען א הייליגע אידישע נשמה?... פּלוצלונג האָבען מיר דערהערט א שרעקליכען, פורכטבאַרען, שוידערהאַפטען געשריי...

שטעלט אייך פאָר אין אַזאַ ענגשאַפט, אַז די געדאַנקען זיינען אַזוי ווייט, אַז עס איז אַזוי שווער אויפ'ן הארצען, אַז מען איז אַזוי אויפ־גערעגט פון דעם שטן'ס עקשנות, אַז מען האָט זיך ערשט געבראָכען די צייט מיט דער שרעקליכער עברי פון די יהי רצון'ס, מיט די מלאכים תשפק קרשק שרקש, און דעם מאָמענט ווען מען ערוואַרטעט, אַז דער „ניט דאָ געדאַכט" וועט ארוים פליהען צוזאַמען מיט דער תקיעה גדולה און אליין מטטרון וועט אייך בעגליקען מיט זיין וויזיט, — שטעלט אייך פאָר, אַז גראָד אין דער מינוט דערהערט איהר שרעקליכע, ווילד־ע

# אַ געשיכטע.

### ווי אַזוי דער אידישער קוואַרטאַל איז מיט גאָט'ס הילף בעניים געוואָרען און בעגליקט געוואָרען מיט אַ נייע, שפּאָגעל נייע שוהל.

1.

איהר ווייסט געווים מיסטער פלאָקען'ס רעסטאָראַן. דאָס איז דער איינציגער אָרט וואו איהר קענט קריגען כשר'ע רומענישע פּלאַ־צינדעס, אמת'ע מאָלדאַווישע מאמאליגע, אַ ריינע גלעזעל קאָלאָראַ־דער וויין פון... ראָזינקעס, און אַ אינטעלעגענטע געזעלשאַפט פון פעדלערס, גבאים און פּרעזידענטען. מיסטער פלאָקען האָט אַ גרויסען „הינטער־צימער", וואו פערשיעדענע סאָסייטעס, פעראיינען און לאָ־דזשען קענען האַלטען זייערע פערזאַמלונגען... עס איז אפילו אַ ניעד־ריגער און אַ פינסטערער צימער, און אַ חוץ דעם שמעקט דאָרט מיט פוילע קנאָבעל און מיט ניט פרישע זויערע קרויט, — דאָך „מיטען" דאָ שטענדיגע אַנשטענדיגע לאָדזשען, געזעלשאַפטען און גלאַט אַזוי שולערס מיט פיינע יונגען... עס אַז נאָך ניט געוועזען און עס וועט ניט זיין אין ניו יאָרק אַזאַ רעסטאָראַן, וואו איהר זאָלט קענען זעהן אַזוי פיעל סטאָוו־פּייפּס*)—דאָ קען מען זאָגען אָהן אַ גוזמא: וואָס אַ קאָפּ דאָס איז אַ סטאָוו־פּייפּ, וואָס אַ סטאָוו־פּייפּ דאָס איז אַ קאָפּ... דאָס פערשטעהט איהר שוין אליין, אז קיין בלאַסע געזיכטער און איינגעצוויגענע בייכער זעהט מען דאָ ניט — יעדער בעזוכער פון הערר פלאָקענס „מקום מנוחה" מוז זיין רויט ווי אַ בוריק און פעט ווי אַ

*) צילינדער־היט.

טערען זוהן איז אין דער צייט פון געפּילדער אריין א שמה פון א מחזור אין נאָז אריין אקוראט מיט'ן „וכל מאמינים שהוא", און ער איז געבליבען א פּאַנפּעוואַטער אויף אייביג.

אוי! גאָטעניו, טאַטע פּאָטער! פאר וואָס האָט זיך דיר פערגלוסט אז דוקא דער איד זאָל שטעהן אין שטאָל און בלאָזען דעם שטן פון שופר? אלס פריידענקער ערלויב איך מיר דיך צו פרעגען, וואָלט דען ניט בעסער געווען, אז דער איירישער אָדער דייטש־פּאָמפּע זאָל בלאָזען שופר? מיט איין בלאָז וואָלט ער דעם שטן ארויסגעבלאָזען און מטטרון אריין געבלאָזען, און די גאַנצע וועלט וואָלט געווען גליק־ליך און רוהיג. מיין פרינץ־אַלבערט וואָלט געווען גאַנץ און מיין יוקעלע וואָלט ניט געווען קיין פּאַנפּעוואַטער...

נו, געה פרעג קשיות ביי דעם רבונו של עולם!



קיינער האָט ניט געוואָלט זיין מציצה... די גרעסטע קאנדיל אזוי בע־
געוועזן פון איין זייט מיסטער קלמן זלמן קונעלקייער חרפה ובזיון...
האָט אַן אַפּים מיט דריי גילדערנע „גוליעס" און הין דער וועלט און אז
הייזער... און אַ חוץ דעם איז ער נאָך אַ למדן ראַוואַז!... מיר מוזען
רעאישע צייטונג. פון דער אַנדער זייט איז ני
ברוך טוביה לאָקשען־שמירער, אַ צדיק פון בען אויסגערופען אלע...
טען, אַ לענדלאָרד און סאַלון קיפּער געמאַכט ווערען בסוד... דער־
אויסערוועהלט דער רייכסטער פּעדלער טיג, וועלען מיר זיי אונטערטראָגען
צימבעלקראַצער, אַ איד אַ בעל טער דער נאַז... איהר פערשטעהט!...
אז מיסטער צימבעלקראַצ פערשטעהן... וואָס דען?!... דאַן איז
אזא קלאַפּ איבער׳ן טער למך טייפעלפינגער און האָט געזאָגט: „אַ
לעך וואָס זיינען... אַ שוהל דאָס איז שמאַטע... מיר מוזען האָבען
— האָט זיך יגען נאָמען... ווי וועט מען רופען אונזער שוהל?...
געזאָגט:- איך מיין, האָט געענטפערט מיסטער קונעלקייער, מען זאָל
הפען: „בית מקדש מעט"... דאָס הייסט, אַ ביסעל בית המקדש...
— אַ ביסעל! איך וועל געבען געלד און וועל זיך רייסען פון דער
בהויט און ביי אונז וועט נור זיין אַ ביסעל... אז מאַכען דאַרף מען
מאַכען אַ סך!...
— הערר טשערמאַן! האָט געזאָגט מיסטער טרייטעל פידעלקראַ־
צער, איך מיין אז עמנואל איז אַ נשקשה׳דיגער נאָמען...
— פי! עמנועל שמעקט מיט רעפאָרמאַטישע שוויים... בעסער
פון אלע נעמען איז הללויה!...
דאַן האָט מיסטער שמריה קנעפּעלפּליער געזאָגט: מיסטער
טשערמאַן, איך וויל שטעהן אויפ׳ן פלאָר!...
— שטעהט אויפ׳ן פלאָר!..
— איך מיין, אז הללויה האָט אויך אַ פּנים פון חוזק... דער בעס־
טער נאָמען איז: „אנקת מסלדיך קאָנגרעגיישאָן".
ווי מיסטער שמריה קנעפּעלפּליער האָט נור אויסגערעדט דיעזע
ווערטער האָבען זיך אלע מחיה געווען און זיינען שטאַרק איבערראַשט
געוואָרען פון פרייד; די הענט האָבען אליין אַפּלאָדירט, די פיס האָבען
געטאָפּעט, די גאָרגעלס האָבען געשריען „בראַוואָ!"... מיסטער
פידעלקראַצער איז ארויפגעפאַלען אויפ׳ן האלז מיסטער למך טייטעל־
פינגער... מיסטער קנעפּעלפּליער האָט אָנגעהויבען פון שמחה צו

געשטאָפּטע אינדיטשקע. דאָ ווייס מען שוין איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז ווער עס האָט ניט קיין ברייטען קאַרק און וועגט ניט קיין 230 פונט, איז אַ דראָנג און אַ טרעמפּ...

היינט קומט פאַר עטוואָס אומגעוועהנליכעס ביי ר' מיסטער פלאָקען אין הינטער צימער... עס איז געווים אַ געהיימע פערזאַמלונג... איינציגווייז גנב'ענען זיך אריין אין צימער פיינע אידען מיט גראָבע בייכער און גלענצענדע צילינדער־היט, זיי קוקען זיך אַרום פּאַרזיכ־טיג... און ווי זיי כאַפּען זיך אריין אין הינטער צימער פערשליסט זיך די טהיר און עס ווערט שטיל... הערר פלאָקען האָט שוין עטליכע מאָל צוגעלענט זיין אויער צום שלאָס און האָט אָבער געהערט אַ מכה... עס איז אַן אומגעוועהנליכע, געהיימע און וויכטיגע פערזאַמלונג...

פונקט אין דער מינוט האָט זיך געשטעלט אויף זיינע פיס מיסטער קוגעלקייער, אַ וואָהל בעקאַנטער פּראָצענטניק און לענד־לאָרד, און האָט שטיל, גאַנץ שטיל געזאָגט: שמעו נא רבותי! הערט מיך אויס מיינע העררען!...

2.

איהר דאַרפט וויסען, אַז מיט עטליכע טעג צוריק איז אויך גע־ווען אַ וויכטיגער מיטינג... יענער מיטינג איז פאָרגעקומען ניט אין הינטער צימער פון אַ רעסטאָראַן, נור אין אַ ספּעציאַלען מיטינג רום, וועלכער געפינט זיך אין בייסמענט פון דער נייער שוהל... איהר ווייסט דאָך אַ שפּאָגעל נייע שוהלכעלע, אַ צאַצקעלע, וועלכע האָט זיך ערשטע אויסגעבויט, וואו עס דאַווענט דער בעריהמטער קאַזיריווער־קער חזן, וואו עס דרש'ענט אַלע שבת דער זעלטענער קאַפּוליוּוקער מגיד... די שוהל איז בעקאַנט אונטער'ן נאָמען: טעמפּעל פון הנותן לשכוי בינה.

אָט אין דער שוהל „הנותן לשכוי בינה”, פון אונטען, איז גע־ווען אַ מיטינג פון די „פּראָמינענטע מעמבערס” פון הנותן לשכוי בינה „קאָנגרעגיישען”... אַלע מעמבערס זיינען געווען אויפגערעגט און צו־היצט — עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען זעהר אַ וויכטיגע זאַך. עס איז געווען, פערשטעהט איהר מיך „עלעקשענס” פון די שוהל אָפּי־סערס... מע האָט געדאַרפט אַ פּרעזידענט, אַ וויים פּרעזידענט, טרעזשו־רערס, טראַסטים... יעדער האָט געוואָלט זיין, ווי מע זאָגט סנדק, און

מיר קענען ניט דערלאָזען אז די תורה הקדושה זאָל אזוי בע־שמוצט ווערען און דאָס אידישקייט זאָל זיין צו א חרפּה ובזיון... מיר דארפען נאָך ווייזען אז גאָט לעבט נאָך אויף דער וועלט און אז מיר קענען נאָך אָבווישען דעם נאָז יעדען סמאראָוואָז!... מיר מוזען אויסבויען א נייע שוהל!

— א נייע שוהל! א נייע שוהל! האָבען אויסגערופען אלע...

טש! שרייט ניט!... עס מוז אָבגעמאכט ווערען בסוד... דער־נאָך, אז אלעס וועט שוין זיין פערטיג, וועלען מיר זיי אונטערטראָגען א נייע שוהל, ווי א פייג אונטער דער נאָז... איהר פערשטעהט!...

— יא! יא! מיר פערשטעהן... וואָס דען?!... דאן איז אויפגעשטאנען מיסטער למך טייפעלפינגער און האָט געזאָגט: „א שוהל וועט זיין... א שוהל דאָס איז שמאָטע... מיר מוזען האָבען א קנאָקענדיגען נאָמען... ווי וועט מען רופען אונזער שוהל?...

— איך מיין, האָט געענטפערט מיסטער קוגעלקייער, מען זאָל זי רופען: „בית מקדש מעט"... דאָס הייסט, א ביסעל בית המקדש...

— א ביסעל! איך וועל געבען געלד און וועל זיך רייסען פון דער הויט און ביי אונז וועט נור זיין א ביסעל... אז מאכען דארף מען מאכען א סך!...

— הערר טשערמאן! האָט געזאָגט מיסטער טרייטעל פידעלקראַ־צער, איך מיין אז עמנואל איז א נשקשה'דיגער נאָמען...

— פּי! עמנועל שמעקט מיט רעפאָרמאטישע שוויים... בעסער פון אלע נעמען איז הללויה!...

דאן האָט מיסטער שמריה קנעפּעלפליער געזאָגט: מיסטער טשערמאַן, איך וויל שטעהן אויפ'ן פלאָר!...

— שטעהט אויפ'ן פלאָר!..

— איך מיין, אז הללויה האָט אויך א פּנים פון חוזק... דער בעס־טער נאָמען איז: „אנקת מסלדיך קאָנגרעגיישאָן".

ווי מיסטער שמריה קנעפּעלפליער האָט נור אויסגערעדט דיעזע ווערטער האָבען זיך אלע מחיה געווען און זיינען שטארק איבערראשט געוואָרען פון פרייד; די הענט האָבען אליין אפּלאָדירט, די פיס האָבען געטאָפּעט, די גאָרגעלס האָבען געשריען „בראוואָ!"... מיסטער פידעלקראצער איז ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז מיסטער למך טייטעל־פינגער... מיסטער קנעפּעלפליער האָט אָנגעהויבען פון שמחה צו

האָט געגעבן דריי דאָלאַר צושטייער אויף אַ היינג־
געשטאָפּטע אינ· ווייטער איך... איך בין אַן עהרליכער איד און טו
אַז ווער עס האָט ני־ים שמים׳ס וועגן פון דעסטוועגן פאָדער איך,
איז אַ דראַנג און אַ ־יסעלעקשענען״ פאַר פּרעזידענט... איך האָב
היינט קומט פאַר ־דיענט מעהר פון די גראָבע יונגען, וועלכע
פלאַקען אין הינטער צימער ·־כעצין און ווילען אויף זיין פּרעזידענטען.
איינציגווייז גנב׳ענען זיך ארי· ־מיסטער טביה ברוך לאַקשענשמירער
בייכער אין גלענצענדע צילינדער־ ־ ־יט: אַ נו! טשערמאַן גיב מיר
טיג... און ווי זיי כאַפּען זיך אריין אַ־ ־י קונעלקייער שמירט. איך
זיך די טהיר און עס ווערט שטיל... הערר פּ־ וויל זיין פּרעזידענט?
מאָל צונעלענט זיין אויער צום שלאָס און האָט אָבע־ ־יין גבאי! אָט גיב
עס איז אַן אונגעוועהנליכע, געהיימע און וויכטיגע פּערז־ איך שענקען
פונקט אין דער מינוט האָט זיך געשטעלט אויף זיינע פ־ ־ינגקייטען,
קונעלקייער, אַ וואָהל בעקאַנטער פּראַצענטניק און לענד־לאָרד, א־ ־זשערע
שטיל, גאַנץ שטיל געזאָגט: שמעו נא רבותי! הערט מיך אויס מ־ינצט
הערען!...

.2

איהר דאַרפט וויסען, אַז מיט עטליכע טעג צוריק איז אויך גע־וועזען אַ וויכטיגער מיטינג... יענער מיטינג איז פאָרגעקומען ניט אין הינטער צימער פון אַ רעסטאָראַן, נור אין אַ ספּעציאַלען מיטינג רום, וועלכער געפינט זיך אין בייסמענט פון דער נייער שוהל... איהר ווייסט דאָך אַ שפּאָגעל נייע שוהלכעלע, אַ צאַצקעלע, וועלכע האָט זיך ערשטע אויסגעבויט, וואו עס דאַווענט דער בעריהמטער קאַזיריוור־קער חזן, וואו עס דרש׳ענט אַלע שבת דער זעלטענער קאַפּוליוּוקער מגיד... די שוהל איז בעקאַנט אונטער׳ן נאָמען: טעמפּעל פון הנותן לשכוי בינה.

אָט אין דער שוהל „הנותן לשכוי בינה״, פון אונטען, איז גע־וועזען אַ מיטינג פון די „פּראָמינענטע מעמבערס״ פון הנותן לשכוי בינה „קאָנגרעגיישען״... אַלע מעמבערס זיינען געוועזען אויפגערעגט און צו־היצט — עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגן זעהר אַ וויכטיגע זאַך. עס איז געוועזען, פערשטעהט איהר מיך „עלעקשענס״ פון די שוהל אָפיס־סערס... מע האָט געדאַרפט אַ פּרעזידענט, אַ וויים פּרעזידענט, טרעזשור־רערס, טראַסטים... יעדער האָט געוואָלט זיין, ווי מע זאָגט סנדק, און

קיצלען מיסטער טעפּעלשטופּער... און אליין מיסטער קלמן זלמן קוגעלקייער איז צוגעלאָפען צו דער טהיר און האָט אָנגעהויבען צו שרייען: מיינט ניט אז דער נייער פּרעזידענט קען ניט אזוי טראַקטירען ווי טבקע לאָקשענשמירער! סעי! מיסטער פלאָקען! ביער! וויין! פּלאַצינדעם! מאמאליגע!... עס לעבע די נייע קאָנגרעגיישען! עס לעבע די מסלדיך קאָנגרעגיישאָן!...

אָט דערפון האָט זיך אָנגעהויבען און דערפון האָט זיך אויסגעבויעט די נייע שוהל פון אנקת מסלדיך קאָנגרעגיישען!...



